דאָס בוך דערשיינט מיט דער הילף פון

וואָלף און טייבל גאָלדבערג, טאָראָנטאָ (קאַנאַדע)

פאַרלאַג י.ל. פרץ ישראל

וועלט ראַט פאַר יידיש און יידישער קולטור

ישעיהו שפיגל

# הימלען נאָכן שטורעם

נאָוועלן, עסייען און לידער

אַרויסגעגעבן דורכן
וועלטראַט פאַר יידיש און יידישער קולטור
תל־אביב, תשמ״ד 1984

# HIMLEN NOCHN SHTUREM

by

YESHAYAHU SPIEGEL

ישעיהו שפּיגל / הימלען נאָכן שטורעם

נאָוועלן, עסייען, לידער


I. L. Peretz Publishing House

14, Brener Str. Tel-Aviv, Israel

פאַרלאַג י. ל. פּרץ תל־אביב, רח׳ ברנר 14

פּאָרטרעט פון מחבר פון מאָלער  ב ע ן





נדפס בישראל 1984

Printed in Israel 1984

דפוס ניב בע״מ, שד׳ הר־ציון 104, תל־אביב

## הינטערן שוואַרצן טויער

ס׳איז געווען איינעם זעלביקן טאָג בעת מיין אַרעמע מומעביילע, די וועשין, האָט צוזאַמען מיטן טאַטן, מיך אַרויסגעפירט צו אַלטעלעס פלאַך קבר־בערגל אויפן ריינעם פעלד. דעם טאַטנס פנים איז געווען דעמאָלט ביינערדיק־איינגעפאַלן און איבערגעצויגן ווי מיט אַ גראָ־וויינענדיקן נעפּל. פון הינטערן דאָזיקן נעפּל האָבן די אויגן זיינע, פאַרדעקטע מיט אַ פייכטער האָניק־ברוינלעכקייט, אַרויסגעלאָזט פון זיך אויפן פנים קיילעכדיקע, קליינע טרערן. זיי האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט, די טרערן, ווי פאַרגליווערטע שווערע טראָפּנס בוים־זשיוויצע.

די גאַנצע צייט האָט דעמאָלט אין מיינע יינגלישע אויערן נישט אויפגעהערט צו מורמלען דאָס אויסבאַהאַלטענע קוועלעכל, ערגעץ ווו לעבן די קברים־בערגלעך צווישן די נידעריקע, קרומע מצבות. די אַ פלאַכע קברים־בערגלעך זענען תמיד מיר אויס פון דער ווייטנס ווי נידעריקע שטיגן, וואָס פירן אַוועק צום הימלבערג, דאָרט ווו ס׳קרייזן אָן אויפהער אויך איצט די קליינע קאָפּעליעס צוויטשערנדיקע, פריילעכע בית־עלמין־וורובליעס. טייל מאָל פאַלט דאָרט אַראָפּ ביים הימלראַנד אַ גרויסער בלאָער שאָטן פון אַ פאַרביישווימענדיקן וואָלקן. ביי די לעצטע שטיגן, וואָס נעענטער צו דער ערד, צעברעקלט ער זיך שוין אין פאַרשיידן־פאַרמיקע שוואַרצע פלעקן. אין מיינע יינגלישע אויגן ווערן אַלע פלעקן ווי איינגעבויגענע געשטאַלטן פון מענטשלעכע גופים, וואָס האָבן זיך קוים, קוים, נאָך לאַנגע פעלד־וואַנדערונגען, אַרויסבאַקומען פון צווישן די קברים־שטיגן. איצט זענען שוין אַלע געשטאַלטן אויסגעמישט מיטן הימל. זיי גייען אַריין אין זיין הויכער, טיפער הימל־בלאָקייט. זייערע פנימער בליקן שוין נישט מער אַהער, דאָ, ווו ס׳רוט דאָס גראָע, גרויסע פעלד

פון פעטער חילס טויטן־נחלה. כ׳האָב נאָכגעקוקט די פלאַטערנדיקע ווריבליעס־קאַפּעליעס, די וואַנדערנדיקע, אויסטערלישע וואַלקן־געשטאַלטן און האָב באַשיימפּערלעך געזען: דער שמאָלער הימל־האָריזאָנט האָט זיך פאַר זיי רחבותדיק געעפנט ווי אַ ברייטער בלויער טויער. אַלע געשטאַלטן זענען דאָרט איינציקווייז פאַרשווונדן הינטערן לעצטן שטיגן־בערגל, פאַרדעקט מיט דער טיפער, שיינער הימל־בלאָקייט, — אַלץ מחמת מיין ייִנגלישן, פאַרכּישופטן דמיון.

ביים נידעריקן בערגעלע פון אַלטעלען האָב איך געזען: די מומע ביילע דרייט אָוועק איר ווייס, דערשראָקן פנים פונעם טאַטן. דאָס האָט זי היינט אין דער פרי געזאָגט, פאַרן קומען אַהער אויפן פעלד, אַז ס׳איז שוין צייט מיך אַהיימצוגעמען פון פעטער חילס גיטער. דאָס וואָרט ,גיטער׳ האָט זי אַרויסגערעדט אַ ביסל שפּאַטיש, לאַנג און צעצויגן: ג־יי־ט־ע־ר... אין מיינע ייִנגלשע אויערן האָט דאָס וואָרט אָפּגעהילכט דין און צעשפּאָלטן און איינצייטיק אַזוי ברייט־רחבותדיק. דאָס וואָרט ׳גיטער׳ האָט אַרומגעפלאַטערט איבערן גרויסן בית־עלמין־שטח. פון די ערשטע שוואַרצע טויער־שטאַכעטן ביז צו די לעצטע שטיגן־בערגלעך. דאָס אַלץ זענען געווען דעם פעטער חילס גיטער. איך האָב געפּרווט דאָס וואָרט זיך איינחזרן, כּדי ס׳זאָל אַרויסקומען גראָד אַזוי ווי ביי דער מומע ביילע. אָבער מיין מומע ביילע, די וועשין, האָט געהאַט תּמיד איר אייגן, סודותדיקן אופן פון אַרויסברענגען אַלע ייִדישע ווערטער פון איר ווייבלעך־פאַרקלעמט, טרויעריק־עגוניש מויל. מן־הסתּם זענען אַלע ווערטער, וואָס קומען אַרויס פון איטלעכן איינגעפאַלן טרויערמויל, שוין לכתּחילה אַזעלכע איבערגעשראָקענע און האַלבע, גראָד ווי דער מומע ביילעס צעבראָכענע זיפצן, בעת זי פלעגט, למשל, נאָר דערמאָנען דעם נאָמען פון איר מאַן האָסקעלע, וואָס וועט שוין קיין מאָל נישט צוריקקומען פון דער מלחמה. פאַר וואָס האָט זי דווקא געוואָלט, אַז דער טאַטע זאָל מיך וואָס גיכער אַהיימנעמען פון פעטער חילס גיטער — איז מיר דעמאָלט נאָך נישט געווען קלאָר. מן־הסתּם איז עס געווען פאַרוועבט מיט יענעם טיפן וואַשקעלער און מיט דער צוגעגרייטער ראַגאַזשע, וואָס האָט איר געדינט פאַר אַ נאַכט־געלעגער, בעת דער

פעטער חיל פלעגט זיך לאַנגע שעהען אַרומדרייען הינטערן פאַרקראַטע־וועטן פענצטער פון וואַשקעלער מיט זיין תמיד אויפגעהויבענע שפּאַדל איבער די אַקסלען. און אפשר־אפשר איז עס געווען גאָר עפּעס אַנדערש, הלמאַי די מומע ביילע האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט מיך אַהיימשיקן, נאָך דעם ווי די מאַמע איז צוריקגעקומען פון שפּיטאָל ?

איצט, שטייענדיק אויפן ריינעם פעלד, האָט דער טאַטע לחלוטין נישט געזען די מומע ביילע, וואָרעם ער האָט די גאַנצע צייט אַריינגעקוקט אינעם אויסגעגלעטן נידעריקן בערגל פון אַלטעלען. זיינע ליפּן האָבן זיך פּאַוואָליע גענומען שטום באַוועגן אין דער נידער אַראָפּ ווי ער וואָלט דאָרט געציילט די צונויפגעקנוילטע ערדגרודעס. אפשר האָט דער טאַטע שטייענדיק אַזוי דעמאָלט געדאַוונט — און אויף אַזאַ אופן שטומערהייט גערעדט צו אַלטעלען ? צי קאָן מען רעדן צו די, וואָס רוען שוין אייביק אונטן, אויף זייער שמאָל, טיף־ערדיש געלעגער ? די גאַנצע צייט, בעת כ׳בין געווען ביי דער מומע חוה און פעטער חיל, האָב איך זייער אָפט געזען ווי די מענטשן אויפן ריינעם פעלד שטייען לעבן די מצבה־בערגלעך שטייף־אויסגעשטרעקטע, אָדער גאָר האַלב פאַרבויגענע — און אפילו ליגנדיקע אויף דער ערד. זיי מורמלען אַראָפּ אין דער נידער, צו די, וואָס רוען אונטן. דאָס רוב האָבן זייערע ליפּן נישט אַרויסגעבראַכט דאָס מינדסטע וואָרט, בלויז זייערע אויגן זענען די גאַנצע צייט געווען פאַרשלאָסן ווי זיי וואָלטן געשלאָפן. איך האָב דעמאָלט פאַרשטאַנען, אַז צווישן די, וואָס שטייען אויבן און די, וואָס רוען אונטן, איז אַוודאי פאַראַן אַ שטום לשון, אָן ווערטער. בלויז מיט פאַרשלאָסענע אויגן־לעדלעך איז מען מסוגל אין דעם אַ סודותדיקן לשון צו רעדן צו די פאַרשטאָרבענע. בלויז דאָ, אויף די בית־עלמין־פעלדער פון פעטער חילס נחלה, קומט דאָס דאָזיקע לשון מיט אַ דערשראָקענער ווינט־שאָרכעריי צווישן די סאָמעטענע, הויכע בית־הקברות־גרעזער. אפשר האָבן טאַקע אַזוי דעמאָלט די פאַרשטאָרבענע פון אונטן אָנפאַרטרויט צו די מענטשן אויבן אויך זייערע סודות אָן ווערטער. די שטומע פעלד־שטילקייט, דער נידעריק־געפאַלדעוועטער הימל און דאָס זילבערנע פייגל־צוויטשערן פון די פאַרביישוועבנדיקע וורובליעס־קאַפּעליעס — זיי אַלע

באַגלייטן אַוודאי הינטער די מענטשנס פאַרשלאָסענע אויגן דאָס אַ סודות־דיק־פאַרבאַרגן לשון־געמורמל פון די פאַרשטאַרבענע.

די מומעביילע האָט מיך געהאַלטן די גאַנצע צייט שטאַרק ביי דער האַנט. אירע וועשין־פינגער, אַ ביסל אָנגעשוואָלענע, זענען תמיד געווען אַזעלכע קיל־גליטשיקע. כ׳ווייס: די מומע ביילע האָט נישט קיין אָרט וווּהין צו גיין. אַזוי האָט געזאָגט דעמאָלט די מומע חוה. איז זי דערפאַר טאַקע פאַרבליבן אונטן, אינעם וואַשקעלער, אויף דער ראַגאָזשע. דאָרט, ווו דער פעטער חיל איז אָנומלט אַריינגעקומען מיט אַ גרויסן טאָפּ מאַלינעס — און מיך באַלד אַרויסגעשיקט פון קעלער. דער פעטער פּיוויש, דער ברודער פון דער מומע ביילע, אָט אָ דער, וואָס ליידט אויף דער פאַליקע, מחמת ער קאָן נישט וויינען — איז אַוועק אין הקדש אַריין. און איך — איך וועל מן־הסתם איצט גיין אַהיים, צו אונדזער ליידיקער באַלוטער שטוב. דאָרט שטייען נאָך אַוודאי די גרויסע בולמענ־טעפּ לעבן ליקל פון די מלאכים, ווו ס׳וועט שוין קיין מאָל נישט אַראָפּקוקן צוזאַמען מיט מיר אַלטעלע. כ׳וועל מער נישט הערן דאָס שפּיציקע זוזשן פון משהלעס ליימיק, געשפּאָלטן פּייפל פון הינטערן ווענטל; ס׳וועט שוין קיין מאָל, קיין מאָל מיך נישט קושן אַזוי אומגעריכט אין פּינצטערן פאַציאַטקע־פּרוזדורל דאָס קרומע, ביטערע מויל פון אלטעלעס שוועסטער — פון דער שטומער זלאַטע, וואָס איז אין הקדש מיט איר טאַטן — חיים־יוספן. אַלטעלע און משהלע רוען דאָ, אונטער די פאַרוואַקסענע שטיגן־בערגלעך פון פעטער חילס גיטער. און ס׳ערשטע מאָל האָט מיך אַ גרויסע, גלייזיקע בענקעניש, אַזאַ פלוצעמדיקע קלעמונג, מיט ייִנגלשע טרערן אַרומגענומען צו דיביידע פאַרשווונדענע, מער נישט לעבעדיקע פּנימער פון אַלטעלען און משהלען.

דערווײַלע האָט שוין אויפן ריינעם פעלד פאַוואָליע אָנגעהויבן אַראָפּ־צונידערן די ערשטע בית־עלמנישע הימלישע נאַכטבלאַקייט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די אַ נאַכטבלאַקייט מיט איר ווינט האָט גענומען אויסטריקענען פון מיינע אויגן־ווינקלען, מיינע ערשטע יינגלשע טרערן, מיר אַלע דריי האָבן גענומען אַרויסגיין פון פעלד און זייער גיך זיך דערנענטערט צום הויכן, אָפענעם שוואַרצן טויער. פון דער ווייטנס

האָבן צו אונדז אַהערגעלויכטן די אומצאָליקע הילצערנע פענצטער־צלמים פונעם ציגלנעם בנין, פון דאָרט, ווו ס׳ווינען אַלע בית־עלמין־לייט. דאָס לייכטן אַזוי צו אונדז אַהער נישט קיין טמאדיקע צלמים, נייערט די אָנגעצונדענע הילצערנע פענצטער־פראַמוגעס, אַריינגעבויטע אין דער סאַמע מיט פון די פענצטער. זיי זעען טאַקע אויס אין מיינע אויגן פון דער ווייטנס ווי אַריינגעשטעלטע פייערדיקע צלמים. דאָס האָבן אַוודאי אַזוי בסוד די אַ פייער־צלמים דאָרט אייגעמויערט זיי — די גוישע קברנים פון נאָענטן פוילישן צווינטער. וואָרעם זיי, די גוישע קברנים, זענען אויך מויערער, קאַלכמישער און ציגל־טרעגער ביים אויפשטעלן אַ בנין. דאָס האָבן זיי אַוודאי געוואָלט אויף אַזאַ אופן אַריינגנבענען אין די יידישע שטובן דעם טמאדיקן הילצערנעם צלם, כדי ער זאָל אַזוי אייביק בייז און שפּאָטיש וואַרפן פון די פענצטער זיין גיהנומדיק רויט פייער צו אַלע יידישע נפטרים אויפן רייִנעם פעלד.

ווי נאָר דער טאַטע און די מומע ביילע האָבן זיך דערנענטערט צום אַרויסגאַנג פונעם אָפענעם שוואַרצן טויער — איז אונדז פלוצעם אַנטקעגן געקומען דער פעטער חיל. די מומע ביילע האָט איצט איר האַנט שנעל אַרויסגענומען פון צווישן מיינע פינגער. זי האָט גיך גענומען פאַרריכטן מיט ביידע הענט דאָס קאָפּטיכל, און אַרויסגעוויקלט צום שטערן אַ טונקל־ברוינלעך האַרבינטל. איך האָב קיין מאָל נישט געזען ביי דער מומע ביילע, דער וועשין, אַזעלכע בלאַנקענדיקע האָר, וואָס האָבן איצט געלויכטן פאַר מיר פון אונטער איר קאָפּטיכל מיט אַ פאַליענדיקן אָפּשיין פון האָניק־קאָליר. פון זינט די מומע ביילע האָט געטראָגן אויפן האַרצן אָנגעהאַנגען אין אַ לייוונט, ווייס זעקעלע די צעקנייטשטע יידיש־בריוועלעך פון איר האַסקלען, וואָס וועט שוין מער נישט צוריקקומען פון דער מלחמה — האָט זי נישט אַראָפּגענומען פון אין קאָפּ דאָס געבלימטע טיכל, וואָס האָט פאַרדעקט אונטער זיך אירע שיינע, ברוינע האָר. פאַרמאָגן דען אַלע וועשינס אַזעלכע שיינע, פאַרבאַרגענע האָר, וואָס זיי באַהאַלטן אויס פאַר מענטשן? פאַר וואָס האָט די מומע ביילע פלוצעם איצט אַרויסגעשאַרט פון הינטערן קאָפּטיכל אַ האַרבינטל, בעת דער פעטער חיל האָט זיך צו אונדז דערנענטערט? איך

האָב אַפילו געזען ווי אירעביידע הענט האָבן גענומען אויסגלעטן די האַרטע פאַלדן פון איר שירץ, וואָס זי פלעגט נישט אַראָפּנעמען פון איר קיילעכדיקן גוף. פון דער רעכטער זייט, ווו איך בין געשטאַנען, האָב איך אַפילו דערזען אויף איר באַק פלוצעם אויפפלאַמען אַ שיטערע רויטקייט. אפשר האָט זיך די מומע פאַר עפּעס פאַרשעמט, ווארעם אויך איך, אַז איך ווער פאַר עפּעס פאַרשעמט — פאַרגיסט אַ הייסע רויטלעכקייט מיין ייִנגלש פּנים. און אפשר איז די רויטקייט געקומען פון דער אונטער־גייענדיקער זון שוין פונעם סוף הימלראַנד, פון וואַנען אַ וואָלקן האָט אַהערגעוואָרפן צו אונדז דעם אַ ראַזיקן פלאַם פון רויטקייט, פון דאָרט, ווו ס׳הייבן זיך שוין אויף די פלאַכע קברים־בערגלעך — די שטיגן צום הימל? און אפשר איז די רויטלעכקייט געווען גאָר אַ שרפהדיקע אָפּשפּיגלונג פון די פייערדיקע טמאַ־צלמים, וואָס האָבן זינדיק און העל געברענט אין די פענצטער פונעם רויטן בנין?

דער טאַטע איז געבליבן שטיין לעבן פעטער חיל. ער האָט צו אים אויסגעשטרעקט די האַנט, אָבער דער קברן האָט מחמת דער דעמערונג נישט געזען די הענגענדיקע האַנט אין דער לופט. דעם פעטער חילס קול האָט זיך געוויגט געדעמפּט און קיל אין דער האַלבער פינצטערניש:

— ה־מ־ה־מ... הייסט עס, משה, אַז נעמסט אים טאַקע שוין אַהיים, דעם תּכשיט?.. און איך וואָלט געמיינט...

ער האָט נישט פאַרענדיקט און גענומען בלויז אויסגלעטן זיין בלאָנדע געקרייזלטע באָרד. אינעם גיכן אַראָפּנידערנדיקן זונפאַגאַנג האָט די באָרד זיינע געהאַט ברענענדיקע ברעגקאַנטן. די אויגן זיינע האָבן צו מיר געלויכטן מיט אַ סודותדיק־קאַלט, גרין פייער, וואָס איז געקומען נישט פון די הויכע עלעקטריע־לאָמפּן ביים שוואַרצן טויער, נייערט פון גאָר, גאָר ווייט, אפשר גאָר פון די בלינצלענדיקע בית־עלמנישע שטערן אין די נאַכטהימלען, וואָס האָבן איצטער שטאַרקער שוין גענומען אַראָפּלייכטן איבערן נידעריקן, פינצטערן שטח פון פעטער חילס גיטער.

דער טאַטע האָט זייטיק אַ קוק געטאָן אויף ביילען, דערנאָך אויף מיר. זיין פּנים איז געווען קרומלעך־פאַרבויגן. פון דעסטוועגן האָט עס אויף מיר טאַטיש־וואַרעם געלויכטן אין דער דעמערונג. די מומע ביילע האָט

טיפער אַראָפּגעצויגן דאָס קאָפּטיכל איבער איר פּנים, בעת דער טאַטע האָט זיין קאָפּ גאָר נידעריק אַראָפּגעבויגן צו מיר, אַרומגענומען מיין אַקסל און מיר אריינגעפּליסטערט גלייך אין פּנים אַריין:

— מ׳עט פרעגן דעם בעל־דבר אליין... נו, שעיהלע, וואָס זאָגסטו ? ווילסט נאָך בלייבן אַ ביסל ביים פעטער חיל אויפן בית־עולם ? יאָ, צי ניין ? זאָג : ס׳איז דיר גוט דאָ, אמת ?.. און אפשר...

ער האָט איבערגעריסן זיינע רייד אין דער מיט. צי זאָל איך זאָגן, אַז מיר איז גוט דאָ, ביים פעטער חיל און ביי דער מומע חוה ? אַזאַ לאַנגע צייט — חדשים פון זומער און פון ווינטער, — האָב איך דאָך בישט געזען נישט דעם טאַטן און נישט די מאַמען. צו מיר אַהער איז קיינער נישט געקומען. געקומען זענען בלויז די, וואָס כ׳וועל שוין מער נישט זען : נישט אַלטעלען און נישט משהלען. צי זאָל איך זאָגן, אַז מיר איז דאָ נישט גוט, וואָרעם די מומע חוה זיצט זייער אָפט ביי נאַכט ביי מיין בעטל און וויינט ? פאַר וואָס וויינט תמיד די מומע חוה אַ פאַרבויגענע איבער מיר, דעמאָלט בעת איך בין שוין אַזוי נאָענט צום איינשלאָפן ? און אפשר דאַכט זיך מיר בלויז, אַז איך הער פון האַלבן דרעמל דאָס שטילע גריל־שלוכצעניש פון דער מומע חוה אין דער פינצטערער פּאַציאַטקע ? אָבער אַז כ׳האָב אַנומלט אויפגעמאַכט די אויגן פון האַלבן דרעמל, האָב איך געזען : זי זיצט, די מומע חוה, ביים בעטל, מיט אַ פאַרדעקט קליין טיכעלע איבער אירע אויגן. דער פעטער חיל זאָגט : די מומע חוה איז קראַנק. די לעבער ביי איר איז נישט גאַנץ. די נירן אירע זענען פויל. און זי איז דאָך איצט — זאָגט דער פעטער חיל — אין די הויכע חדשים. פאַר וואָס וויינט זי נאָר דעמאָלט ווען קיינער זעט נישט, און דווקא ביי מיר, איבערן בעטל ? די איינציקע, וואָס וויינט דאָ נישט און רעדט צו מיר אַזוי ווי די מאַמע — איז די מומעביילע. זי וויינט נישט, די וועשין. זי דריקט מיך אָפט בלויז צו איר בוזעם און קושט מיך אין מיינע טריבלעכע אויגן. דעמאָלט בעת זי טוט עס, לייכט ארויס פון איר רונדיק פּנים אַ פריידיקע ליכטיקייט מיט אַ פאַרבאָרגענעם סוד, וואָס בלויז איך און די וועשין קענען זיין זיסע זינדיקייט. אפשר זענען די טרערן פון דער מומע חוה און די פריידיקע ליכטיקייט פון דער

וועשין פֿאַרבונדן מיט מיר און אויך מיטן פֿעטער חיל, דעם קברן? צי איז די פֿריידיקע ליכטיקייט פֿון איין מענטשן תּמיד דער טריבער קוואַל פֿון טרערן ביי אַ צווייטן? בעת די מומעביילע פֿלעגט מיך דריקן צו איר וואַרעמער ברוסט, קושן די אויגן, האָב איך תּמיד געזען פֿאַר זיך: די מומע חווה זיצט אַ וויינענדיקע מיטן פֿאַרדעקטן טיכל איבער אירע אויגן. דעמאָלט פֿלעג איך אָפּט אויך הערן ווי פֿון איר וואַרעמער וועשין־ברוסט גייט דאָס שטילע פֿליסטערן פֿון די צונויפֿגעקנייטשטע ייִדישע בריוו־בייגעלעך פֿון פֿעטער האַסקל, פֿון איר מאַן, וואָס איז שוין טויט. די בריוועלעך מיט זייער פֿאַפּיר־פֿליסטערניש האָבן תּמיד בלויז אויף אַ רגע איינגעלאָשן אויף איר פּנים די פֿריידיקע אויפֿגעשפּראָצטע ליכטקייט. זי האָט איינגעשטילט זייער פֿליסטערן טיפֿער אין איר ברוסט — מיט נייע, פֿייכטלעכע קושן איבער מיין פּנים.

דאָס אַלץ איז אַדורך מיין ייִנגלשן דמיון בעת אַלע דריי זענען געשטאַנען אַרום מיר און געוואַרט. אַז מען וועט מיך אַהיימנעמען וועל איך דאָך זיין אַזוי ווייט פֿון אַלטעלען, פֿון משהלען, פֿון מינדלען און פֿון סודותדיקן ווינקל לעבן טהרה־שטיבל. איז מיר טאַקע גוט דאָ, אַפֿילו אַז די מומע חווה וויינט יעדער נאַכט ביי מיין בעטל. מיר איז גוט דאָ, ביים פֿעטער חיל. אַפֿילו דעמאָלט בעת כ׳שפּרינג צוזאַמען מיט מינדלען איבער די צוגעגרייטע, אָפֿענע גריבער אויפֿן בית־עלמין. תּמיד בין איך דאָך אַזוי נאָענט צו אַלטעלען און אויך צו משהלען. ניין, מיר איז גוט דאָ. זייער גוט. זייער גוט...

איך בין געווען אַרומגערינגלט פֿון די דריי מענטשן, וואַרטנדיקע אויף מיין ענטפֿער. דער קברן איז געשטאַנען גאָר נאָענט לעבן דער מומע ביילע. אָפּגערוקט אַ ביסל פֿון איר — דער טאַטע, און איך — אין סאַמע מיט. אַ פֿעלדווינט האָט צעשויבערט מיינע אַראָפּהענגענדיקע האָר ביי די שלייפֿן, אַז כ׳האָב אַפֿילו געהערט זיין ווינטשעפּטשען. צי זאָגט ער מיר נישט עפּעס אונטער, דער ווינט, איצטער, בעת מיין צונג איז אַזוי געליימט און די ליפּן עפֿענען זיך גאָרנישט? אַלע דריי אַרום מיר שווייגן. זיי וואַרטן אויף מיין תּשובה. אין דער רגע האָט דער פֿעלדווינט שטאַרקער אָנגעהויבן צו זושען אַרום מיינע האָר. דאַכט זיך, אַז ס׳האָט

ערגעץ ווו אַ בליק געטאָן הינטערן שוואַרצן בית־עלמין־טויער. די לופט איבער אונדז איז געוואָרן שטאַרק ציטערדיק. אירע אַ כוואַליע האָט מיט אַ ווילגאַטנעם טל־אָטעם פאַרשפּאַרט און נאָך מער פאַרשלאָסן מיינע ליפּן. דעמאָלט האָט דער טאַטע אויף ס׳ניי זיך צו מיר איינגעבויגן. מיט צוויי פינגער האָט ער אַרויפגעהויבן צו זיך מיין אַראָפּגעלאָזטן קין.

— נו, וואָס שוויגסטו ?.. ווילסט נאָך בלייבן דאָ אַ ביסל, יאָ, צי ניין ?..

איצט האָט די מומע ביילע זיך אָפּגערופן. איר קול איז מער נישט געווען ראַציק ווי תּמיד, נאָר ווייך, וואַרעם־מאַמעדיק און וויגנדיק. אפשר דערפאַר וואָס דעם פעטער חילס אָרעם האָט ענגער אַרומגענומען אין דער האַלב־פינצטערניש איר פאַרבויגענע וועשין־פּלייצע ? איר פּנים איז געווען געווענדט צום טאַטן.

— זעסט דאָך, משה, אַז ער איז אַ שווייגער... אין וועמען געראָט ער אַריין ?... אַוודאי אין דיין גיטעלע. כ׳מיין, אַז...

— וואָס מיינסטו, ביילעשי ?.. — האָט דער פעטער חיל געלאָזט הערן זיין ווייך אל־מלא־רחמים־קול. ער האָט נישט אַראָפּגענומען זיין רעכטן אָרעם פון איר פּלייצע און מיט דער לינקער האַנט אַ גלעט געטאָן דעם שפּיץ פון דער קאָפּ־פאַטשיילע, וואָס האָט פאַרדעקט אירס אַ האַלב פּנים.

— כ׳מיין, כ׳מיין, אַז ער וואָלט נאָך געקענט בלייבן אַ פּאָר טעג מיט מיר. ביז גיטל וועט קומען צו די כּוחות. זי איז נאָך אַוודאי שטאַרק אָפּגעשוואַכט נאָכן שפּיטאָל.

דער טאַטע האָט אויף ס׳ניי מיך אַרומגענומען ביים האַלדז, מיך מער נישט געפרעגט וועגן אַהיימגיין. מן־הסתּם האָט ער אויך אַזוי געוואָלט ווי די מומע ביילע. ווי גוט וועט מיר איצט ווידער זיין דאָ, ביים פעטער חיל, ווו ס׳איז פאַר מיר אויפגעגאַנגען אַ פאַרכישופטע, בייע וועלט. נישט אַזאַ ווי זי איז געווען אין אונדזער שטוב, ביים ליקל פון די מלאכים און לעבן די הויכע שטוביקע בלומענטעפּ.

דערווייליע האָבן מיר זיך אַלע שוין געהאַט זייער גיך דערנענטערט צום רויטן, ציגלנעם בנין, ווו ס׳ווינען די בית־עולם־לייט. די הילצערנע צלמים אין די פענצטער האָבן אונדז אַנטקעגנגעפּלאַקערט מיט אַ שטאַרק,

שאַרף פייער. אפשר איז עס גאָרנישט דאָס הויז פון די בית־עלמין־לייט, נאָר דער ברענענדיקער פּרוזדור, וואָס פירט גלייך צום גיהנום? איך האָב געוווּסט, אַז נאָר אין גיהנום לעשט זיך קיין מאָל נישט אויס דאָס רויטע פייער פון די ברענענדיקע סמאָלע־קעסלען פאַר אַלע רשעים און זינדיקע, וואָס שטאַרבן אויף דער ערד. אין מיין דעמאָלט ייִנגלשן דמיון האָב איך נישט געזען קיין לעבעדיקן רשע. איך האָב בלויז געהערט פון זיי אין דער אָרעמער שטוב פון חיים־יוספן, פון דעם, וואָס שטייט ביי דער שול און בעט בסוד נדבות. פאַר מיר זענען דעמאָלט אַלע געשטאָרבענע אויפן פּעטער חילס בית־עולם געווען צדיקים, מענטשן הייליקע און ריינע. למשל: משהלע, אַלטעלע און אַלע אָרעמע־לייט, וואָס מ׳האָט געברענגט אַהער פונעם הקדש. צי זאָל זיך אינעם רויטן הויז אויסבאַהאַלטן צווישן די באַוווינערס עמעצער, פאַר וועמען ס׳איז אָנגעגרייט דאָס רויטע פייער פון אייביקן גיהנום? ווער קאָן דאָס זיין? צי ווייס מען וועגן די רשעים בלויז דעמאָלט, בעת זיי זענען שוין אויפן וועג צום גיהנום?

דער טאַטע איז שוין לאַנג נישט געבליבן. ביים געזעגענען זיך האָט ער מיר אַ קוש געטאָן — אַ שנעלן, פייכטן קוש פון זיין פאַרשלאָסן, קאַלט מויל. דאָס רויטע שטובליכט הינטער די פענצטער־צלמים האָט מיר געברענט אין די אויגן. איך בין אריינגעשווומען אין אַ פייערדיקער וועלט, ווו סודותדיקע מענטשן האָבן אויפגעהאָנגען די אַ זינדיקע צלמים. ווער ווייס וואָס זייער רויט פייער וועט נאָך אָנטאָן די קברנים און אַלע בית־עולם־לייט. בעת מיר זענען אַלע דריי — שוין אָן דעם טאַטן — אריין אין קאָרידאָרל, ווו ס׳איז געווען דער וואַשקעלער פון דער מומע ביילע, האָט אַלץ נאָך די מומע נישט אַרויסגעלאָזט מיינע פינגער פון איר האַנט. ביידע, דער פעטער חיל און די וועשין, זענען געבליבן שטיין אין דער קאָרידאָר־פינצטערניש און איך האָב געהערט ווי די מומע ביילע פרעגט דעם פעטער חיל:

— וואָס מאַכט זי, דיין חוה? ז׳עט טאָקע איז אַזאַ מעמד גיין אויף אַן אָפּעראַציע?

דער פעטער חיל האָט לאַנג געשוויגן. מיר איז אויסגעקומען, אַז

זיין שווייגעניש איז אויך אַ שטיק פינצטערניש, וואָס קומט פונעם קעלער און פון פּרוזדור. איך ווייס נישט פאַר וואָס. איך האָב שוין לאַנג פאַרגומען, אַז צו מאָל ווערט אַרום מיר די שטילקייט, דאָס שווייגן, די שטומקייט פאַרוואַנדלט אין קאָלירן — אין פינצטערניש, אָדער אין ליכטיקע, זוניקע שטראַמען. אַפילו די שטענדיקע שטומקייט אין מיר איז אויך געווען אין איר פאַרשלאָסנקייט אַ פליסנדיקע טונקלעניש און פינצטערניש, און ווידער אַזאַ ליכטיק־העלע פאַרפלייצעניש, ווי אַ זון וואָלט זיך צעפּיצלט מיט איר וואַרעם ליכט פון הינטער אַ שוואַרצן וואָלקן. מן־הסתּם בין איך קראַנק נאָך פון די גאַר ערשטע קינדער־יאָרן — נאָך פון דעמאָלט, בעת אַלטעלע האָט געלעבט און משהלע האָט געהאַט אויף זיין האַלדז אָנגעהאַנגען דאָס ליימיקע פּייפל; זינט דעמאָלט הער איך און זע די שטילקייט אין כלערליי פאַרבן און אַלץ וואָס איז קאָליריק און לעבט אַרום מיר, באַקומט אָפט אויך אַ שטראָמיקע פינצטערניש, אָדער אַ זוניקע ליכטיקייט פון גרויל און כּישוף.

פּלוצעם איז דאָס קול פונעם קברן אַרויסגעשווומען פון דער קעלער־פינצטערניש און געפלאָטערט איבער מיין קאָפּ ווי אַ נידעריק־פלאַטערנ־דיקער שוואַרצער פויגל.

— כ׳האָב מורא, ביילע, כ׳האָב מורא, אַז פון חוהן... אַז מיינע קינדער וועלן, חלילה, ווערן יתומים. זיי וועלן דאַרפן האָבן אַ צווייטע מאַמע. מיט יעדן טאָג גייט זי מערער איין. זי וויינט און קלאָגט און וויל נישט גיין אין שפּיטאָל. זי האָט מורא פאַרן מעסער. זי הייסט מיר בלויז רייסן קברים. אָפט נעמט זי מיך אָן ביי די הענט און באַשווערט מיך מיט טרערן: חילעשי קרוין — זאָגט זי — און איך זע ווי איר פּנים איז פאַרגאָסן מיט טרערן — כ׳באַשווער דיך, חילעשי... לאָז מיך שטאַרבן אויפן אייגענעם בעט. כ׳וויל נישט שטאַרבן אונטערן מעסער אין שפּיטאָל. כ׳ווייס ווער ס׳וועט זיין אַ מאַמע צו מיינע יתומים. האַסקל וועט שוין קיין מאָל נישט צוריקקומען. ביין, ער וועט שוין קיין מאָל נישט אַהיימקומען.

די מומע ביילע האָט קוים אַ זיפץ געטאָן. דאָס איז געווען אַ זיפץ אַ דראַבנינקער, אַ שוואַכער ווי דאָס וואָלט נישט געווען אַ מענטשלעכער

זיפץ, נייערט אַ האַלב־אָפּגעבראָכענער אָטעם פון אַן איינגעבראָכן קול. איצט איז מיר געוואָרן קלאָר הלמאַי די מומע חוה וויינט ביי מיין בעטל אין די נעכט. זי האָט מורא פאַרן מעסער. פאַר וועמענס מעסער? און ווער האָלט אויסגעשטרעקט דאָס מעסער אַנטקעגן דער מומע חוה? פאַר וואָס שושקען זיך אַזוי ביידע — די וועשין און דער קברן — דאָ, אין דער פינצטער, לעבן פאַרמאַכטן וואַשקעלער, וועגן דער קראַנקער מומע חוה? זיי זעען ביידע גאַרנישט אַז איך שטיי צווישן זיי. איך זע אויך ווי אַ לאַנג, שאַרף מעסער פאָכעט איבער דער מומע חוה. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז צווישן די ביידע אין דער פינצטער געשעט עפּעס נישט גוטס, עפּעס אַזוינס, וואָס האָט צו טאָן מיטן דאָזיקן מעסער, מיט שטאַרבן, מיט קברים, מיט אַ שבועה, מיט יתומים און מיט אַ נייער מאַמען, וואָס דאַרף קומען פאַרן פעטער חילס קינדער. צי וועלן ביידע נאָך לאַנג שטיין אַזוי אין דער פינצטער, מיט די פּנימער אַזוי נאָענט צו זיך און שעפּטשען איבער מיין קאָפּ אַן אויפהער די דעמאָלט אַזוי פאַר מיר אומפאַרשטאַנדלעכע ווערטער?

דער פעטער חיל איז איצט אַראָפּ די פאַר שטיגלעך צום וואַשקעלער, בעת ער האָט אַרומגענומען די מומע ביילע ביי די אַקסלען. די וועשין האָט אַ האַלב־ברוגזע זיך געוועדט און שטיל אָפּגערופן:

— חיל, לאָז אָפּ. נישט היינט. אויבן — גייט זי אויס דיין חוה. געציילטע טעג. כ׳זע, זי ווייסט אַלץ. דערפאַר וויינט זי גאַנצענע טעג. האָב גאָט אין האַרצן. לאָז אָפּ חיל. נישט היינט...

אַ ווײַלע איז געווען שטיל. די פינצטערע שטילקייט לעבן וואַשקעלער האָט געהאָט אין זיך אַ גליטשיקע שלעכטע סודותדיקייט. פון דער אַ סודותדיקייט האָבן אָנגעהויבן פאַר מיינע אויגן אַרומצופלאַטערן פייער־בליצן, ווי דאָס וואָלטן געווען פייערדיקע שמעטערלינגען מיט זייער געהיים, אויסטערליש זשומעריי. פון דער מומע ביילעס ווערטער: „נישט היינט. אויבן גייט זי אויס — דיין חוה. געציילטע טעג. זי ווייסט אַלץ. דערפאַר וויינט זי. לאָז אָפּ חיל, נישט היינט...״ — פון די דאָזיקע געציילטע, אָפּגעהאַקטע ווערטער האָב איך פאַרנומען אַז צווישן דעם קברן און דער וועשין געשעט אַזוינס, וואָס האָט אַ שייכות מיטן

שטענדיקן וויינען פון דער מומע חוה און זי איז דערפאַר אומגליקלעך אין איר מעוברתדיקן מצב. כ׳האָב זיך דערמאָנט אין פעטער פּייוויש, דער מומעביילעס ברודער, דער וואָס ליידט אויף דער פאַליקע ווייל ער קאָן נישט וויינען. ווען ער וואָלט געקענט וויינען — וואָלט ער מן־הסתּם נישט געווען קראַנק. בעט ער צו גאָט אַז ער זאָל אים בענטשן די אויגן זיינע מיט טרערן. און די מומע חוה? זי בעט אוודאי צו גאָט, אַז ער זאָל איר אָפּווישן די טרערן, וואָרעם זי האָט זיי צו פיל. אַז זי וועט באַפרייט ווערן פון זיי, וועט עס אוודאי זיין די הייליקסטע תּפילה, וואָס גאָט איז נאָכגעקומען איר צעבראָכן האַרץ. פאַר וואָס פאַרנעמט נישט גאָט די תּפילה פון טרערן? נישט ביים פעטער פּייוויש און נישט ביי דער מומע חוה? צי דערגרייען קיין מאָל נישט אַזעלכע טרערן־תּפילות צו גאָט?

דער פעטער חיל האָט זיך פּלוצעם אָפּגערופן:

— ביילעשי, חוה איז אויס מענטש. אויס ווייב. און איך דאַרף אַ מאַמע. אַ ווייב.

— זינדיק נישט מיט די רייד — האָט זי צו אים שטיל געשעפּטשעט — זינדיקסט מיט די רייד. מע דאַרף אַזוי נישט רעדן וועגן חוהן. אַ מאַמע צו דיינע קינדער. גאָט קאָן פאַרנעמען איר געוויין און זי וועט נאָך זיין אַ געזונטע מאַמע.

און נאָך אַ רגע שעפּטשעט זי שוין אַ ביסל העכער:

— ס׳איז אַלץ אין דעם אייבערשטנס הענט. כ׳וויים נישט וואָס ס׳טוט זיך מיט מיר, אַז דו קוקסט אויף מיר. כ׳ווער אין גאַנצן אויס ביילע. אויס מענטש. מיינסט אַז האָסקל וועט טאַקע נישט צוריקקומען? און טאָמער קומט ער יאָ צוריק? מען קאָן גלייבן אין פאַניעס שוואַרצער בשׂורה, אַז ער איז פאַרלוירן געגאַנגען אויפן פראָנט? דאָס האַרץ זאָגט מיר אָן טאַקע נישט קיין גוטס. און אפשר האָט דאָס האַרץ אַ טעות? אוי, חוה, חוה, גאָטס רחמנות אויף איר. האָסט גאָרנישט קיין האַרץ פאַר איר אין אַזאַ מעמד? דו זינדיקסט קעגן גאָט, חיל. דו זינדיקסט קעגן אַ מאַמען פון קינדער. דו זינדיקסט קעגן אירע טרערן.

זי איז חרוב־קראַנק — און דיך, דיך, פּרעסט די בייזע יוכע. גאָט זאָל אונדז ביידן מוחל זיין. דו ציסט מיך אריין אין גיהנום, חיל.

אויף די דאָזיקע ווערטער האָט דער קברן גאָרנישט נישט געענטפערט. די פינצטערניש אַרום אונדז איז געוואָרן טיפער, געדיכטער און געזשיפּעט מיט הייסע אָטעמס פון דיביידנס צוגעטוליעטע קעפּ.

דער פעטער חיל האָט מיך אין דער פינצטער אַרומגענומען ביים האַלדז און הייס געמורמלט:

— כ׳על דערווייל שעיהלען אַרויספירן שלאָפן. און דו — פאַרריגל נישט די טיר, ביילע. הערסט ?

די מומע ביילע איז פאַרשוווּנדן מיט די עטלעכע שטיגלעך, וואָס פירן אַראָפּ צום וואַשקעלער, בעת דער קברן האָט מיך גיך אַרויפגעוואָרפן אויף זיינע אַקסלען, ווי ער פלעגט עס תּמיד טאָן, און אַרויפגעטראָגן צו דער מומע חוה.

אַז מיר זענען ביידע אַריין אין חדר פון דער מומע חוה האָט זי אַפילו נישט אויסגעדרייט צו אונדז איר קאָפּ. זי איז געשטאַנען ביים גרויסן נאַקעטן טיש און אַפילו נישט געזען ווי איך בין שטיין געבליבן הינטער איר. זי איז געשטאַנען אין בלויזן, לאַנגן נאַכטהעמד, פון וואַנען ס׳האָט זיך אַרויסגעהויבן ווי אַ שפּיציק פעלדבערגל איר מעוברתדיקער בויך. אין דער שטוב איז געשטאַנען אַ פאַרגליווערטע, שפּעטע אָסיענקעלט, נאָענט צו ערב־ווינטער. זי האָט געמוזט אוודאי נאָר וואָס פאַרלאָזן דאָס בעט, וואָרעם דאָס הויכע בעטגעוואַנט איז געווען צעוואָרפן און פאַרשאַרט אין סאַמע מיט. זי האָט געשניטן גרויסע שטיקער ברויט מיט אַ לאַנג קיכנמעסער און דאָס ברויט געלייגט שטאָפּלווייז אין אַ בלאָען, טיפן פאַלמיסעק. דערנאָך האָט זי דאָס מעסער אַריינגעלאָזט אין אַ הויכן גלעזערנעם סלוי און פון דאָרט ביסלעכווייז אַרויסגענומען געדיכט איינגעמאַכטס פון רויטע מאַלינעס. דאָס איינגעמאַכטס איז געווען שיטערלעך און פּאַוואָליע גערונען רויטלעך איבערן מעסער. פון דער סטעליע האָט איבער איר פולער איינגעבוקטער געשטאַלט אַראָפּגעלויכטן דאָס אָפּגעהאַקטע בלאַס־גרינלעכע ליכט פון אַ גרויסן בליצלאָמפּ, וואָס איז געהאַנגען הויך איבערן טיש. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דער בליצ־

לאָמפּ איז גאָר אַן אָנגעהאָנגענע, גרויסע לבנה, וואָס ווייַנט מיט איר צעשניטן ליכט איבער דער מומע חוהס איינגעבויגענעם קאָפּ. בעתן שמירן דאָס ברויט מיט די צעקאָכטע מאַלינעס האָט זי די גאַנצע צייט נישט אויפגעהערט אַרייַנצוקוקן אַ פאַרגליווערט־פאַרדרעמלטע אינעם שפּיץ פונעם רויטן מעסער. דאָס גרויסע קיכמעסער האָט שאַרף געבלאַנקט אונטערן בליצלאָמפּ מיט אַ נישט גוטער, צערייצטער רויטער, ליכטיקייט אויף דער מומע חוהס קאָפּ.

✶

דערווייל איז די צייט געפלאָסן און געפלאָסן, אַזוי ווי דאָס שמאָלע מוטנע וואָסערל נישט ווייט פון הינטערן פּוילישן צווינטער, ווו מען זעט נישט דעם וואָסערלס אָנהייב און נישט זיין סוף. וועגן דעם אַ מוטנעם, שמאָלן הינטערצווינטערשן וואָסערל האָב איך זיך אָנגעהערט די אויס־טערלישסטע פאַרלויפעניש. אַלע קברנים־לייט האָבן מיט פאַרשלאָסן האַלב פאַרגלאָצטע אויגן מיר אין פרייע מינוטן דערציילט, אַז דאָס מוטנע וואָסערל שטאַמט נאָך פון גאָר אַלטע, אַלטע צייטן, בעת אין פּוילן־לאַנד האָבן געקיניגט מלכים. זיי, די מלכים, צוזאַמען מיט זייערע קרוינען און גילדענע סצעפּטערס, האָט מען באַגראָבן טאַקע אויפן צווינטער, פון וואַנען זיי פלעגן יעדע נאַכט אַרויסגיין פון זייערע פאַרזיגלטע טרונעס און ביי דער פולער לבנה זיך טובלען אין דעם נאָך ריינעם, שמאָלן וואָסערל. איינער פון די יידישע קברנים, דער בלינדער יואל, מיט זיין איינציק אויסגערונען אויג האָט געטענהט, אַז דאָס איז מסתמא אַ מעשה און אַז דער אמת איז גאָר אַזאַ: ביי נאַכט קומט אַן צו שווימען אַ נידעריקע לאָדקע, וואָס זעט אויס ווי אַ טראָטווע. אויף איר ליגן קופּעס מתים. די מתים שווימען אַהין און צוריק אַ גאַנצע נאַכט, ביז דער ערשטער מאָרגן־שטערן באַווייזט זיך איבערן צווינטער. און אויך דערפאַר רופט מען פון לאַנגע צייטן דאָס וואָסערל: די לאָדקע. פון די מתים, וואָס זענען געשווומען אויף דער אַ לאָדקע, האָט מען שפּעטער אַ נאָמען געגעבן דאָס קליינע שטעטעלע לאָדזש, וואָס מיינט פּויליש לשון: אַ לאָדקע. אָבער דער הויפּט איז מיר פאַרבליבן פון יענע ערשטע יינגלשע

צייטן די אויסטערלישע מעשׂה, וואָס ס׳האָט מיר דערציילטביים שוואַרצן טויער משה־אהרון, דער קאַליקע אָן פיס, מיטן גרויסן נדבה־טעלער, וואָס ער האָט געהאַלטן תּמיד נאָענט ביים אונטערשטן בויכטייל.

משה־אַהרון דער קאַליקע איז געווען אַ פריילעכער ייִד, מיט אַ רויט שיין פּנים, פון וואַנען ס׳האָבן אַרויסגעלאַכט אָן אויפהער זיינע שטאַרק־באַברעמטע פריילעכע אויגן. ער איז געזעסן צווישן אַלע נדבה־בעטלער אַרומגערינגלט ווי אַ געקריינטער פּרינץ און אָן אויפהער דער־ציילט מעשׂיות וועגן אָפּגעקומענע גבירים, וועגן פאַרשטעלטע גזלנים וואָס זענען געווען צדיקים, וועגן כּלה־מיידלעך, וואָס ווערן פּלוצעם יונגע־לייט מיט לאַנגע בערד. אָבער צום מערסטן האָט ער ליב געהאַט צו דערציילן וועגן די ייִדישע נפטרים, וואָס מען ברענגט זיי אַהער אין די שוואַרצע וועגעלעך אויפן גוטן־אָרט. און טאַקע ער, משה־אהרון, האָט בסוד־סודות מיר אָנפאַרטרויט, אַז אַלע ייִדישע מתים, אַחוץ די גבירים, גייען ביי נאַכט אַרויס פון זייערע קברים, לאָזן זיך שערענגעווייז צום שמאָלן טייכל און דאָרט וויינען זיי אריין אינעם וואַסערל אַ גאַנצע נאַכט. זיי טוען עס אַזוי לאַנג, ביז עס קומט אַ פאַליע אָן אָנגעפילטע מיט זייערע טרערן און שטראָמט אַוועק העט, העט היגטערן בערגל, גלייך צום כּסא־הכּבוד פון רבונו־של־עולם. דעמאָלט גייט־אויף דער מאָרגן־שטערן איבערן ייִדישן בית־עלמין. אַלע ייִדישע טויטע גייען צוריק אַריין אין זייערע עדרישע הייליקע געלעגערס און שמייכלען זייערע טויטע שמייכלען, ביז משיח וועט קומען. נאָר בלויז זיי, די גבירים, וואָס ווילן נישט געבן אַ נדבה אַפילו דעמאָלט, ווען זיי פירן אַרויס אָן אייגענעם דורכן שוואַרצן טויער, זיי, די גבירים, גייען נישט צוריק. זיי פאַלן אַריין אין די שמאָלע וואַסערן, וואָס פירן זיי אַוועק גלייך צום סאַמע דנאָ פונעם סמבטיון, וואָס רוט קיין מאָל נישט.

✶

די טעג זענען פּלוצעם געוואָרן קירצער און איינגעשרומפּענער. פון די אַרומיקע פּוילישע פלאַכע פעלדער און דינע הויכגראָזיקע לאָנקעס האָט אַ גאַנצן טאָג געצויגן אַ פליסיקער, שיטערער נעפּל. דאָס זענען די שיינע זילבערנע נעפּלען פון שפּעטן פּוילישן יעשען. זיי זאָגן אָן דאָס פרי־ע

קומען פון ווינטער. באַלד וועט ער אַרויסשיטן פון זיינע ברייטע נעפּל־
אָרעמס אַ יונג־געבוירענעם שניי. אין די נעכט האָט נאָך אָפט געשטורעמט
פאַר די פענצטער: האַגל, וויכערס, בליצן און ווייטע לעצטע יעשען־
דונערס האָבן געשניטן די פינצטערניש, וואָס ליגט הינטערן הויכן, שוואַרצן
טויער. פלוצעם האָבן די רעגן־שטורעמס אין גאַנצן אויפגעהערט. אַ
נאַכטפראָסט, אַ זילבערנער, אַ בלישטשענדיקער און אַ צניעותדיקער, איז
נאָך לאַנג געהאַנגען אין די פאַרטאָגן אויף די דעכלעך, קשאַקעס, קרומע,
אַלטע מצבות און אויף די נידעריקע אוהלס פון הייליקע יידן.

אין די דאָזיקע טעג האָבן די בית־עלמין־לייט שוין ביי צייטנס
געהאַט אַרויפגעצויגן אויף זיך די שווערע, ווינטערדיקע מלבושים, וואָס
זענען געלעגן דעם גאַנצן זומער פאַרשטעקט אין אַלטע שאַפעס, טשעמאָ־
דאַנעס און שוועך־געפלאָכטענע קוישן. זייערע ווינטער־מלבושים זענען
פון אַלטקייט שוין געווען שטאַרק־געלאַטעטע, צעדריבלטע און געל־
געוואָרענע וואַטע־קנוילן האָבן פאַרייאושטע אַרויסגעקוקט ביי די צערי־
בענע ברעגעס. פון די מלבושים האָט געיאָגט אַ שאַרפער, ווילגאַטנער
ריח פון שימל און פוילעניש. צווישן די אַלע קברנים האָט בלויז דער
פעטער חיל געטראָגן אַן אויסטערלישן, שווערן, בגידישן טכוירפעלץ,
וואָס איז צו אים איבערגעגאַנגען בירושה פונעם עלטער־פעטער פנחסל —
דעם ערשטן קברן אויפן נייעם יידישן בית־עלמין. די מומע חוה האָט דעם
פעלץ אַלע יאָרן, נאָכן טויט פון טאַטן, גלופּטערט, אָפּגעהיטן פון די
קליינע ווערעם, וואָס נעסטן זיך גערן אין אַלטוואַרג. האָט דעריבער דער
פעלץ אַלע יאָרן, נאָכן טויט פון טאַטן, געלופטערט, אָפּגעהיטן פון די
פעלצקאָלנער האָט אין גאַנצן פאַרדעקט זיין האַלב פּנים ביז צו די אויגן.
פאַר מיר איז דעמאָלט דער פעטער חיל אינעם שיינעם פריצישן פעלץ
גאָרנישט געווען קיין קברן, נייערט די געשטאַלט פון אַ פאַרכישופטן,
פאַרגילגולטן פוילישן מלך, וואָס האָט אַרום זיך אַ הייפל אָרעמע קנעכט־
קברנים אין זייערע אַלטע, געלאַטעטע און אָפּגעשטאָרבענע ווינטער־
מלבושים. און מחמת דעם וואָס דער ווינט איז געוואָרן פלוצעם שטעכיק,
אייזיק־שאַרף און מע האָט נישט געקענט האַלטן דעם רידל אין די
נאַקעטע הענט, האָבן אַלע געטראָגן אָנפינגערדיקע דיקע הענטשקעס,

אָנגעהאָנגענע אויף אַ שטריקל אַרום די העלדזער. בלויז דער פּעטער חיל, וואָס איז געווען דער איינציקער אל־מלא־זאָגער און עלטסטער קברן, האָט געטראָגן אויף זיינע הענט לאַנגע שוואַרצע הענטשקעס פון לעדער, אויסגעבעטע מיט ווייכער און וואַרעמער שעפּסנוואָל. אַז ער פלעגט אַרויס־נעמען די האַנט פון אַזאַ הענטשקע און מיך פּלוצעם גלעטן איבערן פּנים — האָב איך לאַנג געהאַט אויף זיך דעם זיסן וואַרעמען הויך ווי פון אַ לעבעדיקן שעפּס. אָבער דאָס איז געשען וואָס אַ מאָל זעלטענער, וואָרעם דאָס איז געווען טאַקע אין יענעם ווינטערדיקן זמן, בעת די מומע חווה האָט אָנגעהויבן גיין צו קינד.

און אין דער זעלביקער צייט האָט דעם פעטער חילס טעכטערל מינדל־מרים מיך אַריינגעפירט אין אַ נייער, פרעמדער כּישוף־וועלט, ווו ס'האָט אויפגעשפּראָצט, אין דער נאָענטשאַפט פון קברים און נפטרים, די פאַרבאָ־טענע, יונגע, ערשטע ערדישע ליבשאַפט מיטן טליענדיקן פייער פון זינד און חלום.

הינטער דעם טהרה־שטיבל איז געווען יענץ כּישוף־אָרט פון מיין ערשטער ערדישער ליבשאַפט־דערקענטעניש פון גוף צו גוף. די הויכע שמאָלע פענצטער פונעם טהרה־שטיבל, מיט זייער אומדורכזיכטיק מאַטן גלאָז, זענען תמיד געווען פאַרשלאָסן. גאָר אויבן, אין די ווינקלען היבטערן דעכל, האָבן דורכן גאַנצן זומער געהעקלט זייערע נעסטן די גראָע בית־עלמין־וורובליעס. אויך בלאָע, שפּיציקע שוואַלבן האָבן דאָרטן אויסגעבריט צום לעבן זייערע פיצעלעך. די אַלע נעסטן זענען געהאַנגען אויבן אַזוי לאַנג אין ווינטער אַריין בין פון די רינוועס האָבן אָנגעהויבן אַראָפּהענגען די קרישטאָליקע דינע אייזצעפּלעך, וואָס האָבן געלויכטן ביי טאָג ווי זילבערנע ליכטלעך. אינעווייניק, הינטער די הויכע, מאַטע שויבן־פענצטער, איז שוין געווען די פרעמדע און פאַרבאָטענע וועלט פון די געשטאָרבענע. דאָרט האָבן נאָר געהאַט אַ צוטריט פונעם פאָדערשטן טייל בנין די קברנים, מתעסקים, מיטה־טרעגערס און תכריכים־נייערס. אָבער דאָ, ביי דער בלינדער וואַנט פון טהרה־שטיבל, מיט די הויכע שמאָלע אומדורכ־זיכטיקע שויבן און אונטער די ליידיקע הענגענדיקע פייגלנעסטן, האָט מינדל־מרים אָנומלט אין אַ שוואַרצן ערב־ווינטער־פאַרנאַכט, מיך אַריינ־

געצויגן מיט אירע דיקלעכע וואָרעמע הענט. מיט אומקלאָרע רייד האָט זי פּאַר מיר אויפגעעפנט אַ וועלט אַ ווייטע, אַ מיידלשע, מיט אַ סך ייִנגלשע פּחדים און פּלוצעם־אויפגעשפּראָצטע הייסע בענקענישן נאָך עפּעס אַזוינס, וואָס האָט מן־הסתם דעמאָלט פאַר אונדזביידן נאָך נישט געהאַט קיין שום פאַרעם. בלויז דער הייסער אָטעם פון איר שיין, דין מויל האָט אויף מיין פּנים געפלאַטערט און געפלאַטערט אַזוי ווי אַ צעהיצט תּמוז־ווינטל, וואָס זוכט זיך אַליין אָפּצוקילן אין אַ פאַרבאָרגן, קיל סאַזשלקעלע ערגעץ ווו צווישן די אָפענע פעלדער אויפן בית־עלמין.

די צייט, בעת די מומע חוה איז אַ סאָפּענדיקע אַרומגעגאַנגען אין די הויכע חדשים מיט איר אויפגעהויבענעם בויך, די דאָזיקע צייט האָט אוודאי געמוזט מינדל־מרימען עפענען אַ שפּעלטעלע צו דער גרויסער רעטעניש: ווי אַזוי קומט אַ מענטש אויף דער וועלט. ווי אַזוי אַ מענטש גייט פון דער וועלט — איז פאַר איר לחלוטין נישט געווען קיין סוד. זי האָט עס געזען אומצאָליקע מאָל אין טאָג — דורך חדשים און יאָרן. כאָטש ביידע זענען מיר דעמאָלט געווען ערשט ניין־יעריקע — איז מינדל־מרים שוין געווען וואַכיק־אויפגעשפּראָצט אין די אַלע סודות. דאָס האָט מיך געמאַכט פאַרשעמט און קליין אין אירע שמייכלדיקע, שיינע אויגן. ווי נאָר זי פלעגט מיך אָנטרעפן ערגעץ אין אַ ווינקל פון די שטובן, אָדער אויף די שטיגן, האָט זי מיר תּמיד, קיינער זאָל נישט זען, אַריינגעשאַרכט אין אויער: „הייִנט. וואָרט. אונטן. גוט?" דאָס האָט געהייסן: ווי נאָר ס'וועט ווערן פינצטערלעך, וועט זי אויף מיר וואָרטן אונטן, ביי די הויכע פענצטער פון טהרה־שטיבל. נישט וויסנדיק פאַר וואָס האָב איך שוין אומגעדולדיק לאַנגע שעהען געוואָרט, אַז די זון זאָל זיך זעצן. כ'האָב געוואָרט מיט פאַרקלעמקייט, וואָרעם די זון האָט זיך נישט געאיילט צו פאַרגיין אין אַזאַ טאָג הינטער די רויטלעכע וואַלקנס אויפן בית־עולם. מיין אָטעם האָט זיך תּמיד אָפּגעהאַקט, זיך געשפּאָלטן ווי נאָר כ'האָב אָנגעהויבן טראַכטן וועגן דעם סודותדיקן אָרט מיט מינדלען. זי האָט תּמיד געוואָרט אויף מיר אונטן שוין די ערשטע, געזעסן אין דער פינצטער אויפן הויכן שטיינערנעם פענצטער־געזימס און געהוידעט צו מיר פון דער פינצטערניש אַרויס ווי אַ גרויסער צעפלאַ־

טערטער באַכטפויגל. אירע צוויי אויסגעשפּרייטע פּיס ווי פליגל האָבן מיך אַריינגענומען צווישן זיך. שטייענדיקערהייט בין איך געווען נידעריקער פון מינדלען, בעת מיין קאָפּ האָט קוים דערגרייכט איר קין און געלעגן אויף איר וואַרעמען האַלדז. איר אָטעם האָט געגליט גראָד ווי מיינער אין דער נאַכטיקער ווינטער־קילקייט. אירע מיידלשע הענט, רונדיקע און ווייכע, האָבן נישט אויפגעהערט צו גלעטן מיין האַלדז. כ׳האָב זיך דערמאָנט ווי אַזוי מיר זענען ביידע אַנומלט געלעגן אין אַן אָפּענעם, אויסגעגראָבענעם קבר־ריוו און געמאַכט זיך געשטאָרבן. מינדל האָט דעמאָלט געזאָגט, אַז מיר וועלן שפּעטער, נאָכן טויט, אויפשטיין תחית־המתים. אָבער דעמאָלט איז נאָך געווען העט־ווייט פונעם איצטיקן ערב־ווינטער. ס׳איז דעמאָלט געווען ערשט אָנהייב פרילינג מיט אַ סך צוגע־גרייטע, אָפענע, טרוקענע קברים. אָבער איצט, אין דער ווינטערדיקער שנייפייכטקייט און אינעם שטענדיקן, ציענדיקן פעלדפראָסט, קאָן מען זיך מער נישט אויסבאַהאַלטן אין אַן אָפּענעם ריוו מיט אונדזער ערשטער, אויפגעוואַכטער גופיקער ליבשאַפט.

איז טאָקע דאָס פינצטערע אָרט הינטערן טהרה־שטיבל לעבן די פאַרשלאָסענע הויכע פענצטער געוואָרן פאַר אונדז ווי יענער אויסגע־גראָבענער ריוו אויפן ריינעם פעלד, בעת כ׳בין איצט געווען אַזוי אַרומגעפלאָכטן מיט אירע הענט און פּיס. מיט מיר איז געשען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אַוודאי געמוזט זיין דער זיס־פלאַטערנדיקער אָטעם פון טויט.

וואַרעם פלוצעם האָט אַ נעפּל גענומען שוועבן פאַר מיינע אויגן; גרינע, קליינע, הייסע בליצן האָבן געשלאָגן אין די שלייפן — און בלויז אונדזערע ביידנס יונגע הערצער האָבן הויך געקלאַפּט אין אַ כישופדיק געיעג נאָך עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אונדז ביידן געפירט אַוודאי שוין טויטערהייט גלייך אין גן־עדן אַריין. אַן אויסטערלישער פרעמדער ציטער איז דורכגעלאָפן דורך מיינע פיסקנעכלעך, זיך געהויבן העכער און העכער, ווי כ׳וואָלט געווען פאַרן חלשן. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל ווי דער אַ זיסער ציטערדיקער שוידער האָט געמאַכט ציטערן מיינע יינגלשע הענט און פיס. דאָס איז געווען די ערשטע פרעמדע אַנטפּעלקונג,

וואָס מיין ניין־יעריקער ייִנגלשער גוף האָט פון זיך אַרויסגעשטראַמט אין אַ זיסער פאַרחלשקייט פון אַנקומענדיקע טרערן, זייענדיק פאַרגראָבן אין מינדלס פלאַטערנדיקן גוף. אַלץ, וואָס איז איצט געשען, איז געווען גראָד אַזוי ווי אַנומלט אין דער קאַמער, אויף דער ראַגאָזשע מיטן פעטער פישלס כלה — מיט רוכטשען. אָבער דעמאָלט האָט רוכטשע מיך געדריקט בלויז צו איר אָפענער, נאַקעטער ברוסט, בעת מינדל האָט מיך באַגערט אין גאַנצן איינצושלינגען צווישע אירע צוויי וואַרעמע, אָפּגעדעקטע, הוידענדיקע פּיס.

תמיד נאָך אַזאַ טרעפונג מיט מינדלען הינטערן טהרה־שטיבל, בין איך געוואָרן זייער, זייער טרויעריק, הלמאַי איך האָב פאַרגעסן אַלטעלען. צי מוז מען פאַרגעסן די אַלע וואָס שטאַרבן? מיט יעדער נייער טרעפונג מיט מינדלען אין די אָוונטן — איז אַלטעלעס פּנים אַלץ מער פאַרשווונדן געוואָרן, כאָטש כ׳האָב געוווּסט, אַז נישט ווייט פון אונדז רוט זי אין דער ריזו־טיפקייט פון פעלד־פינצטערניש. פאַרשעמט און פאַרקלעמט פלעג איך נאָך אַזאַ באַגעגעניש וויינען שטילערהייט אין אַ ווינקל. כ׳האָב געוויינט און נישט געוווּסט פאַר וואָס. אפשר האָט אַזוי אַרויסגעשלוכצט פון מיר דאָס טויטע פּנים פון אַלטעלען? אפשר האָט אויך אַזוי אַרויסגעוויינט פון מיר משהלע, מיט זיין צעשפּאָלטן, ליימיק פייפל? מן־הסתם האָבן ביידע געוווּסט וואָס עס קומט פאַר אין דער פינצטער צווישן מיר און מינדלען לעבן טהרה־שטיבל. אַ סך טעג נאָך אונדזער סודותדיק באַגע־געניש האָב איך אויסגעמיטן צו טרעפן מינדלען. כ׳האָב ייִנגליש פאַר־שטאַנען אַז כ׳באַגיי אַוודאי אַ גרויסן חטא קעגן אַלטעלען. און דער אַ חטא האָט מיר ייִנגליש לאַנג געברענט מיט אַלע פייערן פון גיהנום. דאָס איז געשען אַזוי לאַנג ביז איך האָב אַליין געפונען אַ וועג איינצולעשן די רויטע זינדפייערן אין זיך: כ׳וועל בעטן אַלטעלען זי זאָל מיר מוחל זיין מיינע ייִנגלשע זינד, כ׳וועל בעטן פאַרגעבונג ביי איר וויינענדיק פּנים, וואָס כליפּעט אין מיר. אַנומלט, בעת ס׳איז קיינער נישט געווען אויפן ריינעם פעלד, און דאָס געשעט תמיד פאַר נאַכט, צו מינחה־צייט, בין איך בסוד אַרויסגעלאָפן צו אלטעלעס קבר־בערגל. ס׳איז שוין געווען האַלב־פינצטערלעך. אַ קאַלטער, פריווינטערדיקער ווינט האָט

געצויגן זיין בית־עלמין־ניגון פון אָפענעם פעלד. יעדער ווינט האָט תמיד געהאַט פאַר מיר אַן אַנדערן ניגון. דאָס מאָל איז דער ניגון געווען ווייך און מילדרחמימדיק. איינצלנע שטערן האָבן זיך נאָר וואָס געהאַט אָנגעצונדן איבער מיר אין די אָפענע הימלען, בלייכע און פאַרשעמטע. פון די אַלע שטערן זענען געווען צוויי באַזונדערס נאָענטע צו זיך וואָס האָבן געהאַט אַ שיינעם, שימערנדיקן גלאַנץ. בעת כ'האָב אין זיי לאַנג אַריינגעקוקט האָב איך גאָר געזען אין זיי מיין מאַמעס אָפענע פאַרטרערטע אויגן, וואָס ווײנען צו גאָט און בעטן אויף אַלץ רחמים און פאַרגעבונג. כ'בין לאַנג געלעגן אויף אַלטעלעס ערדבערגל, איבער מיר — די צוויי אָנגעצונדענע שטערן־אויגן פון מיין וויינענדיקער מאַמען און דער נאָך מילדער אָוונטווינט פונעם פריִען ווינטער. און נאָך איצט, בעת איך שרייב די דאָזיקע שורות, פליסט אַ לייכט ציטערן אין מיינע אַלטע, איבער זיבעציק־יעריקע פינגער. אַט די זעלביקע אַלטע שרייבנדיקע האַנט איז דעמאָלט יינגליש געלעגן אויסגעשפרייט איבערן קילן, פייכטן זאַמד, בעת מיינע ליפּן האָבן אַריינגעכליפּעט אַן ווערטער מיט אַן אָפּגעהאַקטן, הייסן אָטעם. מיין יונג מויל האָט תּפילהדיק געבעטן פאַרגעבונג ביי אַלטעלען פאַר מיין ייִנגלשן חטא, פאַר אַלע מיינע זינדיקע באַגערן און סודותדיקע באַגעגענישן מיט מינדלען הינטערן טהרה־שטיבל.

דערווײלע, אין דער זעלביקער צייט, זענען אָנגעקומען גאָר נייע געשעענישן, וואָס האָבן מיך אָוועקגעפירט פון די סודותדיקע באַגעגענישן מיט מינדלען און אויך פונעם קלעמענדיקן טרויער נאָך דעם ווי כ'האָב זיך אומגעקערט פון אַלטעלעס פייכטן פלאַכן ערדבערגל. כ'האָב ווידער געזען די אַלע מענטשן אַרום זיך אין זייער טאָג־טעגלעכער דאַליע — און איבער אַלץ — די מומע חוה, וואָס האָט זיך שאַטנהאַפטיק אַרומגעדרייט מיט איר אויפגעהויבענעם שפּיציקן בויך, פון בעט צום טיש און פון טיש אויף ס'ניי צום בעט, ווו זי האָט אומגעדולדיק און מיט ווייבלעכן פחד געוואַרט אויפגעבונדן צו ווערן מיט אַ ניי מענטשלעך לעבן.

# אל מלא רחמים

די מומע חוה איז געלעגן אונטער איר הויכער פּוכענער פּערענע אינעם בעט, וואָס האָט געהאַט שיין־געשניצטע געזימסן בייביידע זייטן. פון צווייטן חדר, ווו די טיר איז געווען אָפּגעטיילט בלויז מיט אַ געבלימטער קאָלדרע, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אויפגעהאָנגענער פּרוכת, האָט דער פּעטער חיל געלאָזט הערן זיין וויגנדיקן קול ביים איינזאָגן זיך דעם אל־מלא־רחמים. וואָרעם ס׳איז געווען יענע צייט, בעת דער פּעטער חיל, דער קברן, האָט געדאַרפט איבערנעמען אויפן בית־עלמין בלויז דאָס זאָגן אַן אל־מלא און מער נישט זיין פאַרנומען מיט גראָבן קברים. פאַר וואָס דאָס איז אַזוי געשען — ווייס איך נישט. מן־הסתם האָט עס געהאַט אַ שייכות מיט דער מומע חוהס ליגן שוין לאַנגע וואָכן אין בעט. דאָס איבערגיין פון איין מלאכה צו דער צווייטער ביים פּעטער חיל, האָט ביי מיר, אין מיין יינגלשער וועלט, אַרויסגערופן אַ ניי אומבאַקאַנט געפיל פון דערוואַרטונג. כ׳האָב געזען ווי ס׳דרייען זיך אַרום אויפן פעלד די מתעסקים — יונגע־לייט מיט שיטערע בערדלעך און פאַרלייגטע פּאות הינטער די אויערן און אויך פרעמדע עלטערע יידן־קברנים אין הויכע געקאָוועטע שטיוול, מיט לאַפּעטעס איבער די אַקסלען. זיי האָבן עס געדאַרפט איבערנעמען די מלאכה פון צוגרייטן קברים פאַר די ניפטרים, בעת דער פּעטער חיל וועט פון איצט אָן זיין בלויז פאַרנומען ביי די קברים מיט לאָזן הערן זיין אל־מלא־רחמים. אין מיין יינגלשער דערוואַכונג האָב איך נאָך נישט געוווּסט דעם טייטש פון די דאָזיקע פרעמדע, הייליקע ווערטער. אין די מיילער פון די יידן האָט עס געהייסן: מאַכן אַן ,איילמאָלע׳. אין מיינע אויערן האָט עס געהילכט ווי ,איינמאָל׳, דאָס הייסט, אַז דאָס וויינענדיקע זינגען פון פּעטער חיל איז געווען בלויז

אַן איינמאַליקע, לעצטע תּפילה פאַר דעם, וואָס איז געגאַנגען פון דער וועלט. און כאָטש דער פעטער חיל, וואָס איז נישט געווען קיין למדן און אַפילו נישט פאַרנומען דעם טייטש פון די אַרויסגעוויינטע ווערטער (אין מיין אַרעמער משפּחה זענען אַלע געווען ווייט פון למדנות — אַחוץ די ביידע זיידעס: דער זיידע שמואל דער מקובל און דער זיידע אַנטשל דער תּהילים־זאָגער), האָט ער אָבער מיט זיין שלוכצנדיק־צעבראָכן קול, מיט זיין פאַרוויינטער, ווייכער שטים, מיט די אויסגעשפּרייטע הענט הויך איבער זיך צום הימל — תּמיד אַרויסגערופן ביי אַלע מלווים, מער ווי עמעץ אַנדערש, אַ סך הייסע, קאַפּענדיקע טרערן. און זינט ער האָט איבערגענומען זיין נייע עבודה האָט זיין מויל נישט אויפגעהערט צו מורמלען די אל־מלא־ווערטער. ער האָט עס געטאָן צו יעדער צייט, אויף איטלעכן אָרט, ווו ער האָט זיך נאָר געפונען. אויך איצט, בעת די מומע חוה איז געלעגן אין בעט און אין אירע קראַמפּן זיך געגרייט אויפגעבונדן צו ווערן — האָט ער פון צווייטן חדר געלאָזט הערן זיין קול. איך בין אַ דערשראָקענער געזעסן צו פוסנס פון דער מומע חוהס בעט און אַריינגע־קוקט אין איר פּנים, וואָס איז געווען ווייס און אַ ביסל אַנגעשוואָלן און אויך אין אירע פאַרדרעמלטע, גרויסע פאַרטרערטע אויגן.

בעת איך שרייב איצט די דאָזיקע ווערטער איז אַרום מיר שוין לאַנג נאָך האַלבער נאַכט. דאָס פענצטער איז אָפן. ס׳גייט אַרויס צו אַ ריי שלאַנקע ישראלדיקע ביימער — דינע, כּמעט דורכזיכטיקע ברושים, ווו ס׳זענען געפאַנגען די לעצטע לבנה־פלעקן נאָך דער צווייטער אַשמורה. אַרום מיר — אַ פאַרגליווערטע נאַכטשטילקייט, וואָס ברענגט מיר צוריק די פאַרפלאָסענע צייטשטילקייט פון יענער געשעעניש מיט איבער זעכציק יאָר צוריק. מיין האַנט ציטערט לייכט איבער די אותיות אין מיין איינ־זאַמען, זקנישן טרויער. און אַז איך קוק אַרויס אַ ווײַלע צו די געפאַנגענע, בלייכע לבנה־פלעקן צווישן די שלאַנקע ברושים, הער איך נאָך איצט פון גאָר נאָענט דאָס וויברירנדיקע, אַריינדרינגענדיקע קול פונעם קברן, זיין זיס ייִדיש געוויין. ווי אַנדערש הערט מען דאָס געוויין נאָך אַזאַ פאַרפלאָסענער צייט, וואָרעם דעמאָלט האָט דאָס געוויין, אין מיין ייִנגלש האַרץ גאַרנישט אַרויסגערופן קיין עצבות, אָדער טרערן, נאָר להיפוך:

זיינע אל־מלא־ווערטער האָבן אַרומגעפּלאָטערט איבער דעם הויכן פּערענע־
שטויס ווי אַ זיס געמורמל פון מיין אייגן אויפגעוואַכט ייִנגלש האַרץ
אין דער וועלט פון קברים און אייביקער בית־עלמין־שטילקייט. און
אויסטערליש: אין זיין אל־מלא האָב איך תמיד פאַרנומען אָדער דאָס
שטילע קול פון אַלטעלען, בעת זי פלעגט מורמלען צו מיר אירע
מיידלשע סודות, אָדער דאָס געלעכטערל פון איר שוועסטער, פון דער
שטומער זלאַטע, וואָס האָט געהאַט אַזאַ ביטער פּנים, בעת זי פלעגט מיך
קושן אין די פּאַציאַטקע־ווינקלען. כ׳האָב אַפילו אויך געהערט אינעם
אל־מלא־ניגון דאָס קראַנקע פייפן פונעם ליימיקן פייפל, וואָס איז געווען
אָנגעהאַנגען אויף אַ שטריקל אויף משהלעס איינגעקוואָרטן, דורכזיכטיקן
האַלדז. פאַר וואָס האָט דעם פעטער חילס אל־מלא־ניגון מיך צוריקגעפירט
צו די אַלע געשטאָרבענע קולות און פאַרשווונדענע געשעענישן, צו אַלע
פּנימער, מענטשן און שאָטנס — איז מיר נישט קלאָר, גראָד ווי ס׳איז
מיר אומקלאָר אויך איצט, אין מיין איינזאַמער שרייבערשער זיקנה, הלמאַי
איך הער נאָך אַלץ דעם קברנס כליפּענדיקע זיפצן און הייליקע ווערטער
פון צווייטן חדר — און זיך אַליין זע איך נאָך אַלץ זיצן, גראָד ווי
דעמאָלט, צופוסנס פונעם בעט פון דער מומע חוה, וואָס גייט צו קינד.

צווישן דער מומע חוה און מיין מומע ביילע דער וועשין האָט פון
לאַנג זיך שויך אָוועקגעלייגט אַ פאַרבאָרגענער ברוגז און אַ סודותדיקער
ווייטיק, וואָס קומט פון אַ שווערן ווייבלעכן צער און מענטשלעכער
פאַרלוירנקייט. זינט די וועשין איז פאַרבליבן נעכטיקן אין קעלער אויף
דער ראַגאָזשע און דאָס אָרט איז געוואָרן איר מקום־מיקלט, געוואַשן
דאָרט די גרעט פון די בית־עלמין־לייט — האָט דער מומע חוה געגריזשעט
אַ דיבער חשד, אַז צווישן איר חילן און דער וועשין געשעט עפּעס נישט
גוטס, דווקא בעת זי, חוה, איז אַריין אין די הויכע חדשים. די שוועגערין,
די וועשין, האָט טאַקע געטראָגן אויף איר האַרצן דאָס פּעקל בריוו פון
איר טויטן חאַסקל, וואָס איז נישט צוריקגעקומען פון דער מלחמה.
זי האָט אויך אָפט געוויינט לעבן חוהס בעט אויף איר ביטערן עגונישן
גורל. אָבער ווי נאָר דער פעטער חיל פלעגט אַריבערטרעטן די שוועל
האָט די מומע חוה דערזען, אַז ס׳האָבן זיך אויף דער וועשינס פּנים

אַנגעצונדן רויטע פלעקן ווי אַ יאַגנדיקער פלאַם. זי האָט נישט געקענט אויסבאַהאַלטן, די מומעביילע, פון איר פּנים דאָס אַלץ, וואָס איז געשען צווישן קברן און איר אינעם וואַשקעלער. די מומע חוה האָט זינט דעמאָלט מער נישט דערמאָנט דעם וואַשקעלער. ביז זי איז נישט אַריין אין בעט מיט אירע קראַמפּן, פלעגט זי אַפילו דער וועשין אַראָפּטראָגן אין קעלער די הייסע געקעכטסן. פריִער האָט זי צום מייסטן מיך געניצט פאַר די דאָזיקע גענג אין קעלער אַראָפּ, אָבער פּלוצעם האָט זי פון מיר אָוועקגענומען די דאָזיקע מלאכה און אַליין, שוין אין די הויכע חדשים, געגאַנגען איבער די הילצערנע טרעפּן מיט די טעפּלעך געקעכטס אין קעלער. עפּעס אין געווען אין דער מומע חוהס אויסטערליש התנהגות. אַ פאַרבאָרגענע שטים פון אַנקומענדיקן גורל האָט זי גערופן צו פאַרזען דאָס נישט־גוטע אַרום זיך. אפשר האָט זי פאַרנומען אין זיך דעם סודותדיקן רוף פון גוף, וואָס באַוועגט די וואַגשאָל פון לעבן און טויט און וואָס גרייט זיך שוין צו אַנדערע וועלטן. שטילערהייט, מיט האַלב־פאַרשלאָסענע פייכטע אויגן־דעקלעך, האָב איך זי געזען שפּעטער גאַנצע טעג ליגן אין בעט. און אַזוי זע איך זי אויך איצט (בעת איך שרייב די דאָזיקע ווערטער), אַ שטיקל צייט פאַר אַנטבונדן ווערן.

און ס׳איז געווען בעת אַ טריבער אָוונט־דעמערונג. דער חלל איבערן בית־הקברות איז געווען אַרומגעזוימט מיט אַ שווערן ווינטער־נעפּל. דער נעפּל איז געהאַנגען איבער די האַלב־פאַרשנייטע דעכלעך,ביימערשפּיצן און איינגעבוקטע מענטשן־שאָטנס. בלויז די שפּיציקע פלויטשטאַכעטן פונעם אייזערנעם טויער האָבן זיך שאַרף געשפּיצט אַנטקעגן הימל מיט זייער שוואַרצקייט און זיי האָבן לחלוטין נישט געלאָזט פאַלן אויף זיך דעם מינדסטן שניישיכט. מיר איז אויסגעקומען אַז די דאָזיקע שוואַרצע שפּיציקע פלויטשטאַכעטן זענען שוואַרצע הויכע מעסערס אויפגעהויבענע אַנטקעגן דעם דינעם, שיינעם שניינעפּל. ביידע קינדער דעם קברנס, מינדל און שימעלע, זענען שוין מיט אַ פּאָר טעג פריִער אַרויסגעשיקט געוואָרן פון דער שטוב צו אַ קרוב קיין סטאַראָוויעש, כּדי דאָרט איבערצוּוואַרטן זייער מאַמעס אויפגעבונדן ווערן. בלויז מיך האָט מען איבערגעלאָזט — און אויך די מומע ביילע, וואָס האָט געהאַלטן אין איין עפענען די

שאַנקטירן, געלאָפן פון קיכל צום בעט מיט אַ טעפּל מילך אָדער גריצנזופּ, אַ קוק געטאָן אויף דער מומע חוהס פּנים, דערנאָך אויף מיר — און ווידער אַרויסגעלאָפן פון שטוב. אין צווייטן חדר האָט אין צווישן אַ קופּקעלע אַלטע ווייבער צוזאַמען מיט דער קליינער הדסל, דער הייוון, שוין געקאָכט גרויסע טעפּ הייס וואַסער, און צוגעגרייט אַ קליין וואַשוועגדל פאַרן ניי־געבוירענעם. אַלע האָבן זיך געריכט און געוווען גרייט. שוין פריער, בעת דאָס איז געשען, איז דער פעטער חיל נישט אַרויס עטלעכע טעג אויפן בית־עלמין. אויף זיין אָרט האָט זיך אַרומגעדרייט אַ הויכער שוואַרצער ייד — דער שוואַרצער מענדל. ער האָט תּמיד געטראָגן אַ רויטן, צעשפּאָלטענעם קאַפּטאָן און אַ פּוטער־היטל, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ שטריימל אָדער אַ פּריצישער סאָבאָלהוט. דער שוואַרצער מענדל האָט געהאַט רויטע, אַנגעבלאָזענע באַקן ווי זיי וואָלטן געווען פאַרברענטע פון דער זון. זיין קול איז געווען דין־קוויטשיק ווי ביי אַ קעצל. דער אַ שוואַרצער מענדל פלעגט תּמיד קוקן קרום אויף מיר. כ׳ווייס נישט פאַר וואָס. אָבער מיט חדשים שפּעטער, נאָך די אַ געשעענישן, האָב איך גאָר געפונען גרויס לייטזעליקייט אין זיינע אויגן. ער האָט אַפילו מיך זייער אָפּט געדריקט צו זיינע רויטלעכע באַקן, וואָס האָבן געשלאָגן פון זיך מיט אַ שאַרפן ריח פון פרישן אָקאַווויט און פון אַלטע פאַרברענטע צווייגן. ער פלעגט צו מיר סודותדיק מורמלען: „וואַרט, וואַרט, וועסט שוין זען מערטשעשעם, סאַראַ וועלט דער אייבערשטער האָט באַשאַפן״.

דאָס אויפגעבונדן ווערן פון דער מומע חוה איז געשען פּלוצעם. דער פעטער חיל איז געשטאַנען הינטערן אויפגעהאַנגענעם טירפאָרהאַנג און נישט אויפגעהערט פון סאָמע באַגינען די גאַנצע צייט איינצוחזרן זיך די תּפילה־ווערטער פון אל־מלא־רחמים. ער האָט נישט פאַרלאָזט דעם חדר אַ גאַנצן פאַרמיטאָג און אַפילו זיך געהייסן אַריינברענגען דאָס אָפּגעקאָכטע געקעכטס. די מומע ביילע האָט זיך איצט באַדינט מיט מיר ביים אַריינטראָגן צום קברן די טעפּלעך וואַרעמס. בעת איך בין אַריין, האָב איך אים תּמיד געזען שטיין לעבן קליינעם פענצטער, בעת די הענט האָבן אין גאַנצן פאַרדעקט זיין פאַרוואָקסן פּנים. פון הינטער די אַ הענט און צעשפּרייטע פינגער האָט זיך געריסן זיין אל־מלא־ניגון אַזוי לאַנג

ביז ער האָט נישט דערפילט אַז איך שטיי גאָר נאָענט לעבן אים. פון אינעווייניק, היינטער אונדז, זענען אַריינגעפלאָסן די זיפצן און געבורט־קרייסן פון דער מומע חוה. אירע קרעכצן, צו מאָל שטילינקע און פאַר־כליפּעטע אין זיך, צו מאָל הויך־שניידנדיקע מיט אַזאַ מעוברתדיק שטאַרקן גוואַלד, אַז איר קול האָט לאַנג, לאַנג געשניטן דעם חדר־חלל אונטער דער סטעליע. צו מיר האָט איר ווייבלעך געשריי פון דאָרט געענטפערט מיט אַ ווידערקול ווי פון אומצאָליקע וויינענדיקע מיילער. יעדער קימפּעטאָרין־קרעכץ האָט דעם פעטער חיל געמאַכט פאַרגעסן דאָס אָפענע טעפל געקעכטס, וואָס ער האָט געהאַלטן אויף זיינע קני. דאָס מויל איז אים געוואָרן פאַרשלאָסן מיט אַ שווער, דנאַיק־פינצטער שווייגן. כ׳האָב געזען ווי דער ביסן איז אים שטיין געבליבן אין האַלדז, בעת די אויגן זיינע, תמיד פריילעכע מיט אַ קונדסישן בליאַסק פון שימחה, האָבן זיך דאָס מאָל גאָרנישט געעפנט. פלוצעם האָבן פון זיינעביידע אויגן־ווינקלען אָנגעהויבן צו פליסן גאָר דורכזיכטיקע דינע שנירעלעך פון טרערן. יעדער קרעכץ פון אינווייניק האָט נאָך מער געשטאַרקט דעם אויסטערלישן פאַר מיר, סודותדיקן טרערנשטראָם פון קברנס תמיד פריילעכע אויגן, פולע מיט שימחה. איך האָב שוין ביז דעמאָלט געהאַט געזען אַ סך מענטשן וויינען (צום מייסטן האָב איך געזען וויינען די מאַמע. אָבער איר געוויין איז תמיד געווען ווי דאָס העשען פון אַ קליין, פאַרשעמט קינד). אָבער דאָס געוויין פון פעטער חיל איז גאָרנישט געווען ענלעך צום געוויין און גוואַלד, וואָס כ׳האָב געהערט אין דרויסן, ביים שוואַרצן בית־עלמין־טויער, אָדער ביי די נידעריקע בערגלעך אויפן רייניעם פעלד, אָדער גאָר הינטער די גרויסע פאַרשלאָסענע טירן פונעם טהרה־שטיבל. ער האָט געשלוכצט, דער פעטער חיל, גאָרנישט ווי אַ מענטש, וואָס וויינט מיט האַלב־פאַרשלאָסענע אויגן. דעם קברנס אויגן זענען פאַרבליבן ברייט־פונאַנדערגעפראַלטע, געפינקלט ווי תמיד מיט דער שיין פון עפּעס אַ פאַרבאָרגענער פריידיקייט. פון דעסטוועגן זענען די טרערן־שנירלעך געפלאָסן ביי ביידע באָרדבערעגן ווי ווייסע זיידענע פעדעם און אַריינגעפאַלן אין ביידע זייטן פון זיין געקרייזלטער רויטער באָרד. דאָרט זענען די דינע ריטשקעלעך פאַרשוווּנדן צווישן דער רויטער באָרדוואָל, בלויז פייכט

געמאַכט די ברעגן און געמאַכט אַ פריי אָרט פאַר נייע טרערבשטראָמלעך, בעת איך בין אַזוי געשטאַנען די גאַנצע צייט גאַר נאָענט צו אים און געקוקט פאַרגאַפט אין זיין פאַרבויגן, צעפלאַמט, וויינענדיק פנים.

ער האָט געוויינט, דער קברן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז בלויז איך אַליין ווייס דעם סוד פון זיין איצטיק סודותדיק וויינען. דער אַ סוד איז אַנטפּלעקט געוואָרן נאָר צו מיר אַליין, און קיינער פון די שטובמענטשן, אַפילו זיין קרייסנדיק ווייב, די מומע חוה, ווייס נישט פון דאָזיקן סוד. דאָס איז פאַר מיר געווען פאַרבונדן מיט יענער טונקעלער געשעעניש אינעם וואַשקעלער אויף דער שלאָף־ראַגאַזשע. דאָס איז געווען יענער ערשטער סוד, וואָס האָט זיך פאַר מיר אַנגעהויבן מיטן גרויסן טאָפּ מאַלינעס וואָס דער קברן האָט מיר אַריינגעטאָן אין די הענט, בעת ער האָט מיך אַרויסגעשיקט פונעם וואַשקעלער און ער איז געבליבן דאָרט לאַנג פאַר־ריגלט מיט דער מומע ביילע. אפשר איז דאָס טאַקע איצט דער סוד פון זיין וויינען, דאָס שלאָגן זיך על־חטא דווקא אין דער רגע, בעת די מומע חוה גייט צו קינד? מיט זיינע גרויסע פינקלדיקע טרערן האָט ער אַוודאי געוואָלט אָפּוואַשן זיינע זינד מיט דער מומע ביילע, בעת ער האָט שטום געבעטן רחמים ביים באַשעפער מיט זיינע צעבראָכענע נישט־אַרויס־געבראַכטע אל־מלא־ווערטער. אפשר האָט ער אַזוי געוואָלט גאַר פאַרלייכ־טערן אין צווייטן חדר דאָס אויפגעבונדן ווערן פון דער געווינערין?

דאָס האָט געדויערט זייער, זייער לאַנג. הינטער דער טיר האָבן זיך דערווייל מטפל געווען די שכנותדיקע ווייבער און אויך די קליינע הדסל, די איינציקע הייבאַם פון אַרעמען באַלוט. פּלוצעם איז דאָרט געוואָרן אימהדיק־שטיל. דאָס הויכע קרייסן פון דער קימפּעטאָרין האָט זיך אָפּגעריסן. כ׳האָב בלויז געהערט ווי אַ דינער, פרישענדיקער שניי, אויס־געמישט מיט אַ שווערן רעגן, שלאָגט סומנע אין די פענצטערשויבן, ווו ס׳שטייען די אַריינגעשטעלטע צלמים אין דער מיט. די הילצערנע פענצטער־צלמים זענען איצט געוואָרן שוואַרץ. דאָס איז געשען מחמת דעם וואָס דער הימל האָט זיך געדיכטער פאַרצויגן מיט שווימענדיקע שנייוואָלקנס. די וואָלקנס האָבן גאַרנישט געהאַט אין זיך דעם מינדסטן ליכטיקן שימער פון פּוילישן שניי. דער העלער טאָג איז מגולגל געוואָרן אין אַ חצות־

פינצטערניש. כ׳האָב געהערט ווי די קליינע הדסל האָט פּלוצעם אַ געשריי געטאָן:

— גוואַלד! רופט מיר דעם געלן דאָקטער!.. אָן אים וועט גאָרנישט זיין! צ׳הערטס? לויפט מיר שוין צום דאָקטער! חוה איז איינגעשטעלט!

נאָך די דאָזיקע קולות פון אינעווייניק האָט דער פעטער חיל זיך אַ ריס געטאָן פון טישל, אַרומגעווישט שנעל די באָרד איןביידע זייטן פון דער טרערן־נעציקייט, אויפגעפּראַלט די טיר צו דער קימפּעטאָרן און געפאַלן אויפן בעט ווי אַ שווערער שטרויסנאָפּ צופוסנס פון דער מומע חוה. ער האָט זיך געריסן די באָרד, געשלוכצט און געכליפּעט מיט אַ צעבראָכן קול:

— חוה־קרוין, זיי מיר מוחל! גאָט האָט מיר אוודאי אויך מוחל געווען! כ׳בין נישט שולדיק, חוה־קרוין! כ׳בין נישט שולדיק! קוק מיך אָן, חוה־קרוין, וועסטו זען. קוק מיך אָן. עפן די אויגן, חוהלע. כ׳בין שוין אָפּגעקומען פאַר מיינע זינד. אין דעם זכות וועט דער אייבערשטער אונדז נישט שטראָפן. וועסט זיין, מיט גאָטס הילף, אַ מאַמע צו אַלע דיינע קינדער און אויך...

אָבער אין דער רגע איז פּלוצעם געשען עפּעס אַזוינס, פון וואָס דאָס קופּקעלע ווייבער איז גיך צוגעלאָפן צום בעט. מיט שרעק האָבן זיי אַריינגעקוקט אין פּנים פון דער מומע חוה. דאָס איז געשען מחמת דעם וואָס איר פּנים איז מיט אַ מאָל געוואָרן בלאָלעך, צו ערשט ביי די שלייפן, דערנאָך ביי די מוילווינקלען. אירע גרויסע, ברוינע אויגן זענען געוואָרן פאַרשלאָסן מיט די לאַנגע ווימפּערן. בלויז די הענט אירע, פולע, נאַקעטע, נאָך וואַרעמע, מיט אַ סך גילדענע זומער־שפּרענקעלעך און ברוינלעכע האָניקפלעקן אויפן דיקן פלייש, זענען געלעגן אָראָפּגעלאָזן אויף די קאַנטן פון ביידע זייטן בעט. עמעצער פון די ווייבער האָט ווידער געמאַכט אַ גוואַלד. די קליינע הדסל האָט דעם פעטער חיל אַרויסגעשטופּט פון שטוב אין צווייטן חדר אַריין און פאַרריגלט אים די טיר. פון מיר האָבן זיי אין גאַנצן פאַרגעסן, וואָרעם כ׳בין געשטאַנען צוקאָפּנס, הינטערן הויכן, געשניצטן בעטקאַנט. באַלד האָב איך פון מיין ווינקל דערהערט דאָס אימפּעטיקע פאָרען זיך ביי עפּעס אין בעט, וואָס איז געווען פאַר מיר

הוילער סוד. אַ קוויטשיק, פרעמד, שפּיזיק קולכל האָט צעריסן די שטוב־דעמערונג אַרום בעט. די ווייבער האָבן הילכיק געפּאַטשט אין די הענט פון עפּעס אַ פּלוצעמדיקער שימחה. אָבער באַלד איז די דאָזיקע שימחה איבערגעשלאָגן געוואָרן ביי זיי מיט אַ יאָרמערנדיקן גוואַלד. אין צווישן איז אַריינגעלאָפן אַ פּאַרסאָפּעטער דער געלער דאָקטער מיט אַ שוואַרצן רענצל אונטערן אָרעם. ער איז לאַנג נישט געווען, וואָרעם די מומע חוה האָט מער נישט געעפנט אירע שיינע אויגן. די הענט אירע זענען אַלץ נאָך געלעגן אַראָפּגעלאָזטע ביי בײדע זייטן פון בעט. זיי זענען געוואָרן וואָס אַ מאָל בלאַלעכער. דער געלער דאָקטער האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער דער מומע חוה. ער האָט לאַנג געהאַלטן זיין קאָפּ פאַרבויגן און זייער נאָענט אויף איר אָפּגעדעקט האַרץ. ס'איז געווען שטיל אַרום בעט און אין שטוב. דעם געלן דאָקטערס קאָפּ איז געלעגן צווישן דער מומע חוהס נאַקעטע, אָפּגעדעקטע בריסטן. ס'ערשטע מאָל האָב איך געזען אירע גרויסע, מומעשע בריסטן מיט אַן אָפּגלאַנץ פון דער בלאַלעך־געקאַלכטער סטעליע. די מומע חוה האָט מער נישט געעטעמט. דאָס נאַקעטע ניי־געבוירענע האָט זיך געראַנגלט מיט צעריסענע קולות אין די הענט פון דער קליינער הדסל. די ווייבער זענען איינציקווייז איבער־געשראָקענע אַרויס מיט פאַרבראָכענע הענט. דער געלער דאָקטער האָט פאַרדעקט דאָס בלאַלעכע פּנים פון דער מומע חוה. ער איז גיך אוועק, טראַגנדיק ווידער דאָס שוואַרצע רענצל אונטערן אָרעם. שטייענדיק שוין אויף דער שוועל ביי דער אָפענער טיר, האָט ער אַרויסגעשטאַמלט עטלעכע שנעלע ווערטער. די דאָזיקע אויסטערלישע, פרעמדע ווערטער האָבן געלאָזט אַלעמען פאַרטייטשן דאָס אומגליק מיט דער מומע חוה:

— דאָס הערץ, מיינע ליבע. דאָס הערץ. דאָס הערץ. אָבער דער יונגע ווירד לעבן! דער יונגע ווירד לעבן! לעבן! לעבן!..

אין דער זעלבער רגע האָט אין דער פאַררינגלטער טיר פון חדר, וווּ ס'איז געווען דער פעטער חיל, זיך געהערט אַ הילכיק קלאַפּן. דאָס האָט ער דאָרט אַזוי געקלאַפּט מיט בײדע פויסטן אין דער פאַרריגלטער טיר און נישט אויפגעהערט הילכיק יאָמערן:

— אל־מלא־רחמים! אל־מלא־רחמים! אל־מלא־רחמים! ווּ איז דיין רחמים, טאַטע אין די הימלען? אל־מלא־רחמים!

זיינע ביידע פויסטן האָבן לאַנג און שווער געקלאַפּט אין דער פאַרריגלטער טיר, אָבער קיינער פון די שטוביקע האָט זיך נישט דערנעענ־טערט צו דער טיר, כּדי זי צו עפענען. פון אינעווייניק האָבן זיך די קלעפּ אַריינגעטראָגן ווי דער אָפּהילך פון ווייטע דונערן, וואָס די הימלען זאָגן אָן דאָס אָנקומען פון אַ בייזן שטורעם.

✶

דינע, ווייך־צעשלענגלטע זענען געווען די שוואַכע זונשטראַלן, וואָס זענען איצט נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך דורכגעריסן דורך די דאַרע, נידעריקע קשאַקעס־צווייגן, געפאַלן אַרום די מענטשן אויפן ריינעם פעלד. דאָס איז געשען צוויי טעג שפּעטער, אין אַ שעה, וואָס איז נאָך געווען ווייט פון ווינטערדיקן זונפאַרגאַנג. ווי ווייט מיין יונגלש אויג האָט דער־גרייכט האָב איך געקענט זען דעם דורכזיכטיקן נעפּל, וואָס איז דאָ געהאַנגען נאָך פון פאַר טאָג, פון דעמאָלט, בעת ס'איז געפאַלן דער שטילער בית־עלמין־שניי. מיר האָט זיך תּמיד אויסגעוויזן אַז דאָ, אויפן ריינעם פעלד, געשעט אַלץ גאָר אַנדערש ווי דאָרט, אין דרויסן, ווו ס'גייען אַרום די מענטשן אין זייער שטענדיקן געפּילדער. אויך דער שניי איז געפאַלן דאָ אַנדערש ווי אין דרויסן. ער איז געווען שיטערלעכער, אַפילו וואַרעמער, געהאַט גאָר שיינע, לייכטנדיקע שטערנדלעך און נישט געווען אַזוי העפטיק־אומרחמנותדיק. די ערד איז געווען שטאַרק פייכט. דאָרט, ווו ס'זענען געלעגן די פלאַטשיקע שטיינער־מצבות, האָבן זיך צווישן זייערע פאַרטיפטע פלאַכן געזאַמלט די גלאַנציקע שנייוואַסערלעך. דאָרט האָט זיך אויך נאָך געשפּילט דאָס שוואַכע זונליכט מיט די צעשלענגלטע שטראַלן פון די קשאַקעס. די זון איז איצט גיך געגאַנגען צו מערב־זייט. זי האָט זיך געאיילט ווי אַנצוזאָגן עמעצן אין די הימלען אַ שלעכטע בשׂורה. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זי איז דאָרט, ביים מערב־ראַנד, געבליבן אַ רגע הענגען אין סאַמע מיט פון די דורכזיכטיקע שנייוואָלקנס. ס'האָט אויסגעזען, אַז באַלד, באַלד וועט ווידער אַראָפּפאַלן דאָ, אויף די פלאַטשיקע שטיינער־מצבות און אויך אויף די נידעריקע קשאַקעס דער

זעלביקער דינער שניי פון אין דער פרי. אָבער ס׳איז גאָרנישט נישט געשען. דער בית־עלמין־ווינט, א וואָרעם־ערדישער, האָט זיך פּלוצעם ווינגדיק איינגעשטילט. די ווייטע וואָלקנס האָבן זיך אויך אָפּגעשטעלט ביים הימל־סוף אין זייער שנעלן געלאָף אַהער און בלויז זי, די זון, אַ פּולע, אַ האַלב־רויטלעכע ווי אַ רייפער קיילעכיקער האַרבסטעפּל, איז געהאַנגען צווישן די וואָלקנס. זי האָט גאָרנישט געאיילט צו פאַרגיין מיט איר בשורה. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דאָרט, צווישן די זילבערנע הימל־געוועלבן, שטייט זי נאָך אַלץ פאַרגאַפט און דערשראָקן. זי האָט אַהער־געקוקט צום קופּקעלע איינגעבוקטע מענטשן לעבן די נידעריקע קשאַקעס, ווו ס׳זענען געלעגן צעשניטענע אירע האַלב־פאַרחלשטע שטראַלן.

פונעם אָרט, ווו איך בין געשטאַנען, האָב איך נישט געקענט זען ווי מע האָט פריער שוין געהאַט צוגעטראָגן די מיטה מיט דער מומע חוה צום אָפענעם קבר. די צאָל מלווים איז געווען זייער גרויס. זיי האָבן פאַר מיר פאַרשטעלט דאָס אויפגעהויבענע, נאַקעטע פיצל פעלד. כ׳האָב בלויז געקענט זען דאָס הויכע שטריימל־היטל פון שוואַרצן מענדל און די אויפגעהויבענע שפּאַדלען פון זיינע גרעבער־געהילפן. ווו איז איצט דער פעטער חיל? צי איז ער גאָרנישט געקומען צו דער קבורה פון דער מומע חוה? ניין, ער איז דאָ, דער פעטער חיל. ער שטייט הינטער אַ גרויסן, פייכטן קשאַק, ווו צוויי חברה־קדישא־לייט האַלטן אים זיינעביידע הענט איינגעשלאָסן אונטער זייערע אָרעמס. ער קאָן זיך נישט רירן פון אָרט. זיי האַלטן אים אַזוי ווי ער וואָלט געווען פון זיי אַ געבונדענער. נישט ווייט פון אים, אויף אַ שטיין, זיצט די מומעביילע מיט אַן אָראַפּגעלאָזטן קאָפּ, וואָס איז פאַרהילט מיט אַ שוואַרצער פאַטשיילע. נאָענט צו איר שויס האַלט זי ביידע קינדער — מינדלען און שימעלען. די קינדער, בלייכע און דערשראָקענע, קוקן אַרויף צום טאַטן, וואָס רייסט זיך איטלעכע רגע פון די הענט פון די צוויי חברה־קדישא־לייט. דער פעטער חיל האָט גאָרנישט געוויינט. ער האָט אויך נישט געשריגן. אַ ווילד, פאַרשלאָסן ברומען און אוממענטשלעך רעווען האָט זיך בלויז געריסן פון הינטער זיין צעפּאַטלטער רויטער באָרד. און בעת אין סאַמע מיט פון די פאַר־זאַמלטע מענטשן האָט זיך דערהערט דער טרוקענער אָפּהילך פון די

געוואָרפענע לאַפּעטעס ערד, וואָס די יונגען האָבן געשיט אויפן הילצערנעם קאַסטן אין ריוו אַראָפּ, ערשט דעמאָלט האָבן די צוויי חברה־קדישא־לייט אַרויסגעלאָזט דעם פעטער חיל פון זייערע פאַרשלאָסענע אָרעמס. מיט זיינע ביידע אויסגעשפּרייטע הענט האָט ער זיך בליציק געשניטן אַ וועג פאַר זיך צווישן די צונויפגעקנוילטע מענטשן. ער איז אַזוי אַרום באַלד געבליבן שטיין ביים שוין פאַרשאָטענעם קבר. ער האָט זיך אויסגעשטרעקט, דער פעטער חיל, אויסגעגלייכט אויפן קאָפּ דאָס פאַרשאַרטע סאַבאָלנע היטל, אַ גלעט געטאָן ביידע עקן פון זיין צעפלאָשעטער באָרד און, אויפהייבנדיק די אויגן צו די פאַרביישוועבנדיקע וואָלקנס, אויסגעשריִען:

— דעם אל־מלא פאַר חוהן וועל איך מאַכן, איך — און נישט דו — מענדל, הערסט?

דער שוואַרצער מענדל האָט אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט זיין לאַפּעטע, וואָס איז געפאַלן נאָענט ביים אָנגעשיטן בערגל. די מענטשן אַרום האָבן זיך אָפּגערוקט אויף עטלעכע שריט. כ'האָב דערזען צווישן די מענטשן דעם טאַטן און אויך די מאַמען. ביידע זענען געווען נישט די זעלביקע וואָס אַ מאָל. זיי זענען געשטאַנען אַרומגעוויקלטע אין שווערע, שוואַרצע ווינטער־מלבושים. ס'איז געווען מיר שווער לכתחילה זיי צו דערקענען מיט זייערע פאַרבויגענע און פאַרוויינטע פּנימער. אָבער איצט, אַז כ'בין שוין געשטאַנען גאָר נאָענט לעבן אָנגעשיטן ערדבערגל, האָב איך זיי פּלוצעם דערקענט. זיי זענען ביידע צוגעלאָפן צום פעטער חיל, אים אָנגעכאַפּט פאַר די הענט און זיך ביי אים געבעטן מיט וויינענדיקע קולות:

— חילעשי־קרוין, האָב רחמנות אויף זיך. אויף דיינע קינדער. ביסט דאָך אַ טאַטע פון יתומים — לאָז מענדלען זאָגן דעם אל־מלא. צעשנייד נישט אונדזערע הערצער. האָסט דאָך אַ ניי שוועלבעלע...

דער פעטער חיל האָט אויף ס'ניי זיך אַ ריס געטאָן און אַפילו נישט געקוקט אין די פּנימער פון טאַטע־מאַמע. ער האָט אויפגעהויבן די הענט איבער זיך און, טייטלענדיק גלייך צום הימל, געשריִען ווי אַ באַצוווּנגענער פון אַ נישט־גוטן:

— ניין, אויב דער הימל האָט זי צוגענומען פון מיר, מיין חוה,

אַ מאַמע פון קינדער, האָט ער געוווּסט וואָס ער טוט. ער האָט מיך געשטראָפט. איך בין ווערט די שטראָף. יאָ, יאָ — כ'בין ווערט די שטראָף. ער, אין הימל, האָט מיר צוגענומען מיין חוהן, אָבער... דעם אל־מלא־רחמים וועט קיינער פון מיר נישט אָוועקנעמען. דאָס וועל איך און נישט קיין אַנדערער זאָגן דעם אל־מלא פאַר מיין חוהן. זי איז געווען מיין ווייב, אַ מאַמע צו מיינע קינדער. זאָל זי אויך הערן דעם אל־מלא פון מיר און נישט פון קיין אַנדערן!

ער האָט ברייט געעפנט זיין מויל, צעשאַרט די פאַרקנוילטע באָרד פון די ליפּן און אַריינגענומען אין די לונגען אַ שטראָם קאַלטע, פייכטע ווינטערלופט, כּדי אויף אַזאַ אופן אָנצוהייבן די טויטן־תּפילה פאַר דער מומע חוה. אָבער ווי נאָר ער האָט געעפנט דאָס מויל און איינגעזויגן די לופט — איז אים דאָס קול אָפּגענומען געוואָרן. ווי אַ פיש אויפן זאַמד האָט ער געעפנט דאָס מויל און נישט אַרויסגעלאָזט דאָס מינדסטע קול. אָבער פּלוצעם האָט זיך דערהערט פון צווישן זיינע געעפנטע ליפּן אַ סאָפּען און כאָרכלעריי ווי ער וואָלט מער נישט געהאַט קיין לופט צו עטעמען אין די לונגען. זיין פּנים איז געוואָרן גראָ־בלאָלעך. ער האָט זיין קאָפּ אויסגעדרייט צום אָרט, ווו ס'איז געזעסן די מומע ביילע און געהאַלטן נאָענט צו איר שויסביידע קינדער. מיט אַ געשוואָלן קול האָט ער הייזעריק אַרויסגעכליפּעט:

— ביי־לע! קום דאָ אַהער, ביילע! קום! דאָ, ביי חוהס קבר, גיב מיר תּקיעת־כּף, אַז וועסט זיין אַ מאַמע צו מיינע יתומים. זאָג מיר צו. ווער וועט זיי האָדעווען אויב נישט דו? ווער?

דאָס קופּקעלע מענטשן האָט געמאַכט אַ שמאָלן דורכגאַנג פאַר דער מומע ביילע מיט ביידע קינדער. זי איז געבליבן שטיין אין איר פאַר־הילטער, שוואַרצער פאַטשיילע, פאַרוואָרפן איבער די אַקסלען. ביידע רויטע ווערשינהענט האָבן געהאַלטן ביי ביידע זייטן די קינדער. איר קאָפּ איז געווען אַראָפּגעלאָזט צום בערגל פון דער מומע חוה. ס'איז געוואָרן אַזוי שטיל, אַז כ'האָב אַפילו געהערט ווי אַ פאַרשפּעטיקטער פויגל הינטער אַ קשאַק שלוכצט צווישן די צווייגן מיט אָפּגעהאַקטע טרערנטרילן. אפשר איז עס געווען דער איינציקער פויגלשער אל־מלא־רחמים פאַר

דער מומע חוהן, וואָס דער קברן האָט נישט געקענט אַרויסבריינגען פון זיין פאַרקלעמטן מויל ? און דעמאָלט, בעת דער באַהאַלטענער בית־עלמין־פויגל האָט פון הינטער דעם קשאַק אַרויסגעוויינט אין דער שטילקייט — האָב איך דערזען דעם האַלב־פינצטערן וואַשקעלער, די אַלטע ראַגאָזשע, די גרויסע באַליע מיט וועש. כ׳וויס נישט פאַר וואָס איז דאָס אַלץ פאַרביי־געשוווּמען פאַר מיינע ייִנגלשע אויגן. כ׳האָב געוואָרט אומגעדולדיק אַז די שטילקייט לעבן קבר זאָל זיך איבעררייסן און ס׳זאָלן זיך שוין דערהערן די אל־מלא־ווערטער פון פעטער חיל. אָבער להכעיס איז די שטילקייט געוואָקסן און זיך לאַנג, לאַנג געצויגן, בעת דאָס קופּקעלע מענטשן איז אַלץ נאָך געשטאַנען פאַרשטיינערט און פאַרטומלט. און אין דער דאָזיקער שטילקייט, ביי דעם פאַרבויגענעם קאָפּ פון דער מומע ביילע און דעם פאַרשוויגענעם קברן, דעם פעטער חיל, האָב איך באַשיימפּערלעך בלויז העכער געהערט פון גאָר נאָענט די איינציקע, וויינענדיקע פויגלשע טרילן פון צווישן די צווייגן אַרויס. אין מיין ייִנגלשן דמיון איז דאָס געווען דאָס סודותדיקע, ווייטע קול פון גאָט, וואָס האָט אַליין זיך פאַרכּישופט אין אַן אומזעעוודיקן בית־עלמין־פויגל. איצט וויינט ער אַרויס פון צווישן די צווייגן זיין אייגענעם אל־מלא־רחמים — נישט בלויז פאַר דער מומע חוה, וואָס רוט אינעם טיפן ריוו, נייערט אויך פאַר אים, דעם פעטער חיל, וואָס דאָס קול איז אים אָפּגענומען געוואָרן. אויך פאַר דער מומע ביילע, וואָס האָט מחמת אַן אויסבאַהאַלטענער, פרומער בושה נישט געקענט אויפהייבן איר קאָפּ. זי האָט בלויז נאָך שטאַרקער אַרומגעוויקלט די גרויסע שוואַרצע פאַטשיילע אַרום אירע אַקסלען. איבער אַלע זייערע קעפּ האָב איך געזען, און נישט בלויז געהערט, ווי דער אויסבאַהאַלטענער פויגלשער אל־מלא קומט נענטער און נענטער מיט זיין זיסן, ווייכן ניגון פון אַ כּישוף־פידעלע, וואָס שלוכצט אויס פאַר אַלע מענטשן גאָטס הייליקע, וויינענדיקע ווערטער פון טרייסט און רחמים.

*

נאָך יענעם טאָג, בעת דאָס אַלץ איז געשען, האָט זיך אויך פאַרענדיקט שוין אויף לאַנגע יאָרן מיין זיין אויפן בית־עלמין. ס׳איז געווען די לעצטע נאַכט פון מיין זיין דאָ — לעבן די גרויסע, איצט וויגנטערדיקע טויטנ־

פעלדער פון פעטער חילס נחלה. די געשעענישן זענען פאָרגאַנגען גיך־גיך ווי גאַטס ווינטן איבער די אָפענע פאַרשנייטע פעלדער. און צוזאַמען מיט די ווינטן זענען פאַר מיר אָנגעקומען גאָר בייע ייִנגלשע תּהומען און ראַנגלענישן.

צו מאָרגנס, נאָך דער קבורה, האָט די מומע ביילע אַרויסגעטראָגן די ראַגאַזשע פון וואַשקעלער און זי אָװעקגעלייגט אויף אַ וואָגן. דער דאָזיקער וואָגן האָט געזאָלט מיך און טאַטע־מאַמע צוריקפירן אין שטאָט אַריין. איידער וואָס־ווען בין איך שוין אַריין אין צענטן יאָר פון מיין יונג לעבן. ס׳איז געקומען די צייט ווידער צו זיין מיט טאַטע־מאַמע. דער וואָגן, וואָס האָט אונדז געדאַרפט פירן אַהיים קיין באַלוט, איז געווען אַ בידעריקער, איינגעשפּאַנט אין אַ מאַגער, שוואַרץ פערדל. דער וואָגן איז געשטאַנען נישט ווייט פונעם טהרה־שטיבל. די שוואַרצע פעל פונעם פערד האָט געגלאַנצט אין באַגינענדיקן שניי מיט אַ ווייסן בליאַסק פון אַבלות. כ׳בין געזעסן אויפן וואָגן צווישן טאַטע־מאַמע. דער שניי, אַ דינער, אַ דראַבנינקער, ווי יעדער בית־עלמין־שניי, איז געווען כמעט וואַרעמלעך. ווייט איבער די פעלדער אין מערב־זייט האָט זיך אויסגעז־לייטערט דער בית־עלמין־הימל. אַ קיילעכיקע, קאַלטע ווינטערזון האָט זיך געריסן פון הינטער די וואָלקנס מיט איר ליכט גלייך אויף אונדזער וואָגן. אַ גרויסער זונפלעק איז געבליבן הענגען אויף די גרויסע שויבן־וויטראַזשן פון טהרה־שטיבל. אין דאָזיקן ליכטפּאַס האָב איך דערזען זי, מינדלען, ווי זי זיצט אויפן פענצטער־קאַרניז און קוקט אַהער צו אונדזער וואָגן. זי זיצט און וואַרט אויף מיר ס׳זאָל ווערן אָוונט, כדי איך זאָל ווידער אַריינפאַלן צווישן אירעביידע הוידענדיקע מיידלשע פיס. דער וואָגן האָט פּאַוואָליע גענומען זיך רירן פון אָרט, בעת דער גרויסער זונפלעק אויפן שויבן־וויטראַזש פון טהרה־פענצטער האָט זיך באַלד איינגעגלאַשן. אפשר איז זי, מינדל, דאָרט גאָרנישט געזעסן, נאָר מיר האָט זיך דאָס אַלץ אויסגעדאַכט אין מיין פאַרקלעמטער ייִנגלשער געזעגענונג מיטן סודותדיקן ווינקל הינטערן שטיבל. וואָרעם זייער אָפט האָב איך אין מיינע ייִנגלשע יאָרן — און אויך שפּעטער — געזען געשטאַלטן, געהערט זייערע רייד, באַגלייט מיט געשעענישן, וואָס זענען אין דער

אמתן גאַרנישט געווען. און אפשר־אפשר איז עס יאָ געווען אמת מיט מינדלען, גראָד ווי ס׳איז אמת איצט, בעת איך שרייב די דאָזיקע שורות אין מיטן דער נאַכט, נאָך צענדליקער יאָרן, בעת אַלץ איז אַזוי דורכזיכטיק, קלאָר און כ׳זע זי זיצן אויפן פענצטער־קאַרניז דעמאָלט, ווען אונדזער וואָגן מיטן שוואַרצן פערדל ציט פּאַוואָליע די סקריפּענדיקע רעדער איבערן פאַרשנייטן זאַמד פאַרביי דעם גרויסן אַריינפאַר־טויער פון בית־עולם. אַ רגע איז דער וואָגן שטיין געבליבן. די מומע ביילע באַגלייט דעם וואָגן און קושט זיך איצט מיט דער מאַמען. דערנאָך הייבט זי העכער איר קליינעם, קיילעכיקן גוף, שטרעקט אויס אירע פולע, גליטשיקע הענט, וואָס נעמען אַרום מיין קאָפּ. זי פּליסטערט הייס איבער מיין פּנים מיט איר פייכטן מומעשן ווערשין־אָטעם:

— אויס ראַגאָזשע, שעיהלע. אויס קעלער, אויס מאַלינעס, ווער וועט מיר לייענען חאַסקלס בריוועלעך — אַז דו וועסט נישט דאָ זיין? ווער?

זי האָט זיך צעכליפּעט. שטאַרקער אַרומגענומען מיט אירע הענט מיין האַלדז.

— הער אויף, ביילע. זאָל זיין מיט מזל! — האָט די מאַמע זיך אַראָפּגעבויגן פון וואָגן — זאָלסט זיין אַ גוטע מאַמע פאַר חילס קינדער. און אויך פאַרן יינגעלע. אַזאַ אָרעם עופעלע.

— און אַ געטריי ווייב צו חילן... — האָט דער טאַטע שטיל־סודותדיק אַראָפּגעמורמלט און נישט אַריינגעקוקט אין דער מומע ביילעס פּנים.

כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז פון איצט אָן וועט אַוודאי די מומע ביילע שלאָפן אין גרויסן בעט פון דער מומע חוה. זי וועט מער נישט שלאָפן אינעם וואַשקעלער מיטן פאַרקראַטעוועטן פענצטער אויף דער האַרטער ראַגאָזשע. און וואָס וועט זיין מיטן פעטער חיל? צי וועט ער ווידער זאָגן זיי אַל־מלא איבער די נידעריקע בערגלעך אַז ער וועט חתונה האָבן מיט דער מומע ביילע? און וואָס וועט זיין מיטן פעטער חאַסקל, וואָס איז נישט צוריקגעקומען פון דער מלחמה? אפשר וועט ער יאָ צוריקקומען, וואָרעם די מלחמה, זאָגט מען, האָט זיך שוין פאַרענדיקט, די דייטשן לויפן שוין אַהיים און אויפן וועג פון בית־עולם צו דער שטאָט הענגען שוין אין די שמאָלע פענצטער די פּוילישע רויט־ווייסע פענער.

דאָס אַלץ איז אַדורך מיין ייִנגלשן דמיון בעת דער וואָגן איז שוין אַריינגעפאָרן מיט אונדז איבערן בזשעזשינער טראַקט. דער שניי האָט דערווייל אין גאַנצן אויפגעהערט... ביי די טויערן שטייען ווי תּמיד קופּקעלעך ייִדן. זיי קוקן אָן פאַרחידושטע אונדזער קליינעם וואָגן. נייע, פרעמדע פּנימער בליקן אונדז אַנטקעגן מיט אַ בלייכער ייִדישער פרייד אין די אויגן.

— ס׳הייבט זיך איצט אָן אַ נייע וועלט פאַר פוילן און אויך פאַר אונדז, ייִדן — זאָגט דער טאַטע מיט אַ האָפערדיקן ניגון אין זיין תּמיד פאַראומערט, קיל קול. די אויגן בלאַנקען אים מיט אַ גליטשיקן האָניק־קאָליר. דער מאַמעס פּנים איז ראָזלעך. זיין פּנים איז פאַרוויקלט אין איר פאַטשיילע. זי שווייגט און דריקט מיך גאָר שטאַרק צו איר האַרץ מיט אַ מאַמישער וואַרעמער ליבשאַפט, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין איר דורך אַזאַ לאַנגער צייט פון יאָרן בעת כ׳בין נישט געווען אין דער היים. איצט וועט שוין אַוודאי אַלץ זיין אַנדערש. כ׳האָב נאָך דריי יאָר צו בר־מיצווה און בין נאָך נישט געגאַנגען אין חדר. ווער ווייס ווען דאָס וועט געשען. אָבער דאַוונען קען איך שוין, וואָרעם פון די אַלטע סידורים אינעם קליינעם בית־עלמין־שולעכל האָב איך זיך אַליין אויסגעלערנט אַלע אותיות. צו מאָל האָט אַ פרעמדער ייִד, וואָס האָט דאָרט אַ גאַנצן טאָג געלערנט משניות, אָדער געזאָגט תהלים פאַר די ניפטרים, מיר געעפנט די סודותדיקע טויערן פון אַלע הייליקע ייִדישע תּפילות. די אַלטע בית־עולם־לייט האָבן מיך תּמיד פאַרהערט, ס׳רוב קעגן אָוונט, צווישן מינחה און מעריב.

אַנטקעגן אָוונט איז דער קליינער וואָגן צוגעפאָרן צו אונדזער אָרעמער באַלוטער שטוב. אין די שמאָלע פענצטער האָבן שוין שוואַך געברענט די נאַפט־און־קאַרביד־לאַמפּן. פונעם קאַרבידליכט האָט זיך פון די פענצטערלעך געגאָסן אַ גרינלעך־לבנהדיקע העליקייט. כ׳האָב זיך שטאַרק געחידושט וואָס אין די פענצטער זענען נישט פאַראַן די הילצערנע צלמים, אַזעלכע, וואָס האָבן געברענט אין די פענצטער פון בית־עלמין־בנין ביים פעטער חיל. כ׳בין געגאַנגען אויף די זעלביקע הילצערנע טרעפּן ווי אַ מאָל, געפירט פון דער מאַמען. און בעתן דורכגיין דעם פינצטער־

לעכן פרוזדור האָב איך באַשיימפּערלעך געהערט: הינטער דער וואַנט וויינט אַלטעלע גראָד ווי אַ מאָל. חיים־יוסף, דער וואָס שטייט תּמיד ביי דער שול, ציילט אַוודאי אינעווייניק די קופּערנע קליינע נדבות אויפן טישל. באַלד הער איך אויך ווי דער קראַנקער משהלע פּייפט אויפן ליימיקן פייפל — דורך דער פאַרמאַכטער טיר. פונעם ווינקל לעבן אונדזער פּאַציאַטקע שפּרינגט פּלוצעם אַרויס דער שאָטן פון אַלטעלעס שוועסטער — דער טויב־שטומער זלאַטע. זי קוקט מיך אָן פאַרחידושט מיט אויפגעריסענע אויגן. זי שמייכלט צו מיר אין איר שטומקייט. אומגעריכט, פיל איך, ווי זי פאַלט צו צו מיין פּנים. אויף מיינע יינגלשע באַקן בלייבן קלעפּן די הייסע קושן פון איר ביטער, שאָטנדיק פּנים, צוזאַמען מיט קליינטשיקע פאַרגליווערטע טרערן פון בענקעניש.

בעת מ׳האָט זיך דערנענטערט צו אונדזער טיר — איז דאָס אַלץ גיך פאַרשוואונדן. די מאַמע האָט מיך אויפגעוועקט פונעם שאָטנהאַפּטיקן זען מיט אירע וואַרעמע שטילע רייד:

— ווייסט ווער ס׳וווינט דאָ אין אַלטעלעס שטוב? איצט וווינט דאָ דער לאַמער שוסטער. ער איז געקומען פון סטאַראָוויעש. מיט צירלען און יאַנקעלען. אַן אַלמן, נעבעך.

און זי האָט געעפנט אונדזער אַלטע, גוטע היימישע טיר פון דער פּאַציאַטקע.

*

אין דער ערשטער נאַכט נאָכן צוריקקער אַהיים האָב איך געהאַט אַן אויסטערלישן חלום: כ׳שטיי לעבן שמאָלן, אומרויִקן וואַסערל, וואָס פּלאַפּלט הינטערן פּוילישן צווינטער. מיט מיר ביים וואַסערל שטייט אַלטעלע — אין איר גראָ, אויסגעריבן קליידל און וויינט. זי ווייזט מיר מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט דעם צווייטן ברעג. דאָרט, זע איך, שטייט דער פעטער חיל אין זיין הויכן סאַבאַלנעם היטל מיטן אויפגעשטעלטן פּעלצקאַנלער. איבערן וואַסער פליִען פייגל, שוואַרצע מיט העל־זילבערנע בייכלעך. זיי לאָזן זיך אַלע ווײלע אַראָפּ צום וואַסערל, צעשפּרייטן זייערע פליגל און אַזוי שווימען זיי אויף זייערע ווייסע פייגלשע בייכלעך צום צווייטן ברעג. אַ כוואַליע קומט אָן, הייבט זיך אויף מיט אַ דינעם

זילבערנעם שוים און פאַרשווענקט אַלע שווימענדיקע פייגל. אָבער פון צווייטן ברעג, ווו ס'שטייט דער פעטער חיל, הערט זיך אַ שטיל געזאַנג, וואָס איז מקבל־פּנים די האַלב־דערטרונקענע פייגל. דאָס שטייט ער דאָרט מיין פעטער חיל, דער קברן, און זינגט זיין אל־מלא־רחמים מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ צום הימל. איך און אַלטעלע שטייען אַרומגענומענע מיט די הענט און הערן זיך צו צום זיסן קול פון פעטער חיל. און פּלוצעם זע איך: ס'איז גאָרנישט דער פעטער חיל. אויפן צווייטן ברעג שטייט אַ מלאָך מיט צונויפגעלייגטע פליגל. ער וויינט עס אַזוי שטיל אויס דעם אל־מלא־רחמים. אין חלום ווייס איך: דאָס איז דער גוטער מלאך פון מיר און פון אַלטעלען, וואָס וועט אָפּהיטן אונדזערע קליינע יונגע גופים, כדי מיר זאָלןביידע אַ מאָל אויפשטיין תחיית־המתים ביים לעצטן, שיינעם געזאַנג פון אל־מלא־רחמים...

*

אַז כ'האָב געעפנט די אויגן, איז די מאַמע געשטאַנען ביים בעט און אַראָפּגענומען מיין האַנט, וואָס איז געלעגן אויפן האַרץ.

— ס'האָט זיך דיר עפּעס געחלומט, שעיהלע. האָסט אַזוי געוויינט. וואָס האָט זיך דיר געחלומט?

כ'האָב אַריינגעקוקט אין איר שיין פּנים. זי האָט צו מיר אַראָפּ־געשמייכלט. דער טאַטע איז געשטאַנען אין ווינקל, איינגעהילט אין טלית און געדאַוונט. אַ פאַרדרעמלטער האָב איך קוים אַרויסגעפּליסטערט:

— אל... מלא... רחמים...

די מאַמע האָט גיך אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף מיין שטערן און דאָרט לאַנג געהאַלטן איר האַנטפלאַך. ווען זי האָט שפּעטער אַראָפּ־גענומען די האַנט האָט זי צום זעלביקן אָרט אַראָפּגענייגט איר פּנים. אירע וואַרעמע, מאַמישע ליפּן האָבן שטאַרק געפּרעסט מיין שטערן מיט אַ הייסן, לאַנגן, פריידיקן קוש.

# פישוף

דער פעטער פייוויש, דער ברודער פון דער מומעביילע — דער וואָס ליידט אויף דער פאַליקע — איז געזעסן שוין אַ לאַנגע צייט אין אונדזער פאַציאַטקע ביים פענצטער, וואָס קוקט אַראָפּ צום ליקל. אָן אויפהער האָט ער אַריינגערעדט אין טאַטן מיט זיינע האַלבע, צעקאַליעטשעטע ווערטער. מיר האָט זיך געדאַכט אַז דער טאַטע הערט זיך לחלוטין נישט צו צו זיינע רייד, ווי צווישן זיי ביידע וואָלט געהאַנגען אַ דינער, נישט־דורכדרינגלעכער נעפּל. דער אַ נעפּל, אַ נידעריקער, אַ פולער, אַ יי׳אושדיקער איז געווען ווי אַ דינע, פרעמדע שנייוואַנט, וואָס שיידט אָפּ אַ שיינע קלאָרע לופט פון אַ ווירבלענדיקער שניי־זאַווערוכע. און כאָטש כ׳האָב ביידע געזען זיצן גאָר נאָענט איינער לעבן צווייטן — האָבן דאָך ביידע, דער טאַטע און דער פעטער פייוויש, אויסגעזען אין מיינע דעמאָלטיקע יינגלשע אויגן ווי צוויי פאַרכישופטע געשטאַלטן נישט פון אונדזער וועלט, וואָס דער אַ שניינעפּל האָט זיי קום־קוים פון זיך אַרויסגעשיילט.

ס׳איז שוין געווען טריב־אווונטיק. פול מיט דעמערונג־צער איז געווען דורכגעדרונגען דער טרויער־נעפּל. פון פענצטער לעבן ליקל האָט שוואַך געשוישט אַ כליפּענדיקער אָוונטווינט. ער איז געווען פול מיט יי׳אוש און בענקעניש. פאַר וואָס הער איך תּמיד אינעם ליקלווינט אַזאַ שטיל וויינעכליפּ? וויפל דער פעטער פייוויש זאָל נישט אָן איינגעבוקטער הויך אַריינמורמלען אין טאַטנס פּנים זיינע האַלב־צעבראָכענע, קאַלטע ווערטער, האָב איך צום קלאָרסטן דאָך געהערט דעם אומעטיקן ליקלווינט, וואָס האָט פאַרשעמט געזיפצט אין די גראָע געפּלאַצטע שויבן פון אונדזער פאַציאַטקע־פענצטער.

דער פעטער פּייוויש איז אַריינגעקומען צו אונדז נישט אַליין. מיט אים איז אויך געקומען אין דער פּאַציאַטקע אַן אויסטערלישער מענטש, וואָס האָט די גאַנצע צייט, אַ איינגעבויקטער אין זיך, מיט אַ ביסל אַ געבערגלט־אויפגעהויבענער ברוסט, נישט אויסגערעדט דאָס מינדסטע וואָרט. פון צייט צו צייט האָט ער בלויז אויסגעשטרעקט זיין האַנט, מיט איר זייער פּאַוואָליע געגלעט אַרויף און אַראָפּ זיין אויפגעהויבן־געבערגלטע ברוסט, וואָס האָט זיך שטאַרק אַנגעזעצן פון אונטער זיין שוואַרץ אָפּגעשוונדן רעקל. דער מענטש האָט געהאַט אַ זייער דין, פלאַטשיק, דורכזעיק פּנים, מיט קליינע אַריינגעזעצטע אייגעלעך און אויך שיטערע, קליינע וואָנצעלעך פון שטרויקאָליר. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ קרומע מאַטשעיוווקע, וואָס האָט געהאַט די פאַרב פון צעטראָטענער בלאָטע. זי איז געזעסן טיף איבער זיינע אויערן ווי אַ שוואַרצער פלאַכער טאָפּ. דער מענטש האָט געשוויגן די גאַנצע צייט. דער פעטער פּייוויש האָט אַריינגערעדט אין טאָטן ביים פענצטער־ליקל. דאָס איז געשען אַזוי לאַנג ביז דער טאַטע איז אַרויסגעגאַנגען פון הינטערן נעפּל און שטיל געפרעגט דעם פעטער פּייוויש:

— און ווער איז דער יונגער־מאַן, ווער ?

דער פעטער פּייוויש האָט אַ ווײַלע געשוויגן. זיינע האַלבע צעקאַ־ליעטשעטע ווערטער האָבן זיך נאָך מערער צעבראָכן. ער האָט לכתּחילה גאָרנישט געענטפערט. נאָך אַ לאַנג שווייגן האָט ער זיך אויסגעדרייט צום יונגער־מאַן און באַלד דערנאָך איינגערוימט דעם טאָטן:

— דאָס איז מיין חבר, פון הקדש.

— אַזוי ? ווי רופט מען אייך, יונגער־מאַן ? — האָט דער טאַטע זיך שוין געווענדט צום פרעמדן אַליין.

דער פעטער פּייוויש האָט גיך אַרויסגעוואָרפן פון זיין מויל :

— ער איז אַ טויב־שטומער, מיין חבר פון הקדש, זעליקל הייסט ער, מעכל־זעליק, ער איז טויב־שטום.

— טויב־שטום ? — האָט דער טאַטע אַרויפגעלייגט זיין פולן בליק אויפן יונגער־מאַנס פּנים, ווי ער וואָלט דאָרטן, פון זיינע איינגעפאַלענע, געפאַלדעוועטע באַקשניטן, געקענט אַרויסנעמען דעם פאַרבאַהאַלטענעם סוד

פונעם פרעמדן יונגער־מאַנס טויב־שטומקייט — און ווי אַזוי רעדסטו זיך, פּייווישל, צונויף מיט דיין מעכל־זעליק, הע? האָסט שוין נישט געהאַט קיין בעסערן חבר זיך אויסצוקלייבן אין הקדש? אוי, פּייווישל, פּייווישל — האָט דער טאַטע, אויסשפּרייטנדיק ביידע הענט ווי צו דוכענען, זיי אַרויפגעלייגט אויפן פעטער פּייווישס פאַרבויגענע אַקסלען.

— אַ נס, אַ נס, משה־קרוין — האָט דער פעטער פּייוויש מיש שׂימחה אויסגעשריגן — אַן אמתער נס, אין סאַמע הקדש. אַ נס פון הימל!

און איצט האָט ווידער דער פעטער פּייוויש אָנגעהויבן צו דערציילן דעם טאַטן אַלץ פון אָנהייב, גראַד ווי פריער, בעת ער איז געזעסן מיט אים לעבן פענצטער־ליקל. דעמאָלט איז צו מיר נישט דערגאַנגען גאָרנישט פון זיין סודותדיק געפּליסטער, אָבער איצט, ביים טיש, האָב איך שוין געהערט אַלץ וואָס דער פעטער פּייוויש האָט נאָך אַ מאָל דערציילט דעם טאַטן. דעם טאַטנס אויגן זענען געלאָפן אַהין און צוריק: פון פעטער פּייווישס פּנים צו די פאַרשוויגענע ליפּן און קליינע, פאַרזיגלטע אויערן פונעם טויב־שטומען מעכל־זעליק.

דער פעטער פּייוויש האָט אויף ס'ניי געערעדט וועגן דעם גרויסן נס וואָס איז מיט אים, דעם פעטער פּייוויש, געשען. און געשען איז דער דאָזיקער נס טאַקע מחמת זיין הקדש־חבר, וואָס איז שוין יאָרן געוועזן אַ הקדש־מענטש. דורך די אַלע הקדש־יאָרן האָט דער טויב־שטומער יונגער־מאַן קיין מאָל נישט אויפגעהערט צו שפּילן אויף אַזאַ מין קליין, איינגעפאַלן, אָפּגעריבן, שוואַך פידעלע. דאָס פידל־שפּילן איז אוודאי געקומען צו אים נאָך פון יענע ווייטע צייטן, איידער ער איז געוואָרן אַן אייביקער בעל־מום. דער האַלב שטאַמלענדיקער פעטער פּייוויש האָט דערציילט דעם טאַטן אויף ס'ניי ווי אַזוי אַנומלט — און געשען איז עס אין מיטן נאַכט — האָט ער, פּייוויש, עפּעס נישט געקאָנט איינשלאָפן, גראַד ווי גאָט אַליין וואָלט פון אים אָפּגענומען דעם שלאָף דעמאָלט, כּדי אים, פּייווישן, צו שיקן די רפואה אין זיין אומגליק. ס'איז געווען שטאַרק פינצטער אין הקדש. ביי דער מיזרח־וואַנט איז געשטאַנען דער אומגעהובלטער אָרון־קודש. פון זיין אָרון־טונקלעניש האָבן בלויז שיטער אַרויסגעלויכטן די פאַרהענגלעך, וואָס פאַרדעקן דעם אָרון. נישט ווייט

פון פעטער פּיוויש איז געלעגן אין הקדש אויפן שטרויזאַק דער טויב־שטומער מעכל־זעליק. פּלוצעם זעט דער פעטער פּיוויש: מעכל־זעליק האַלט אין דער האַנט זיין דראַבנע קליין פידעלע און ער הייבט אָן צו סטראָיען און דערנאָך צו שפּילן אין דער פינצטער.

— משה־קרוין, משה־קרוין — הערט נישט אויף דער פעטער פּיוויש צו גלעטן דעם טאַטנס קני. און איך זע אין מיין יינגלשן דמיון: אין דער הקדש־נאַכט האָט זיך צווישןביידע געוויגט אין דער פינצטער דער פידל־ניגון אַזוי זיס, אַזוי ווייך, אַזוי וואַרעם, אַז ער, דער פעטער פּיוויש, האָט פּלוצעם דערפילט אין זיינע ביידע אויגן־ווינקלען ווי ס׳דערנענטערט זיך צו זיי פון ערגעץ ווו אַ וואַרעמע, טרעריקע נעציקייט. יאָ, דאָס זענען געווען טאַקע זיי, די ערשטע, ביי־געבוירענע יונגע טרערן ביים פעטער פּיוויש. אויף זיי האָט ער אַזוי געוואַרט גאַנצע יאָרן, זיי זאָלן פון אים אָפּנעמען די קרענק — די פּאַליקע. און ס׳איז טאַקע געשען דער גרויסער נס: וואָרעם פון איצט אָן, האָט ער געוווסט, וועט ער מער נישט האָבן די קרענק. ער קאָן שוין וויינען מיט אמתע, גרויסע טרערן, דער פעטער פּיוויש. ווי איטלעכער מענטש. אַזוי האָט אים געזאָגט דער דאָקטער: אַז ער וועט אַ מאָל קענען וויינען, דער פעטער פּיוויש, וועט פון אים אַוועק דאָס שלעכטס און אַפילו דאָס שטאַמלעניש. אויך איצט, זע איך אים נאָך זיצן אין אונדזער פּאַציאַטקע אַ גאַנצן אָוונט, צוזאַמען מיט מעכל־זעליקן דעם טויב־שטומען. איך הער נאָך איצט ווי ער דערציילט דעם טאַטן וועגן דעם גרויסן נס. און אַלץ איז געשען מחמת דעם קליינעם פידעלע פון זיין שטומען הקדש־חבר מעכל־זעליק.

— אוי, משה־קרוין, אַזאַ כּישוף, כ׳על שוין קאָנען תּמיד וויינען, כ׳על מער נישט פאַלן אויף דער גאַס. זאָג: איז עס נישט אַ נס פון הימל? איז נישט מעכל־זעליק מיין גוטער מלאך, וואָס דער אייבערשטער האָט צו מיר אַראָפּגעשיקט? ער איז טאַקע דער גוטער מלאך, וואָס האָט מיר געבראַכט פון גאָט די טרערן...

— און אַלץ פון דעם יונגער־מאַן זאַגסטו? — קוקט דער טאַטע אַריין אין מעכל־זעליקס פאַרזיגלט פּנים. דערנאָך קוקט ער צום שמאָלן, אָפּגעריבענעם פוטעראַל, ווו ס׳ליגט פאַרבאָרגן דאָס קליינע פידעלע און

וואָס מעכל־זעליק האָט אין צווישן שוין פריִער געהאַט אַרויסגענומען פון היגטער זיין הויכער, אויפגעבערגלטער ברוסט און אַוועקגעלייגט אויפן טיש.

— כ׳זאָל אַזוי קענען אייביק וויינען, משה. ווי כ׳זאָג דיר דעם הייליקן אמת. אין מיטן נאַכט איז עס געשען. פּלוצעם: איך הער שפּילן. אין דער פינצטער. זאָג איך צו אים: שפּיל, שפּיל, זעליקל, שפּיל — און פּלוצעם ווערט מיר עפּעס אַזוי אָ, אַזוי אָ, צו ערשט דאָ, ביים האַרצן, דערנאָך, פון די אויגן־ווינקלען שטראָמט אַזאַ זיסע, דינע נעציקייט. אוי גוואַלד! — שריי איך אויס — כ׳וויין, זעליקל־קרוין! כ׳וויין, געלויבט איז דער אייבערשטער, כ׳וויין מיט אמתע טרערן! די בייזע קרענק האָט זיך שוין פון מיר אָפּגעטאָן. די פאַליקע האָט גאָט אָפּגענומען פון פּיוווישן... וואָס זאָל איך דיר זאָגן, משה־קרוין? פון גרויס פרייד האָב איך אָנגעהויבן נאָך העכער צו וויינען און וואָס מערער כ׳האָב געוויינט פון פרייד, אַלץ מערער האָבן זיך געגאָסן די הייסע טרערן פוןביידע אויגן, גאָטס צוגעשיקטע הייליקע טרערן. די הקדש־לייט אַרום מיר אויף די שטרויזעק האָבן זיך אַלע אויפגעזעצט. געשריגן, אַז כ׳בין אַראָפּ פון זינען. ס׳געשעט אָפּט, אַז אין הקדש גייט מען אַראָפּ פון זינען. ס׳איז דאָך געווען פינצטער, אין מיטן נאַכט, זעליקל האָט געשפּילט און איך האָב געוויינט. פון פרייד, כ׳האָב גאָרנישט געוווסט, אַז טרערן קאָנען ברענגען אַזוי פיל פרייד, משה־קרוין... מיר האָט אויסגעדאַכט, אַז אַלע הקדש־לייט פרייען זיך אויך מיט מיין וויינען, וואָרעם אַלע האָבן זיי אָנגעהויבן פּלוצעם צו לאַכן. זיי האָבן אַזוי הויך געלאַכט, אַז זיי האָבן אַפילו אַריבערגעלאַכט דאָס פידל־שפּילן פון מעכל־זעליקן. טאַקע פון אים, פון מעכל־זעליקן, איז געקומען דער גרויסער נס, משה־קרוין, דער גרויסער נס פון הימל...

ערשט איצט האָב איך זיך גוט אַריינגעקוקט אין פרעמדן יונגער־מאַנס פּנים. מעכל־זעליק איז געווען אַן אַלטער, דאַרער בחור, מיט אַ קליין פּנימל. פון דאָזיקן פּנימל האָבן צו מיר איצט געקוקט זיינע קליינע שטומע אויגן, אַלט־בחורישע, שטום־פאַרגלאָזטע און עלנטע. דורך זייער פאַרשטומטקייט, פאַרגלאָזטקייט און אַלט־בחורישער עלנטקייט איז פאַר

מיר פון דעסטוועגן נישט געווען פאַרהוילן זיין ווייטע, פאַרבאָרגענע פרייד וואָס אַוודאי בלויז די טויב־שטומע טראָגן אין זיך — נישט ווי אַלע הערנדיקע און רעדנדיקע מענטשן. די פרייד האָט געמוזט קומען אַוודאי צו אים פון זיין גוטן, ווייסן מלאך, וואָס יעטוועדער געשטראָפטער בעל־מום ווערט פון אים אַרומגעפלאַטערט, באַגלייט און אָפּגעהיטן. ער איז עס מעכל־זעליקס אייביקער, גוטער מלאכישער שומר. נישט אַזוי איז עס מיט אַלע געזונטע, רעדנדיקע און הערנדיקע מענטשן, וואָס שווימען אַרום תמיד אין אַ גרויסן אוקינוס פון ווינטן, שטורעמס און בייזע געוויין. זעליקלס מלאך איז געקומען פון אַן אַנדער וועלט, פון דאָרטן, ווו ס'הערשט אייביקע הימל־שטילקייט און די בלאָע, פלאַטערנדיקע שלווה פון גאָטס רחמים, פון דאָרטן, ווו ס'שוועבט אונטער די הימלען אַ שאָרכנדיקער, זיסער תפילה־ווינט, וואָס איז פול מיט כישוף און די פאַרבאָרגענע מלאכימס פליסטערייען. פון די אַ געהיימע, שטומע מלאכישע פליסטערייען גייען אַרויס צו מעכל־זעליקס אַלט־בחוריש האַרץ אַלע סודות אין זיין פאַרבלאָנדזשעט, שטום־פאַרזיגלט בעל־מומיש לעבן.

זעליקס מלאך האָט אויך איצט צו מיר אין דער פּאַציאַטקע אַרויס־געשמייכלט טויב־שטום פון זיין פּנימל. ער איז געווען פאַר מיר, דער מלאך, פריִער פאַרבאָרגן, גראַד ווי זיין קליין פידעלע, וואָס ער האָט אויסבאַהאַלטן אינעם שוואַרצן, אָפּגעשונדענעם פוטעראַל. בעת איך האָב איצט אַריינגעקוקט, אַ פאַרגאַפטער, אין דאָזיקן פוטעראַל אויפן טיש, זענען מיר פלוצעם געקומען אויפן זינען די קליינע, נישט־געהובלטע, שמאָלע טויטן־קעסטעלעך, וואָס די חברה־קדישא־לייט פלעגן אַרויסטראָגן אונטערן אָרעם אויפן ריינעם פעלד, ביים פעטער חיל, דעם קברן. דאָרטן, אין די שמאָלע, לענגלעכע אַרונדלעך, זענען זיי געלעגן, די קליינע, פאַרשטאָרבענע קינדער, אָדער די עופעלעך, וואָס זענען געקומען אויף דער וועלט, כּדי באַלד פלוצעם צוריק אַוועקצוגיין אין דער פאַרזונקענקייט פון גאָטס ווייטן, סודותדיקן באַשאַף. אין מיין ייִנגלשער פאַרחידושטקייט פון אַלץ וואָס געשעט אַרום מיר און אַרום די מענטשן, איז דאָס געווען אַ שלעכטער סימן, פול מיט צער און האַרץ־קוועלעניש. אַט־אַט, אַז דאָס אַ שוואַרצע קעסטעלע — און פידל־פוטעראַל — וועט באַלד אַנטרינען

און פֿאַרשווינדן אין אַן אָפֿענער צוגעגרייטער ערדטיפֿעניש. ס'וועט אַראָפּ אין דער ערדטיפֿעניש צוזאַמען מיט אַ שיינעם, הויכן גראָזוואַרצל, מיט אַ גיך־פֿויזענדיקער שוואַרצער, אומרויִקער מוראַשקע, אָדער צוזאַמען מיט די פֿאַרטריקנטע, קאַלטע, פֿאַרביקע שמעטערלינגען. די אַ קליינע, דינע, פֿאַרטריקנטע, קאַליריקע שמעטערלינגען זענען, געדענק איך, מיד געהאַנגען צו צווייען און צו דרייען, שוין נישט לעבעדיקע, אויף די נידעריקע קשאַקעס אויפֿן ריינעם פֿעלד, ווי זיי וואָלטן אַלץ געוואַרט, אַז די קבֿרנים זאָלן אויך פֿאַר זיי אויסגראָבן די טיפֿע ערדריוון. און דעמאָלט, ווי נאָר מ'האָט אַראָפּגעלאָזט אין אַזאַ אויסגעגראָבענעם ערד־שפּאַלט דאָס שמאָלע קעסטעלע, פֿלעגן די פֿאַרטריקנטע שמעטערלינגען, געטראָגן פֿון אַ פּלוצעמדיקן ווינט, די ערשטע אַריינפֿאַלן אין אָפֿענעם גרובֿ און טייל מאָל אויך פֿאַרדעקט דאָס אייבערשטע קעסטלדעקל. פֿאַר וואָס האָבן זיי אַלע געוואַרט אויף די פֿאַרשלאָסענע קעסטעלעך? פֿאַר וואָס האָבן מיך איצט כּישופֿדיק געטריבן די אַ ייִנגלשע שמעטערלינגען־מחשבֿות ווידער אַהין, צום פֿעטער הילס גיטער, בעת דאָ, אין דער פּאַציאַטקע, איז געלעגן אויפֿן טיש דער פֿאַרשלאָסענער פּוטעראַל מיטן פּידעלע פֿון טויב־שטומען מעכל־זעליקל, וואָס איז געקומען מיטן פֿעטער פּייוויש פֿון הקדש?

כ'ווייס נישט. אויך איצט, בעת איך זיץ אַריבערגעבויגן איבערן ווייסן פּאַפּירבויגן אין מיין מיטנאַכטיקער קראַנקער זיקנהשער שעה, ווייס איך נאָך אַלץ נישט פֿאַר וואָס דאָס איז דעמאָלט אַזוי געשען. אַ מחשבֿה ווי אַ קליין שלאָפֿלאָז זינגפֿייגעלע אין דער פֿינצטערניש, גליט מיט איר דין שנעבעלע אין מיינע הייסע, שלאָפֿלאָזע שלייפֿן: אפֿשר זענען דאָרט, אינעם פּוטעראַל, געלעגן פֿאַרבאַהאַלטן די פֿליגל פֿון זיין גוטן מלאך? און אפֿשר גאָר דער מלאך אַליין וואָס האָט זיך דאָרטן אויסבאַהאַלטן פֿאַרן שוואַרצן מלאך־המוות, וואָס וואַרט צו פֿאַרטיליקן גאָטס יעטוועדער באַשאַף? און אפֿשר ליגט דאָרטן געבונדן (קלאַפּט אין מיינע שלייפֿן איצט מיט זיין שפּיציקן, דינעם פֿויגל־שנעבעלע דער נאַכטפֿויגל), אפֿשר גאָר ליגט דאָרטן געבונדן אין שווערע קייטן דער מלאך־המוות אַליין? ער וועט שוין קיין מאָל נישט אַרויס פֿון זיין פֿינצטער געפֿענקעניש,

כּדי דאָס שטאַרבן זאָל מער נישט האָבן אויף אייביק קיין שליטה אויף דער ערד ?

בעת מיינע דאָזיקע יינגלשע מחשבות זענען דעמאָלט ארומגעשוווּמען אינעם פּאַציאַטקע־חלל לעבן אונדז ביים טיש, האָט דערווייל די מאַמע ביים פּירפּיסיקן אויוון, אינעם ווינקל, אויפגעהערט שוין צו שיילן די גרויסע, בלאָלעכע קאַרטאָפל. זי האָט זיי געשיילט מיט א פרומער פּאַרכטיקייט ווי קיילעכדיקע שיינע יעשען־עפּל, מיט אַ גאַר דינער הויט. לכתּחילה האָט זי זיי גאַר נאָענט צוגעטראָגן צו איר מויל, אונטער אירע ליפּן און נאָזפליגל. פון דאָרטן האָט זי אַריינגעצויגן אין זיך גאַר פּאַוואָליע זייער גוטן, ערדישן קאַרטאָפל־ריח. זי האָט זיך איצט געגרייט גיך אָפּצוקאָכן אַ ביסל וואַרעמס פאַר די פּלוצעמדיקע הקדש־געסט, זיי זענען אוודאי געווען זייער הונגעריק. אויך דער טאַטע און איך האָבן זייער אַפּט געקוקט צום אויוון, ווו אַ שוואַך פייער האָט געוואַרעמט אונדזער גרויסן הונגעריקן בטחון אויף אַ ביסל וואַרעם געקעכטס. פאַרן פענצטער איז שווער געהאַנגען די באַלוטער נאַכט — אַ טונקעלער טרויער־פּאַרהאַנג, אויסגעשפּינט פון ענגן ליקל, פון וואַנען די טוכלעקייט האָט זיך אויפגעהויבן טריב און שווער. אַלץ איז געווען הונגעריק: די בידעריקע סטעליע, דער הילצערנער, געקלאַפּטער דיל, דער שמאָלער טיש מיטן פאַרמאַכטן פידל־פוטעראַל, די פענצטער־פּראַמוגעס און אַפילו די ווענט, וואָס האָבן זיך געשיילט ווי דאָס געלע, אַלטע פּאַפּיר אין מיינע זיידעס סידורים. די מאַמע האָט עפּעס פרום געפּרעפּלט פאַר זיך שטילערהייט, מיט אַ פאַרקלעמט מויל. אירע הענט, ווייסע און פלאַטערנדיקע, האָבן איטלעכע רגע הויך אויפגעהויבן דעם גרויסן טאָפּ מיט די קאַרטאָפל. פון דאָרטן האָט זיך קעגן איר פּנים אויפגעהויבן אַ זיסער, פּאַליענדיקער נעפּל, אַ שטאַרק געווירציקער און שיינער. ער האָט מיך איצט דערמאָנט, דער פּאַרע־נעפּל, אין יענע קילע, שווימענדיקע, נידעריקע בית־עלמין־נעפּלעך פאַרן זונאויפגאַנג, נאָך איידער די זון צעוואַרפט אירע קיילעכדיקע און שפּיציקע ליכטפּלעקן איבער די איינגע־פאַלענע טויטן־בערגעלעך פון פעטער הילס טויטנפּלעצער.

דער טאַטע האָט זיך פּלוצעם גאָר נאָענט צוגעבויגן צום פעטער פּייוויש אויער און דאָרטן אַריינגעפּליסטערט:

— זאָג מיר, כ'בעט דיך, פּייווישל־קרוין, פון וואָס 'עסטו האָבן פּרנסה, אַז דו ביסט אַוועק פון הקדש? פון וואַנען 'עסטו נעמען אַ שטיקל ברויט און... און אַ נאַכט־לעגער? אַ מענטש דאַרף דאָך עסן און שלאָפן, יאָ צי ניין? אַ העמד, אַ ביסל געקעכטס.

דער פעטער פּייוויש האָט אויף אַ רגע אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און אים אַזוי געלאָזט לאַנג הענגען איבער זיין איינגעפאַלענער ברוסט. זיין פּנים איז געוואָרן מיט אַ מאָל פינצטערער. די זאָרג אין אַ גריבער טונקלקייט האָט זיך ווי אַ שלייער געשאַרט אַרום זיינע שלייפן. ער האָט אַ קוק געטאָן צו מעכל־זעליקלען און באַלד דערנאָך אויפגעהויבן זיין קאָפּ. אַ פאַרבאַהאַלטענע ליכטיקייט איז פּלוצעם אַרויסגעשווומען פון הינטער זיינע האַלב־אַראָפּגעלאָזטע ברעמען.

— וואָס הייסט פון וואַנען? ראשית, וועל איך שלאָפן אין ביילעס וואַשקעלער, אויפן בית־עלמין, ביי חילן. ביילע איך דאָך די בעל־הביתטע נאָך חוהן, נעבעך... און מכוח פּרנסה? אַ, אַ, אַ, — האָט ער אויפגעהויבן זיין פּנים צו דער סטעליע, דערנאָך מיט זיין רעכטער האַנט אַרומגענומען די איינגעבויגענע פּלייצע פון מעכל־זעליקן — מיר וועלן ביידע, איך און מיין הקדש־חבר, ווערן שמאַטע־קלויבערס. ס'איז דאָך מיין אַלט פאַך, טאַקע שמאַטע־קלויבערס. און דערנאָך, דערנאָך פאַרקויפן טעלער, זייגערס און קינדער־שפּילצייג פאַר שמאַטעס, אויף אַ קליין וועגעלע. אַז מ'עט אַריינפאָרן אין אַ הויף, וועט ער, מעכל־זעליק, דער ערשטער אַ שפּיל טאָן אויפן פידעלע, אַז די ווייבער זאָלן הערן, אַראָפּברענגען די שמאַטעס און אַלטע זאַכן און קריגן פאַר זיי שיינע טעלער אָדער שפּילזייגערס. מיר'ן האָבן ביידע שיין פּרנסה, משה־קרוין, נישט געזאָרגט. און אַז כ'וועל נישט קאָנען קריגן ס'אָרט אין ביילעס וואַשקעלער, אַהאָ! אין הקדש וועט מען מיך תמיד אָננעמען. כאָטש איך האָב שוין אָנגעהויבן צו ווייגען און וועל אוודאי מער שוין נישט פאַלן אין מיטן גאַס. כ'וואָלט געדאַרפט האָבן אַ געהילף ביים פאַרקויפן די טעלער. אפשר וואָלסטו מיר געגעבן שאַיעלען, ער זאָל בלויז קוקן אויף די ווייבערס הענט? וואָרעם די

ווייבער זענען אַלע גנבים און מעכל־זעליק, אויב ער שפּילט נישט אויפֿן פֿידעלע, איז ער תּמיד פֿאַרנומען מיטן סטראַיען די סטרונעס. אַ גאַנצן טאָג סטראַיעט ער די סטרונעס אויפֿן פֿידעלע. האָסטו שוין געזען אַזאַ זאַך? נאָר ער סטראַיעט און סטראַיעט. האָסטו שוין געהערט, משה־קרוין, אַז אַ טויב־שטומער זאָל סטראַיען סטרונעס און שפּילן אויף אַ פֿידעלע? עפּעס אַ שד, אַ דיבוק, אַ כּישוף זיצט אין דעם מעכל־זעליק, נישט אַנדערש, און אפֿשר גאָר אַ גוטער מלאך? אין הקדש איז געווען אויך אַ בלינדער ייִד, האָט ער טאָג און נאַכט געזאָגט תּהילים פֿון אַ סידור. געמישט אַ בלעטל נאָך אַ בלעטל, ווי ער וואָלט געהאַט אויגן, וואָס זעען. צי איז מעגלעך, משה־קרוין, אַז אַ בלינדער ייִד זאָל זען אַ בלעטל נאָך אַ בלעטל? אפֿשר יאָ. מיינסט אפֿשר, אַז ער האָט נישט געווינט, דער בלינדער ייִד? געווינט יעדער מאָל ביים אַריבערמישן אַ בלעטל פֿון סידור. צום מיינסטן אָבער האָב איך זיך געחידושט, הערסט משה־קרוין, ווען דער בלינדער ייִד האָט יעדער מאָל מיט דער פּאַטשיילע אָפּגעווישט פֿונעם בלעטל זיין אַראָפּגעפּאַלענע טרער, ווי ער וואָלט געזען מיט די אייגענע אויגן. דאָס איז נאָך געשען לאַנג פֿאַר דעם ווי איך אַליין האָב אָנגעהויבן צו ווייַנען נאָכן שפּילן פֿון מעכל־זעליקל און אויפֿגעהערט צו שטאַמלען. אוי, האָב איך מיך געבעטן גאַנצע טעג ביים רבונו־של־עולם, וואָלט ער בעסער, דער אייבערשטער, מיר געשיקט זיינע אַראָפּגעפּאַלענע טרערן, וואָס זענען פֿאַרטריקנט געוואָרן צווישן די שורות אין תּהילים. וואָלט איך דעמאָלט פּטור געוואָרן פֿון דער קרענק, פֿון דער פּאַליקע... און אַ צוויי טעג שפּעטער — אַזאַ נס, די מעשה מיט מעכל־זעליקס שפּילן ביי נאַכט. אוי, משה־קרוין, צי קאָן מען פֿאַרשטיין דעם אייבערשטנס וועגן? אפֿשר זענען טאַקע דעם בלינדן ייִדנס טרערן געווען אַ רפֿואה פֿאַר מיין קרענק? ווי מיינסטו? צי גלייבסטו אין אַזאַ נס? אַזאַ כּישוף? צי גלייבסטו אין גוטע מלאכים. וואָס טראָגן צו די רפֿואות פֿאַר מענטשן?

דאָס ערשטע מאָל פֿון זינט איך קען דעם פֿעטער פּייוויש האָב איך איצט געהערט פֿון זיין מויל אַזעלכע אויסטערלישע, קלאָרע און הייליקע רייד. דאָס אַלץ איז אוודאי געשען נאָך דעם ווי ס׳האָבן זיך צו אים

צוריקגעקערט די טרערן און זיי זענען טאַקע געוואָרן פאַר אים די רפואה. אויך ביי אונדז אין שטוב, ווייס איך, פלעגט די מאַמע תמיד וויינען אין איר פאַרקלעמטקייט, געפּאַלנקייט און נויט, און פון דעסטוועגן האָט דער אייבערשטער קיין מאָל נישט אויפגענומען אירע טרערן. אפשר האָט די מאַמע געטראָגן עפּעס אַ חטא אויפן האַרצן, וואָס פאַרטרייבט פון זיך אַלע גוטע מלאכים, וואָס ברענגען רפואות? די זעלבע מלאכים וואָס טראָגן צו די טרערן פון מענטשן צום רבונו־של־עולם...

ס'האָט לאַנג נישט געדויערט ווי די מאַמע האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טיש פינף רונדיקע, האַלב־פאַרטיפטע בלעכענע שיסעלעך. איך ווייס נישט פאַר וואָס די קליינע רונדיקע שיסעלעך האָבן מיך איצט דערמאָנט אין יענע שיסעלעך, וואָס איך האָב אַנומלט געזען ביי אונדזער שכן, חיים־יוסף, ביי אָט דעם, וואָס פלעגט שטיין ביי דער באַלוטער שול און דאָרטן בסוד בעטן נדבות. איצט איז ער אויך אין הקדש, חיים־יוסף. פאַר וואָס דערמאָנט אים נישט דער פעטער פּיוויש? און וואָס איז געוואָרן מיט זיין זלאָטען, וואָס איז אויך אַוועק אין הקדש, נאָך דעם ווי זיי האָבן אַלע פאַרלאָזט די שטוב לעבן אונדזער פּאַציאַטקע? כ'האָב אַזוי געוואָלט איצט זען חיים־יוספן און אַפילו זי, זלאָטען, וואָס פלעגט מיך תמיד קושן אין פינצטערן קאָרידאָרל און אירע פינצטערע קושן זענען דעמאָלט געווען אַזוי ביטער ווי איר פּנים, וואָס איז געווען פאַרוואָרפן מיט קליינע פּאָקן־גריבעלעך. און בלויז פון זיי, פון די קליינע פּאָקן־גריבעלעך, האָט זיך תמיד צו מיר געגאָסן אַזאַ דין, לבנהדיק־ווייסע ליכטיקייט, וואָס איז אַוודאי געגאַנגען פון איר פאַרשעמט, מיידליש האַרץ.

און אַז כ'בין געזעסן יענעם יעשען־אָוונט ביים טיש אַרומגענומען אַזוי מיט מיינע יינגלשע געשפּענסטישע פּישוף־זכרונות וועגן חיים־יוספן, וואָס זאַמלט נדבות ביי דער קליינער באַלוטער שול, וועגן זיין זלאָטען און אויך וועגן משהלען און אַלטעלען, וואָס שלאָפן שוין לאַנג אונטער די פלאַכע קברים־בערגלעך פון פעטער חילס פאַררענגטע טויטנפעלדער, האָט די מאַמע שוין געהאַט דערווייל אַראָפּגענומען פון טישל די פינף ליידיקע בלעכענע טעלער. דאָס פייערל אין קיכל האָט אין צווישן פאַוואָליע געצאַנקט, געגוססט, וואָרעם די מאַמע פלעגט אַלע יאָרן

הייצן בלויז מיט טאָרף, וואָס האָט אויסגעזען ווי געפּרעסטע ציגל פון ברוינער בלאָטע. זעלטן האָט זי אונטערגעלייגט אַ געהילץ־שפּענדל, אָדער אַ שטיקל קוילדימענטל, וואָס ביידע זענען זיי געווען פרעמדע פאַר אונדזער קליינעם, פאַרשעמטן פּירפּיסיקן אויוון. ווען כ'האָב זיך צוגעקוקט צו אונדזערע צוויי הקדש־געסט, צום פעטער פּייוויש און צום טויב־שטומען מעכל־זעליק — האָט פאַר מיר די גאַנצע צייט נישט געוואָלט פאַרשווינדן יענע אויסטערלישע נאַכט אין הקדש, בעת ס'איז געשען דער נס מיטן פעטער פּייוויש. און אפשר איז עס גאָרנישט געווען קיין נס, נייערט אַ כּישוף, וואָס האָט געברענגט צום פעטער פּייוויש דעם גרויסן וווּנדער ? און ווי לאַנג קאָן דויערן אַזאַ וווּנדער אויב ס'פּאַלט אויף עמעצן אַ כּישוף ? אפשר וועט ער באַלד זיך אומקערן צו יענער פאַרבאַהאַלטענער, שלעכטער קרענק, וואָס ער טראָגט שוין אַזוי לאַנג אין זיין שמאָלן גוף ? אפשר וועט ער גאָר באַלד זיך ווידער אַראָפּגליטשן פון בענקל, זיך אויסציִען אויפן דיל און פאַרוואַרפן זיין העל־רויטן קאָפּ האָר, בעת פון זיין פאַרשלאָסן מויל וועלן אַרויסשווימען די קליינע, ראָזיקע שוימבלעזלעך ווי אַ מאָל ? אוי, גאָט, נעם נישט אַוועק פון פעטער פּייוויש דעם כּישוף, וואָס האָט אים געברענגט די רפואה. זאָל ער קאָנען תּמיד וויינען, וויינען, וויינען. גראָד אַזוי ווי איך, וואָס וויין שטענדיק אין מיין ייִנגלשן פּחד. צווישן חלום און וואָר. בלויז זיי, די ייִנגלשע טרערן, טראָגן ערגעץ ווו אַוועק אַזוי פויגליש־גרינג אַלע מיינע טריבקייטן, וואָס זענען פול מיט סוד, כּישוף און שוואַרץ־טמאדיקע קוועלענישן.

כ'געדענק, אַז נאָך לאַנג פאַרן טויט פון דער מומע חוה, האָט דער פעטער פּייוויש געוווינט צוזאַמען מיט זיין שוועסטער — מיט דער מומע ביילע דער וועשין — נישט ווייט פון פעטער הילס בית־עלמין, לעבן דער ציגעלניע, אין אַ הילצערנער, לאַנגער, פינצטערער שאָפּע מיט צוויי שמאָלע קאַמערן. דאָרטן זענען אַוודאי אַ מאָל געשטאַנען פערד, אָדער ס'איז געווען אַ קאָשטאַל. דאָרטן האָב איך אים דאָס ערשטע מאָל געזען ווי ער איז אַוועקגעפאַלן אויפן ערדענעם דיל אין זיין קרענק, צווישן אַ הויכן באַרג פאַרשטאַרבן אַלטוואַרג, אויסגעהויכטע טויטע זייגערס און צעריסענע קינדער־ליאַלקעס. איצט איז שוין דאָס אַלץ פאַרשוווּנדן. וואָרעם

נאָך דעם ווי זיין שוועסטער די וועשין איז אַרויפגעגאַנגען וויינען אין די גרויסע, פאַריתומטע שטובן פון פעטער חיל דעם קברן און אויך שלאָפן אינעם ברייטן בעט פון דער מומע חוה, וואָס איז געשטאָרבן אין קימפעט און דער פעטער פייוויש האָט פאַרלאָזן די שאָפּע און אַוועק אינעם הקדש, איז דאָס אוודאי אַלץ געשען נאָר מחמת דעם וואָס מלאכים האָבן שוין פון פריִער געהאַט צוגעגרייט די אַלע פאַרלויפעניש פאַר די מענטשן. קיין שום זאַך — זאָגט די מאַמע — קומט נישט אַזוי סתּם פון זיך אַליין, נייערט גאָט, ברוך־הוא, שיקט פריִער זיינע שליחים, וואָס ברענגען כּישוף און גרייטן צו מיט זייער כּישוף אַלע פאַרלויפעניש פאַר יעדן נפש אויף דער ערד. און נישט בלויז פאַר יעדן לעבעדיקן נפש — זאָגט די מאַמע. אַפילו דער ברוינער בלאָטעדיקער טאָרף אין קיכל, דאָס דאַרע האַלצשפּענדל און אַפילו דאָס צעריבענע קליינע קוילדימענטל — אַלע זענען שוין פון פריִער געוואָרן פאַרחתמעט מיט זייער פּסק־דין און גורל אויף דער ערד. און היות די מאַמע האָט איצט די גאַנצע צייט געשוויגן, האָב איך שוין געוווּסט: דורך איר בלייך פּנים פלאַטערן אַדורך איצט מיט זייערע אומגעזעענע פליגל די הייליקע שליחים פון גאָט. בלויז איר, דער מאַמען, פאַרטרויען זיי די אַלע פאַרלויפעניש, וואָס דאַרפן קומען צו די מענטשן אין אונדזער פּאַציאַטקע. וואָס אַזוינס וועט איצט דאָ געשען? וואָס אַזוינס סודען איין מיין מאַמען די גרין־גראָלעכע שאָטנס, וואָס פלאַטערן אַרום אין אירע אויגן און אַרום אירע דינע, פאַרשוויגענע ליפּן?

אַלע זיצן פאַרכּישופטע ביים טישל. זיי שווייגן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. אויך איך שווייג און זיך צווישן די ביידע הקדש־לייט. אַלע זענען זיי פאַרכּישופט. ס'איז אַזוי שטיל, אַז כ'הער אפילו ווי דער ליקלווינט סודעט זיך עפּעס מיט דער קרומער מויער, וואָס שטייט אין גאַנצן פאַרוואָרפן מיט אַ ליכטיקייט פון אַ פלאַטשיקער לבנה. מיר דאַכט זיך: אויף דער מויער איז פאַרוואָרפן מיין טאַטנס אַלטער, צעדריווולטער טלית. און אפשר איז עס טאַקע דעם טאַטנס טלית און נישט דאָס בלייכע ליכט פון דער ליקל־לבנה? ווי לאַנג וועלן אַלע דאָ, אין דער פּאַציאַטקע, אַזוי פאַרכּישופטע שווייגן און אויף עפּעס וואַרטן?

און בעת אַלע וואַרטן אַזוי שווייגנדיק, גיי איך דערווייל מיט מיין פאַרכּישופטן יינגלשן דמיון דורך די ענגע, שמאָלע סטעזשקעלעך, צווישן די איינגעפאַלענע, נידעריקע, פרישע קברים־בערגלעך אויף די פעלדער ביים פעטער חיל, דעם קברן. וואָס קאָן איך איצט אָנפאַרטרויען צו זיי אונטן — אַלטעלען און משהלען? כ׳וויל זיי דערציילן וועגן נס אין הקדש מיטן פעטער פייוויש קרענק. וועגן דעם כּישוף, אַז ער ליידט נישט מער אויף דער פאַליקע. אַלץ מחמת דעם טויב־שטומען הקדש־גאַסט מעכל־זעליק. אַ גרויסער צעוואַקסענער יעשענבוש בייגט זיך איבער מיר און איבער די בערגלעך מיט זיין ווילגאַטנער פאַרטרערטקייט. ווי גיך־גיך און פולע מיט אַן אויסטערלישער גערעטעניש שפּראָצן אַרויס דאָ פון דער ערד די קליינע ביימערבושן מיט זייערע נידעריקע פעלדבלימלעך, צופוסנס פון די אַלע געשטאָרבענע. באַלד וועט דאָ אויף די פעלדער אָנקומען אַ ווייסער, פאַרכּישופטער ווינטער. דער הייליקער בית־עלמין־שניי וועט זיך פאַוואָליע צעפרישען. זיינע שניי־פּליטערלעך וועלן בלייבן לאַנג, לאַנג צווישן די בערגלעך־פאַלדן, ווי די זילבערדיק־פאַרפרוירענע אותיות פון אַלע אל־מלא־רחמימס. וואָס אַזוינס איז אַ שניי אויפן בית־עלמין? און ווער רופט זיי אַרויס, די בלימעלעך פון אונטערן שניי? און ווער שיקט עס אַראָפּ די ווייסע שנייקושן אויף די פלאַכע בערגלעך פון די געשטאָרבענע? דאָס איז בלויז מיין יינגלשער חלום ביים טישל, גראָד ווי כ׳וואָלט געשלאָפן. מיר חלומט זיך אַוודאי אַלץ, בעת איך זיץ גאָר ביים טישל, צוזאַמען מיט די שווייגנדיקע, פאַרכּישופטע מענטשן: צוויי הקדש־לייט און טאַטע־מאַמע. כ׳זע אַז עפּעס גרייט זיך מעכל־זעליק צו טאָן. דער פעטער פייוויש גיט אים אַ גלעט איבערן פּנים מיט דער רעכטער האַנט. דאָס איז אַוודאי זייערס עפּעס אַ סימן. כ׳גיי שוין אין צווישן אַרויס אַ האַלב־אויפגעוועקטער פון צווישן די פעלד־סטעזש־קעלעך. כ׳זע זיך אַליין ליגן אָנגעבויגן אויפן טישל מיטן קאָפּ אויף מיינעביידע הענט.

עפּעס וועט דאָ אַוודאי באַלד געשען אויסטערלישס, וואָרעם מעכל־זעליק האָט זיך פּלוצעם אויפגעשטעלט. איך זע אָבער ווי ער איז אַרויסגעגאַנגען פון צווישן אַ געדיכטן בוש. ער צעשאַרט דאָרטן די

פייכטע בלעטער, וואָס זענען באַשפּריצט מיט לבנה־מילך. זיינע פינגער עפּענען אַ שוואַרץ בערגל. דאָס איז גאָרנישט קיין בית־עלמין־בערגל לעבן בוש. ס׳איז דער שמאָלער פּוטעראַל אויפן טיש. די פאַרכּישופטע אַלטעלע ליגט דאָרטן באַהאַלטן, ס׳זאָל איר זיין וואַרעם אין איר פאַרשטאַרבנקייט. ער גלעט שוין, מעכל־זעליק, איר העלדזל. איך ווייס פון אַלטעלעס נאַענטקייט, פון איר ליבשאַפט און פונעם כּישוף, וואָס זי האָט מיר אָנגעטאָן נאָכן טויט. אפשר איז זי גאָרנישט געשטאָרבן? קיינער שטאַרבט אוודאי קיין מאָל נישט. בלויז די שטאַרבן, וואָס בלייבן ביים לעבן. אויך די ביימער. די קשאַקעס. די קאַנישינע־בלימעלעך. די לויפנדיקע מוראַשקעס. אָבער נישט גאָטס שליחים — די פייגל און מענטשן, וואָס שוועבן אַרום אויף דער ערד. מיינע אויגן זעענען נאָך האַלב־פאַרשלאָסן. דורך די אויגן־שפּאַרעס זע איך אַלץ: ער נעמט ווידער אַרום דאָס ווייסע העלדזל פון אַלטעלען און לייגט דאָרטן אָוועק זיין פאַרבויגן, פאַרשטומט פּנים. דערנאָך הייבט ער אויף זייטיק דעם קאָפּ. ער בליקט שטום מיט פאַרמרוזשעטע אויגן צו דער מאַמען. אויף וואָס וואַרט ער? ער וואַרט אויף אירס אַ קאַפּשאָקל. ער וואַרט אויף אַ שאָרך פון אַ מלאך, וואָס פלאַטערט שוין אין אירע אויגן, כּדי ער זאָל אָנהייבן. וואָס אַזוינס אָנהייבן? זאָל ער ווידער מיט זיינע פינגער אָנהייבן צו גלעטן אַלטעלעס איינגעפאַלענעם, דינעם האַלדז? אוי, ווי ער ציט מיט זיינע טויב־שטומע פינגער איבער אירע ווייסע איינגעפאַלענע ברוסט־בערגלעך. ווער איז ער, דער מעכל־זעליק פון הקדש? פאַר וואָס האָט ער אַהערגערופן אין אונדזער פּאַציאַטקע אַלטעלען פון פעטער הילס טויטן־נחלה? צי איז ער דער מלאך רפאל, אָדער דער מלאך פון תחיית־המתים, אָדער אפשר גאָר דער מלאך־המוות אַליין, וואָס האָט חרטה וואָס אַלטעלע איז געשטאָרבן? צי איז ער נישט אַ מאָל אַ בייזער כּישוף־מאַכער, וואָס איז געקומען פון הקדש, כּדי אויפצוועקן אויף ס׳ניי אין מיין דמיון אַלע פאַרהוילענישן פון טויט און לעבן?

כ׳ווייס נישט ווי לאַנג ס׳האָט געדויערט דער דעמאַלטיקער יעשען־אָוונט אין אונדזער פּאַציאַטקע. דער חלל אונטער דער פּאַציאַטקע־סטעליע איז געווען איבערפול מיט גרויליקער דעמערונג. זי האָט זיך געוויגט

איבער די מענטשנס קעפּ ווי שווימענדיקע, בידעריקע וואָלקנדלעך. הויך איבער די וואָלקנדלעך, אין דער מיט פון דער סטעליע, איז געהאַנגען אַ גאָר קליין בלייך לבנה־פּנים פון דעם נאַפטלאָמפּ. דאָס פּנים האָט זיך געשאַרט ציטערנדיק און שרעקיק צווישן די סטעליע־וואָלקנס, ווי דאָס וואָלט נישט געווען דער פלאָמפלעק פון דעם נאַפטלאָמפּ, נייערט דאָס פלאַטשיקע פּנים פון אַ דערטרונקענעם. אוי, ווי דאָס דערטרונקענע פּנים האָט נאָך מערער פאַרשטאַרקט מיין ייִנגלשן כּישוף, וואָס האָט געפלאַטערט פון דער הייך. כ׳ווייס נישט וואָס אַזוינס ס׳איז געשען, נישט מיטן פעטער פּייוויש און נישט מיטן הקדש־גאַסט מעכל־זעליק. כ׳בין אַליין נאָך געווען דערשראָקן פון אַלטעלעס מיידלשן גוף, וואָס איז אַרויס פונעם פוטראַל. דאָס כראָפּעוואַטע טישהאָלץ האָט וואָרעם אונטערגעשפּאַרט מיין ייִנגלש פּנים. כ׳בין גאַרנישט געווען צווישן די מענטשן אין דער פּאַציאַטקע. כ׳בין אַוודאי איינגעשלאָפן און געחלומט. אין די ייִנגלשע יאָרן האָב איך קיין מאָל נישט געהאַט קיין שלאָף אָן אַ חלום. און דער חלום איז איצט געפאַלן הינטער מיינע אויגן אַזוי שווער, אַזוי קלעמענדיק־טיף, ווי עמעצער וואָלט אַ שליידער געטאָן אַ שפּיציקן שטיין אויף מיין ייִנגלש האַרץ.

כ׳בין אַליין נאָך געלעגן אויף אַן אָפן, נאַקעט פעלד, אַלע האָבן זיי מיך געלאָזט אַזוי ליגן אַ פאַרכישופטן און שלאָפן אויפן פעלד. אַלע האָבן זיי מיך געלאָזט דאָ תּפילה טאָן אין מיין אַליינקייט, אָן ווערטער, אָן זיפצן, אפילו אָן אָטעם. וואָרעם אַלע מיינע דעמאָלטיקע ייִנגלשע גאַרעגנישן און חזיונות זענען פאַרשעמטע און פאַרוואָגלטע. הייסע, טרעריקע, פון קיינעם נישט געזעענע און נישט געהערטע, האָבן זיי דעמאָלט געשפּראָצט ווי קליינע גראָזן צווישן שווערע שטיינער אין מיין ייִנגלשאַפט. און זיי זענען געווען, די שטיינער, אויך ווי קליינע קאַנישינע־בלימעלעך אויף די בית־עלמין־פעלדער פון פעטער חיל, דעם קברן. פון די אַלע שוועבנדיקע פאַרלויפעגישן איז מיר פאַרבליבן, ביז צו דער איצטיקער זיקנה־נאַכט, איין איינציקע חזיון־תּפילה: זאָל דער אייביקער און פאַרבאָרגענער הינטער זיינע הימלען און אַלע סודותדיקע קיניגרייכן קיין מאָל פון מיר נישט אָוועקנעמען דעם ייִנגלשן כּישוף פון יענע

שוין לאַנג פאַרוויאַנעטע קאַנישינע־בלימעלעך און פון די שטאַרבנדיקע בית־עלמין־גראָזן. זאָל ער נישט פאַרוועלקן אַלע פאַרפלאָסענע און שוין פאַרשטאַרבענע יינגלשע יאָרן, אַזוי לאַנג ביז כ׳וועל זיך נישט אַליין איבערוועקן פון מיין כישוף־שלאָפקייט. ביז ס׳וועט מיט מיר געשען דער גרויסער נס, ווי ס׳איז געשען דער נס מיטן פעטער פּיוויש אין הקדש. כ׳וועל זיך מער נישט שרעקן, מער נישט פאַלן און מער נישט שטאַמלען אין מיין יינגלשאַפט, אַ געזעגענער וועל איך אַריינגיין אין קיניגרייך פון די אַלע, וואָס וועלן צוזאַמען מיט מיין נייגעבוירענעם זכרון שוין קיין מאָל נישט שטאַרבן אינעם אייביקן לעבן פון חלום און כישוף.

# פיר וואָס זענען געגאַנגען

**לאָדזשער געטאָ 1941—1943.**
**(פון די אויסגעגראָבענע געטאָ־נאָוועלן).**

אַז די פור, אַזאַ פויליש־פויערישער הייוואָגן, האָט אַהערגעבראַכט פון שטאָט דאָס ביסל אָפּגעראַטעוועטע שטובוואַרג, דאָ, אויף אַ פרעמדער גאַס, צו אַ רויט ציגלהויז, און דער וואָגן איז שוין געווען אין גאַנצן ליידיק, און אויפן זאַמדיקן טראָטואַר זענען שוין געלעגן צעוואָרפן, צוזאַמען מיטן איבערגעקערטן טיש, אויך די צוויי געשפּאָלטענע בלומנ־טעפּ, אַן אָפן טשעמאָדאַנדל מיט יידישע ספרים צווישן בלייך־איבער־געשראָקן קיכגעשיר — ערשט דעמאָלט איז זיסל מיטן קינד ערגעץ ווו פאַרפאַלן געוואָרן. אפשר איז זי אַוועק זוכן אַ באַלוטער קרובה, אָדער אַ ביסל וואַרעמס ביי פרעמדע מענטשן. דאָס קינד האָט נאָר־וואָס אָנגעהויבן צו גיין און געשטעלט די ערשטע וואַקלענדיקע שריטלעך — און שוין איז זיסל געווען ווידער אין די הויכע חדשים. איסר האָט געוואָלט איר איינשפּאָרן דאָס לויפן אין פרעמדע הייף, אָבער איידער וואָס־ווען האָט ער זי געזען אַראָפּלויפן מיטן געסל, שלעפּנדיק ביים הענטל ס׳קינד. ער איז דעריבער, איסר, געבליבן אַליין אין דער פרעמדער, ליידיקער שטוב. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אַ מבולבלער. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער איז גאַרנישט ער. עמעצער האָט אים געהאַט פאַרבונדן די אויגן מיט אַ שוואַרץ טיכל און אַזוי אים בלינדערהייט געפירט אַ לאַנגע צייט דורך סודותדיקע, שמאָלע גאַסן.

די פרעמדע באַלוטער שטוב, ווו איסר איז איצט געשטאַנען, איז געווען אַ גרויסע, אַ פּוילישע. אַ מרה־שחורהדיקע טונקלקייט האָט געוויעט פון די ווינקלען מיט נעצן פון שפּינען און מיטן ריח פון אַלט זויערקרויט. מסתמא איז דאָ געשטאַנען פריִער אַ פּעסל קרויט, איינגעלייגט אויף ווינטער. דער פּוילישער בעל־הבית פון דער דירה האָט געמוזט זיין אַ פאַבריק־אַרבעטער, אָדער אפשר געהאַט אַ מלאכה, וואָס האָט יעדן באַגינען אַרויסגעיאָגט פון דער דאָזיקער אָרעמער באַלוטער העק אין דער שטאָט אַריין. באַלוט און „די שטאָט" זענען געווען ווי צוויי באַזונדערע מדינות, פאַרבונדן בלויז מיט די אייביק שווערע, נידעריקע רויכוואָלקנס, אָדער סתם נעפּלען — צעדריבלטע, שיטערע פון אַ גראָלעכן קאָליר. פון איצט אָן וועט באַלוט זיין דאָס איינציקע אָפּגעצוימטע אָרט פאַר די אַהערגעטריבענע שטאָטיִדן. איסר האָט זיך אַרומגעקוקט אין דער ליידיקער דירה: פונעם מעבל איז בלויז דאָ פאַרבליבן אַ נידעריק שענקל מיט אַן אָפּשטייענדיק טירל, וואָס איז געלעגן קרום ווי אַ צעבראָכענער פליגל אויפן דיל, אַ וואַקלענדיק טישל מיט טונקעלע, רונדיקע פלעקן, אין סאַמע מיטן פון שטוב. אויף איין וואַנט איז געהאַנגען אַ נאַפטלעמפּל אָן אַ גלעזל און אויף דער קעגנאיבערדיקער וואַנט — אַ פּירקאַנטיקער, בלעכענער זייגער אָן ווייזערס, מיט צוויי שווערע אַראָפּהענגענדיקע וואָגעס. אויפן דנאָ פון נאַפטלעמפּל איז די קנויט געלעגן אין אַ האַלב־גרינלעכער נאַפט־פּליסיקייט. פונעם טויטן זייגער אָן ווייזערס און פונעם נאַפטלעמפּל אָן דעם גלעזל האָט איסר נישט געקענט אַראָפּנעמען זיינע אויגן. וואָלט כאָטש געווען אַ גלעזל אין לעמפּל וואָלט מען געקענט מאַכן ליכט, וואָרעם דער אָוונט איז איצט צוגעפאַלן זייער גיך, מיט אַ טריב געוויי פון די ערשטע פּוילישע יעשענווינטן. וואָלט כאָטש דער זייגער געהאַט זיינע ווייזערס — וואָלט ער אויך אפשר געגאַנגען, באַוויגן די וואָגעס און געוויזן די צייט מיט אַ שטילן פּליסטערן.

אינעם גלאָזלאָזן נאַפטלעמפּל און אינעם טויטן זייגער האָט איסר דערפילט די ערשטע סימנים פון גרויסן ייִדישן אומגליק. אָט איז אָנגעקומען די פינצטערניש און אָט איז אויך די צייט שטיין געבליבן — גאָטס אייביקע צייט פון רחמים פאַר די פאַרטריבענע.

אינעם אָפּענעם שענקל מיטן אָפּשטייענדיקן טירל זענען געלעגן שטוב־קלייניקייטן, וואָס דער אַנטלויפֿנדיקער פּוילישער בעל־הבית האָט נישט מיטגענומען מיט זיך. זיי האָבן דאָס אַלץ איבערגעלאָזט פֿאַר די שטאָטיִדן, אַרייַנגעטריבענע פֿון רייַכן ווילקע און פֿון סטאַראָוויעש. די אַלע באַלוטער פּרוכנעוואַטע הייזלעך, די רויטע אָפּיצינקעס, פֿינצטערע, שמאָלע קראָמען און די ענגע פּאַציאַטקעס, באַוווינטע ביז איצט פֿון פּוילישע מענטשן, האָבן געמוזט באַפֿרייַט ווערן אין איין טאָג, כּדי די אַרייַנגעטריבענע שטאָטיִדן („דאָס מיסטגעזינדל") זאָל דאָ געפֿינען אַ מקום־מקלט. האָבן טאַקע די שטאָטיִדן נישט געקליבן קיין דירות, אָדער מער רחבֿותדיקע חדרים. ווו מען איז צופֿעליק אַרייַנגעפֿאַלן, דאָרט איז מען שוין פֿאַרבליבן. אַבי נישט צו ליגן אויף דער גאַס אין דאָזיקן פֿריִען יעשענדיקן רעגנטאָג. טייל מאָל איז מען אַרייַנגעפֿאַלן אין שטובן, וואָס האָבן געקענט אויפֿנעמען פֿיר נפֿשות, זענען דאָרט אַרייַן צען. ייִדן זענען געלעגן צווישן די פּעק בעטגעוואַנט און עפּעס געזוכט אין אַלטע סידורים און מחזורים מיט האַלב־פֿאַרזשמורעטע אויגן. אפֿשר האָבן זיי געזוכט דאָרט אַ פֿאַרענטפֿערונג פֿון אַלץ, וואָס געשעט איצט מיט זיי. מ'האָט נישט געהערט קיין זיפֿצן אָדער קלאָגן. אַרום זיי האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ דנאָיִקע, פֿאַרכטערלעכע שטילקייט, בעת מען הערט בלויז דאָס אייגענע האַרצקלאַפּן. אַלעמען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס אַלץ וואָס געשעט, געשעט גאָר נישט מיט זיי אין דער אמתן, נייערט אַ געשפּענסטיקער, בייזער שׂטן האָט פּלוצעם צעשפּרייט צווישן די מענטשן זיינע באַצווינגענדיקע, שוואַרצע בייזע כּוחות. זיי אַלע, מיטן בעטגעוואַנט און קלומיקלעך שטובוואַרג, גייען אַרום ערגעץ אין אַ ווילדן אַשמדאַי־חלום. באַלד, באַלד וועט זיך דער אַ חלום איבעררייסן, און זיי וועלן פֿון אים אַרויסגיין באַפֿרייטע פֿון אַלע אַנגסטן און טריביקייטן.

אויך פֿאַר איסרן איז דאָס אַלץ געווען אַ געשפּענסטיקייט. צי שטייט ער נישט טאַקע אויף אין סאַמע מיטן פֿון דאָזיקן שוואַרצן געשפּענסטיקן חלום ? ער קוקט אויף די ווענט, אויפֿן נאַפּטלעמפּל, דערנאָך אויפֿן טויטן זייגער מיט די אַראָפּהענגענדיקע קייטן־וואָגעס. זיינע אויגן הענגען איצט אויפֿן איינציקן חדר־פֿענצטער מיט די הילצערנע פֿאַרזשאַווערטע ראַמען,

און פון דאַנען גליטשט זיך זיין בליק צו די שטובווינקלען, ווו ס׳ליגט דאָס פעקל בעטגעוואַנט און דאָס געעפנטע טשעמאָדאַנדל מיט די אויסגעשיטע יידישע ספרים. איסר קאָן זיך אַלץ נישט דערמאָנען: רבונו־של־עולם, ווי אַזוי איז דאָס אַלץ געשען? ערשט נעכטן, אַ פּאָר גאַסן פון דאַנען, געווען דאָרטן, אין דער אייגענער היים אין שטאָט — און איצט? ס׳וואָלט אויך געקענט געשען אַז ער זאָל נישט שטיין איצט אין מיטן פון דער דאָזיקער פרעמדער באַלוטער שטוב. און דעמאָלט? וואָס דעמאָלט? אָ, דעמאָלט וואָלט ער שוין נישט געהאַט די דאָזיקע מחשבות וועגן געשפּענסטיקן חלום און טריבער וואָרהאַפטיקייט. ער וואָלט נישט געזען נישט דאָס לעמפּל און נישט דעם זייגער. ער וואָלט געווען צווישן די, וואָס זענען מער נישטאָ. צווישן די, וואָס ווייסן שוין אפשר אַלץ. דעם באַשייד צווישן וואָר און חלום. צווישן פינצטערניש און ליכט. צווישן טויט און לעבן. ווײַ, ווײַ, ווו איז די גרענעץ פון דעם אַלעם? וואָס טוט ער דאָ, איסר, אין דער דאָזיקער פרעמדער שטוב? צי שטייט ער טאַקע אויף אַ פינצטערן ברעג צווישן צוויי איינגעפאַלענע, געשפּאָל־טענע וועלטן?

אַז ס׳איז נישט קיין חלום, נייערט דער יִיאושדיקער אמת האָט אים פּלוצעם דערמאָנט דער ווייטיק אין גראָבן פלייש פון רעכטן פוס, הויך איבער דער קני. דער ווייטיק איז געווען אַ דינער, אַ ברענענדיקער ווי הינטער דער הויט וואָלט אין אים געזעסן אַן אָנגעגליטע שוסטערשע אָל. ער האָט נאָך געהאַט מזל, איסר. ס׳האָט אויך געקענט געשען, אַז ער זאָל גאָרנישט שטיין איצט דאָ, אין דער פרעמדער קאַלטער דירה. ער וואָלט איצט, ווי הונדערטער אַנדערע יידן, געקענט ליגן אויף אַ לאַסטוואַגן צוגעדעקט מיט אַ פּלאַנדעק און אונטער אים — אַזוי פיל צעבלוטיקטע, צעקאַליעטשעטע, מיט גלידער צעשאָסענע און צעריסענע. דער לאַסטאויטאָ טראָגט זיך איצטער מיט זיי אַלע אימפּעטיק הינטער דער שטאָט. צום ראַדאָגאָשטשער וועלדל, נישט ווייט פון פאַרטריקנטן לאָדקע־טייכל. דורך זאַמדיקע דאָרפוועגן לויפט דער אויטאָ גלייך צום וועלדל. אַז מען הייבט אויף אַ ביסל דעם פּלאַנדעק — זעט מען שוין די הויכע בזשאָזעשפּיצן פון די נאַקעטע ביימערקרוינען. זיי זעען אויס פון דער ווייטנס ווי זיי וואָלטן

אַרויסגעוואַקסן פון הימל. אומצאָליקע שוואַרצע וואָראָנעס זיצן אויף די בזשאָזעקרוינען צווישן די נאַקעטע צווייגן. זיי פאַרשרייען דעם חלל מיט אַ שוואַרץ קראַקעריי און וואַרטן. אויף וואָס וואַרטן זיי אויף די הויכע בזשאָזעקרוינען? זיי וואַרטן אויפן לאַסטאויטאָ און אויף די, וואָס ליגן אונטערן אַרויפגעוואַרפענעם פלאַנדעק. ווי נאָר דער אויטאָ פאָרט אַריין צווישן די בזשאָזעביימער — זעט מען שוין זיי אַלע שטיין. דאָס זענען די געכאַפּטע ייִדן, וואָס גראָבן פלאַכע, געשלענגלטע לאַנגע גריבער מיט פאַרבלאָקטיקטע שפּאַדלעס. זיי גראָבן פאַר די, וואָס ליגן אויבן — אונטערן פלאַנדעק. אויך ער, איסר, איז איצט דאָרט. ער זעט באַשיימפּערלעך אַ גרויס פאַרבלוטיקט פּנים מיט אַ רויטער באָרד הענגען נאָענט איבער זיינע אויגן. ער איינער, איסר, זעט און הערט אַלץ, וואָס געשעט איצט דאָרט, כאָטש ער איז לחלוטין נישט דאָרט. ניין, ניין, ער איז דאָ, דאָ אינעם פּרעמדן, פאַרלאָזטן פּוילישן חדר. ווידער — דאָס נאָפּטלעמפּל, דער אַנווייזערדיקער בלעכענער זייגער, דאָס צעבראָכענע שענקל און דער שווערער, קלעפּיקער, זויערער אַוויר, וואָס וויל גאַרנישט פאַרשווינדן פון פון די פאַרשפּינטע שטובווינקלען. איסר לאָזט אַראָפּ זיין שמאָלן, דער־שראָקענעם גוף אויפן פּעקל בעטגעוואַנט און וואַרט. אפשר וועט זיסל מיטן קינד באַלד צוריקקומען. די אויגן איסרס זענען פאַרשלאָסן. און פון הינטער די פאַרשלאָסענע מידע אויגן מאַכט איסר אויף ס׳ניי זיין אויסטער־לישע געשפּענסטיקע נסיעה צו אַלץ, וואָס האָט אים מיטן ווייב און קינד געפירט אַהער. ס׳איז די נסיעה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דאָרטן, אין שטאָט, ביז ס׳איז געקומען דאָס ווילדע, משונהדיקע געלויף אַהער.

ס׳איז געווען גראָד אין מיטן נאַכט. אַ געפּרווירענע יעשען־שטילקייט איז פון הימל געפאַלן צו דער ערד. ביי טאָג האָט געדעגנט. אַ פּוילישער, אימפּעטיקער רעגן, וואָס האָט נאָך געהאַט אין זיך די לעצטע, אויסגייענ־דיקע זומערלינדקייט. דער שטאָטישער הויף איז געשלאָפן. ס׳איז געווען דער ערשטער, אומרויִקער מלחמה־שלאָף, די ערשטע שעהען פון גרויסן מבול. פון ערגעץ ווו, לעבן די מערבדיקע שטאָטראַנדן, האָבן סומנע געפּויקט מיליטער־שטיוול איבער די גאַסנשטיינער. ס׳האָט אויסגעזען ווי דאָרט וואָלט פון פאַרפאַנצערטן נאַכטהימל געפאַלן אַ שווערער שטיינער־

דיקער האָגל. איסר איז געלעגן מיט אויפגעפּראַלטע אויגן און נישט געשלאָפן. דאָס ווייב מיטן קינד — אין גרויסן צווייטן חדר, וואָס איז געגאַנגען צו דער גאָס צו. איסרס חדר־פענצטער האָט אַראָפּגעקוקט אויפן הויף. וואָסערע מחשבות טריבע, שאָטנדיקע, צעבראָכענע און שפּיזיקע האָט ער שוין נישט דורכגעטריבן דעמאָלט דורך זיין האַלב־וואַכיקן קאָפּ אין די דאָזיקע שלאָפלאָזע ערשטע מלחמה־שעהען! ס'איז געווען אַזוי שטיל, אַז ער האָט געקענט הערן דאָס טרויעריקע פאַלן פון איינצעלע לעצטע רעגן־טראָפּנס אין דער מויער־רינווע. דאָס זענען געווען די לעצטע טראָפּנס פונעם ערשטן יעשען־רעגן, וואָס איז געקומען מיט פלינקע בליצן און נאָך שוואַכע דונערן פון סטאַראָוויעש. פון דאָרטן האָבן זיי זיך אוודאי געטראָגן צו דער ווייסל. פּלוצעם איז געוואָרן לחלוטין גאָר שטיל. אין צווייטן חדר האָט רויִק געעטעמט פון שלאָף זיסעלע. זי איז שוין געווען אין די הויכע חדשים. זי האָט בעתן עטעמען שטיל און פאַרקלעמט געהעשעט פונעם שלאָף. אפשר האָט זיך איסרן בלויז אויס־געדאַכט. ס'איז שווער פאַר אַ וואַכנדיקן מענטשן פונאַנדערצושיידן צווישן האַלבע חלום־רייד און אַן אמתדיק טרערן־העשען פון אַ שלאָפנדיקן. און איצט, אין דער דאָזיקער רגע, איז עס געשען. אונטן, אויפן הויף, זענען געשטאַנען זיי, וואָס זענען פריִער געגאַנגען ביי די מערבדיקע שטאָטראַנדן: שטיוול. שטיוול. שטיוול. אויסגעמאָסטענע קלעפּ פון האַמערס. הילכיקע רופן פון דער פינצטערניש. יאָ — דאָס זענען זיי. אונטן אויפן הויף. די שטורמיסטן.

— רונ־טער!!! רר־ו־ב־ט־ע־ר!!! אַ־ל־ל־ע־ס ר־וב־ט־ע־ר!!! ר־ו־ב־ט־ע־ר!!!

זיסעלע האָט זיך אויפגעכאַפּט אין מיטן פון איר העשענדיקן חלום. זי איז גיך צוגעלאָפן צו איסרס פענצטער, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען צום הויף. זי איז געשטאַנען גאָר נאָענט לעבן אים. איסר האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף איר אַקסל. אַ מילדע וואַרעמקייט איז געגאַנגען פון איר אויפגעהויבענעם בויך. זיי האָבן ביידע אַראָפּגעקוקט אויפן הויף און גאַרנישט געזען. אָבער די פרעמדע נאַכט־קולות זענען אַרויפגעלאָפן צו

זיי, צו די פענצטער־פראָמוגעס. זיי זענען געבליבן דאָרט זיצן אין די הילצערנע ראָמען ווי אַרויפגעשליידערטע שאַרפע מעסערס.

— ר־ג־ו־ט־ע־ר!!! ר־ו־ג־ט־ע־ר!!!

אין די פינצטערע פּרוזדורס האָבן זיך גיך גענומען עפּענען טירן. ייִדן זענען שוין געלאָפן אין בהלה איבער די שטיגן. אַראָפּ! אַראָפּ! אַראָפּ! וואָס גיכער אַראָפּ! וואָס גיכער. אַ טייל — מיט שוין צוגעגרייטע קלומיקלעך. מ׳האָט זיך געריכט. געהערט, געוואַרט. יעדעס אומגליק זאָגט זיך אַליין אָן דורך זייגע סודותדיקע װעגן. איצט איז עס טאַקע געשען. דאָ — אין מיטן פון גרויסן, פינצטערן שטאָטישן הויף.

די גאַנצע אָפּיצינע איז שוין אונטן, צונויפגעטוליעט אויף איין אָרט: מאַנצלייט, ווייבער, קינדער, זקנים, זקנות און שלאָפע. אַ נאַסע פּוילישע קעלט פאַלט פונעם יעשען־הימל. זי הענגט, די קעלט, איבערן הויף ווי אַ שווערער, אייזיקער פאָרהאַנג. אָבער זיי — זעט מען נישט. בלויז די ראַציקע קולות זייערע דונערן איבערן הויף און הילכן אָפּ ווי איבער אַ תהום. דאָס זענען טאַקע זיי, די ערשטע דייטשישע שטורמיסטן. זיי זענען געקומען אַפּרייניקן דאָס הויז פון די ייִדן. אונדז אַוועקפירן. וואוהין? קיינער ווייס נישט. אַ רויטער, גליטשיקער אָפּשיין באַפאַרבט די טונקעלע ראַנדן פונעם נידעריקן הויפהימל. ערגעץ ווו מוז אַוודאי זיין אַ שׂרפה. אפשר נישט. און אפשר ברענען אַזוי די הימלישע טויערן פון גיהנום? דאָס האָבן מן־הסתּם די שטורמיסטן־קולות אונטער־געצונדן די אַראָפּהענגענדיקע יעשען־וואָלקנס. ברענען אַזוי די וואָלקנס איבער די נאָך־פאַרשלאָפענע. באַלד וועט די שׂרפה ביסלעכווייז זיך איינלעשן. דורך די וואָלקנס וועט זיך אַדורכרייסן אַ דערשראָקענע, שיטערע ליכטיקייט. דאָס ליכט איז קראַנק און לבנהדיק־בלייך און וועט באַצווינגען די ברענענדיקע שוואַרצקייט מיטן כּישוף פון גאָטס פאַר־באַרגענע און פאַרזיגלטע הימלען.

דאָס קופּקעלע הויפמענטשן שטייט האַלב־נאַקעט. אַ טייל פאַרוואָרפן בלויז מיט אַ קאָלדערע, אָדער פאַטשיילע. ס׳רוב — אין די אונטערוועש. די שטורמיסטן קלאַפּן מיט די שטיוול גאָר נאָענט. די בייטשלעך אין

זייערע הענט פייפן אַ גלאַזיק פייפעריי אינעם חלל. די קולות שניידן די לופט מיט חלפים.

— אַ ל ל ע דאַ ? ? ? אַ־ל־ל־ע ד־אַ ? ? ?

אַזוי שרייען זיי — די חלפים אין הענט וואָס מען זעט נישט. אַזוי פייפן זיי — די בייטשלעך. אַזוי קלאַפּן זיי — די שטיוול. אָבער די שטורמיסטן־פּנימער זעט קיינער נישט. די פינצטערניש פאַרדעקט זייער מענטשלעך פּנים. זיי זענען בלויז רונדיקע, גיך־שוועבנדיקע קרייזן פון פינצטערניש. צי זעען אַזוי אויס די שליחים פונעם שׂטן ? צי קרייזן אַזוי תּמיד די שליחים פון טויט ?

קיינער פון די האַלב־נאַקעטע ענטפערט נישט צום געשריי. צי קאָן מען ענטפערן צום קול פון אַ חלף ? צי קענען נאַקעטע עפּעס זאָגן צום געהילך פון שוואַרצע שטורמיסטן־שטיוול ? צי קאָן מען ענטפערן צו דער פייפעריי פון די שפּיציקע בייטשלעך ?

דאָס הויז הינטער זיי שטייט פאַרטרונקען אין פינצטערניש. און פּלוצעם : פון גאָר הויך, פון לעצטן אייבערשטן גאָרן, אונטערן דאַך, — עמעצער שרייט אַראָפּ. אַ געוואַלד. פונעם הויכן דאַכשטיבל — אַ יידיש, שגעונדיק נאַכטגעוואַלד. באַלד ווערט שטיל. בלויז אַ טעמפּער, הילכיקער קלאַפּ אויף דער ערד לעבן די מענטשן. אַ שטילער קרעכץ שפּאַלט די הויף־פינצטערניש. אַ נאַקעטער גוף ליגט גאָר נאָענט. דער גוף, בלויז אינעם נאַכטהעמד, דער גוף וואָס האָט פריער געשריגן דאָס אימהדיקע נאַכטגעוואַלד. ווער איז דאָס ? קיינער ווייס נישט. עמעצער האָט אין דער אַ נאַכט זיך אַראָפּגעשליידערט פון לעצטן, העכסטן שטאָק.

— ז־יי־נ־ד אַ־ל־ל־ע דאַ ? ? ?

ווידער קלאַפּן די געקאָוועטע שטיול גאָר נאָענט אין דער פינצטער. איצט זעט מען די שוואַרצע סילועטן פון די לויפנדיקע שטורמיסטן. זיי שפּרינגען איטלעכע רגע פון אָרט צו אָרט אַרום דעם קופּקעלע מענטשן. איצט רינגלען זיי אַרום דער אַראָפּגעפּאַלענעם גוף, וואָס ליגט נאָענט לעבן איסרן. דער גוף צאַפּלט אַ רגע. אפשר זיין לעצטער לעבעדיקער צאַפּל. איסר הייבט אויף די אויגן צום הימל. פאַר וואָס טוט ער עס ? באַלד וועט פון דער הייך אַראָפּשווימען דאָס דערשראָקענע לבנה־ליכט.

די מענטשן באַהאַלטן די פּנימער. ווילן נישט זען איינער דעם צווייטן. קיינער וויל אויך נישט דערקענען דעם אָראָפּגעפּאַלענעם גוף. פּאַוואָליע גליטשט זיך דאָס קאַלטע ליכט צום ליגנדיקן גוף.

איצט זעט מען שוין אַלץ באַשיימפּערלעך. אַ פּרוי אין אַ נאַכטהעמד. שוואַרצע בלאָטע אויפן ווייסן העמד און אויך אַרום דעם האַלדז שוואַרצלעכע פלעקן. בלוט איז שוואַרץ ביי נאַכט. דער קאָפּ — פאַרוואַרפן. די נאַקעטע קני — פאַרבויגן. דער גוף רירט זיך נישט מער. אָבער איסר האָט זי תיכף דערקענט. דאָס איז די לערערין דאַרע לאַזאָווסקאַ. די יונגע אַלמנה פון לעצטן שטאָק. ער געדענקט גוט איר נאָמען. זי איז אָנגעקומען פון באַראַנאָוויטשער קאַנט. ער זעט איצט בלויז איר האַלבן פּנים, וואָס איז פאַרקראַמפּט איינגעבויגן. אינעם ביסל לבנה־ליכט זעט ער ווי ס׳קוקט אויף אים מיט פאַרגליווערטקייט איר איין אָפן אויג. זי קוקט צו אים גראָד ווי דעמאָלט, ווען זי פלעגט קוקן אויף אים בעת זיינע לאַנגע שמועסן מיט איר. אָ, ווען איז דאָס אַלץ געווען? ווען?

אין לאַנגן קאָרידאָר, כּמעט אונטערן דאַך, איז איר איינזאַמער חדר. ווי נאָר זי האָט זיך דאָרט באַזעצט, אַ שטיקל צייט פאַר דער מלחמה, האָט זיך דער הויף שטאַרק געחידושט: אַזאַ יונגיטשקע שיינקייט און שוין אַן אַלמנה. זי איז געווען אַ דינע, כּמעט דורכזיכטיקע געשטאַלט, וואָס האָט זיך געבויגן ביים גיין ווי אַ שוואַכער צווייג אין ווינט. די האָר פאַרקעמטע אויף אַהינטער, האָבן געהאַט אַ טרויעריקן בליאַסק פון שוואַרצקייט, געמישט מיט ווייס־גראָלעכע אבלות־פעדעם. די הענט אירע, לענגלעכע, מיט גאָר ווייסע פינגער, האָבן פון זיך אַרויסגעשטראַלט אַ גוטע וואַרעמע ליכטיקייט. די אויגן אירע, גרויסע און גרין־גראָלעכע, האָבן אין זיך פאַרבאָרגן אַ מין קוואַליקע טרויעריקייט, וואָס קומט פון פרי דערקענען דעם אומפאַרמיידלעכן גורל פון לעבן. מן־הסתם איז דאָס אַלץ געווען אַ שאַטנדיקע אָפּשפּיגלונג פון איר יונגער אַלמנהשאַפט. זי האָט מיטגעבראַכט פון איר היים עטלעכע אויסטערליש־גרויסע קאַסטנס. קיינער פון די הויפמענטשן האָט נישט געוווסט וואָס אַזוינס ס׳ליגט פאַרבאָרגן אין די קאַסטנס. ערשט אַ סך שפּעטער האָט דער הויף זיך דערוווסט. אַחוץ די פאַרקלאַפּטע גרויסע קאַסטנס האָט זי אויך מיט־

געבראַכט: אַ נידעריק שלאָפבעטל, אַ קליין טישל, צוויי שטולן און אַן אייזערן נידעריק אויוונדל, וואָס האָט געהאַט זייער פאַרזשאַווערטע טירעלעך מיט געשפּאָלטענע ווענטלעך. דאָס איז געווען איר גאַנץ בעל־הבתישקייט. אָבער וואָס אַזוינס זי האָט מיטגעבראַכט אין די קאָסטנס — האָט דער הויף נישט געוווּסט אַזוי לאַנג — ביז...

צווישן איסרן און דער יונגער אַלמנה האָט זיך פאַררוּעבט, שוין פענעם ערשטן טאָג פון איר קומען, אַ רייבע, איידעלע נאָענטשאַפט. איר איינזאַם לעבן אונטערן דאַך האָט פאַר אים געהאַט אַ שטומען סודותדיקן רייץ און רוף. ער האָט מורא געהאַט זיך צו דערנעענטערן צו דער ניי־געקומענער אַפילו מיט אַ וואָרט, כדי נישט צו פאַרטונקלען די רייצנדיקע וואָרעמע ליכטיקייט. אָבער אַנומלט ביי נאַכט האָט ער דערהערט ווי עס גייט אַ שטיל וויינען פון איר דאַכשטיבל. צי וויינט נישט אַ מענטש אין דער נאַכט בעת ער דאַרף עמעצענס הילף? דאָס געוויין איז אַדורך די סטעליע צו איסרס חדר און אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אויבן, אין דער סטעליע, ליגט פאַרבאָרגן אַ גריל און וויינט אַזוי אין דער פינצטער.

בעת ער איז אַרויף מיט די שטיגן און געבליבן שטיין פאַר איר טיר, האָט ער שוין באַשיימפּערלעך געהערט אַ שטיל יאָמערן. צי זאָל ער אַזוי אומגעריכט אַנקלאַפּן אין דער טיר? אפשר איז די טיר געשלאָסן — וואָרעם בעתן וויינען הערט מען דאָך קיין מאָל נישט די אַרומיקייט. ניין, די טיר איז בלויז געווען צוגעלענט. דורך דער שמאָלער אָפענער שפּאַרע האָט אַ טריב ליכט זיך געגאָסן פון אינעווייניקסטן שטוב־חלל. ער האָט פאַוואָליע זי געעפנט און אויף די שפּיץ פינגער אַריין אינעווייניק.

אַ שוואַך עלעקטריש לעמפּל אויפן טישל, לעבן נידעריקן בעטל, האָט צעשאַרט אַ סודותדיקע ליכטיקייט פון נאַכט און אַן איינגעהאַלטן ווייבלעך געוויין. זי איז געזעסן אויפן בעטקאַנט מיט די נאַקעטע פיס אַראָפּגעלאָזט צום דיל. אין שטוב איז געווען קאַלט און ווילגאַטנע. פון איין־איינציקן פענצטער האָט זיך די פינצטערניש געלייגט ווי אַ יעשענדיקער פעלדבעפל. ס'איז מעגלעך, אַז זי האָט גאַרנישט געהערט ווי די טיר האָט זיך געעפנט. זי האָט ביי איסרס אַריינקומען אַפילו נישט אויפגעהויבן איר

קאָפּ און אָן אויפהער אַריינגעווייַנט אין די הענט, וואָס האָבן פאַרדעקט איר פּנים. ערשט דעמאָלט ווען איסר איז צוגעקומען נענטער צום בעטל — האָט זי אַראָפּגעלאָזט די הענט פון איר פּנים. אינעם ביסל ליכטיקייט האָט איסר דערזען ווי אויף אירע באַקן ליגן נאָך אירע טרערן ווי פאַר־גליווערטע טל־טראָפּנס.

— זיצט. זיצט. — און זי האָט מיט איין האַנט אירער אָפּגעשווישט דאָס פּנים און מיט דער צווייטער אים געוויזן אָן אָרט לעבן זיך אויפן בעטל — זיצט... אָבער — גיט מיר צו ערשט אַ גלאָז וואַסער, ווער איך אפשר קומען צו זיך. אַ גלאָז וואַסער...

איסר האָט פון קראַן אָנגעגאָסן אַ האַלב גלאָז וואַסער, איר דער־לאַנגט מיט אַ ציטעריקער האַנט און זיך אָוועקגעזעצט לעבן איר אויפן בעטל.

— רופן אפשר אַ דאָקטער ? איר פילט זיך נישט גוט ? איר זענט דאָך דאָ אין גאַנצן אַ פרעמדע...

— ניין, ניין. מען דאַרף נישט. זיי וועלן מיך שוין געזונט מאַכן... בלויז זיי.

איסר האָט לחלוטין נישט פאַרשטאַנען וועמען מיינט זי עס „זיי״.

— צי זעט איר נישט ? קוקט אויף די ווענט ! זיי וועלן זיכער מיך געזונט מאַכן...

ערשט איצט האָט איסר אויפגעהויבן זיינע אויגן צו די ווענט פון איר חדר. פריער האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער זיצט לעבן אַ מענטש, וואָס רעדט פון חלום אָדער אין שגעון. אָבער איצט — ווי אַזוי איז דאָס געשען, אַז ער האָט ביים אַריינגיין אַהער לחלוטין נישט דערזען דאָס אַלץ, וואָס ער זעט איצט אין דער שיטערער ליכטיקייט פונעם קלייַנעם לעמפּל ?

די ווענט פון איר חדר זענען ביז צו דער סטעליע געווען באַשטעלט מיט הילצערנע פּאָליצעס און אויף זיי, שורה נאָך שורה, זענען געשטאַנען אומצאָליקע ביכער און ביכלעך פון פאַרשיידענער גרייס. אין קאַרגן ליכט פון עלעקטרישן לעמפּל האָט ער געקענט זען די נעמען פון די ספרים און זייערע מחברים. ווער איז דאָרט אַלץ נישט געווען ? מענדעלע

מוכר־ספרים און שלום־עליכם, י.ל. פרץ און שלום אַש, דוד בערגעלסאָן און יוסף אָפּאַטאָשו, ווייסענבערג און נאָמבערג, לייוויק און מאַרקיש, קולבאַק און קאַציזנע, ראַבאַי און לאַמעד שאַפּיראָ, און נאָך און נאָך: נעמען, נעמען, נעמען. פון אַ באַזונדער ווינקל האָבן אַרויסגעקוקט עטלעכע בענד פון שמעון דובנאָוו און חיים זשיטלאָווסקי, יהואש תנך־איבערזעצונג און איבער זיי — אויף אַ באַזונדערער פּאָליצע — ספרים אין לשון־קודש: ביאַליק און טשערניכאָווסקי, בערדיטשעווסקי און גנעסין, ברענער און פיכמאַן... נעמען, נעמען, נעמען...

זי האָט זיך אויפגעשטעלט פון בעטל, מיט איין האַנט אויסגעווישט די אויגן און מיט דער צווייטער אים צוגעפירט צו די פּאָליצעס.

— חידושט זיך נישט וואָס איך וויין. אַ גאַנצן טאָג וויין איך, נאָר ביי טאָג הערט קיינער נישט אַ מענטשנס געוויין. איצט, אין דער שטילקייט, זענט איר געקומען. איר זעט אונדזער אוצר? מיין איינציקער אוצר! זיי אַלע וועלן מיך געזונט מאַכן. שמייכלט נישט. איר מיינט, אַז חלילה... ניין, מיין האַרץ זאָגט מיר אָן שלעכטע בשורות. שוין קליינערהייט פלעגט מיין מאַמע מיך רופן: דבורה די נביאה. און איצט — פאַר וואָס זאָל איך נישט וויינען? אַפילו די פּאָליצעס אויף די ווענט וויינען אויך. איר הערט נישט? געשלעפּט דאָס אַלץ פון באַראַנאָוויטש. סלאָנים. פון ווו נישט? טוט צו אייער אויער צו דער פּאָליצע וועט איר הערן. אָ, ווי איך הער זייער וויינען! געמיינט צו עפענען דאָ אַ ליי־ביבליאָטעק. אַזוי ווי דאָרט, אין מיינע קאַנטן. אין צווישן הערט מען פון מלחמה. צוליב וואָס האָב איך דאָס אַלץ געשלעפּט אַהער? צוליב וואָס, פרעג איך אייך? צוליב וואָס? מיט די אייגענע הענט צעקלאַפּט די קאַסטנס. געמאַכט פּאָליצעס. זיך צעבלוטיקט די פינגער. צוליב וואָס? צוליב וואָס? פאַר ווועמען? פאַר וועמען? — —

איסר הערט נאָך איצט איר קול, בעת דער שטורמיסט שטייט שוין נאָענט לעבן אים. ער באַפעלט אוועקצוטראָגן די אָראָפּגעפאַלענע. פיר מענטשן זאָלן אוועקטראָגן „דאָס פי״. ער זאָגט נישט וואָהין. בלויז דאָס בייטשל זיינס שרייט פון דער פינצטער:

— פּאַרויס!!! פּאַרויס!!!

אַ רגע האָט זיך קיינער נישט גערירט פון אָרט. אַן איינגעפּרוירענע שוואַרצע עדה. באַלד שיילן זיך אַרויס פיר שאָטנס פונעם קופּקעלע מענטשן. צווישן זיי — איסר. פיר מענער אין אונטערוועש. זיי בייגן זיך אַראָפּ צום געפאַלענעם גוף. איצט זעען שוין אַלע ווער דאָס איז. פון האַלב אָפענעם מויל קוקן אַרויס אירע ציין. זיי זענען שוואַרץ, פאַרלאָפענע מיט בלוט. ביי ביידע זייטן פון די מוילווינקלען הענגען אַראָפּ שנירעלעך בולטקרעלן. דאָס איז זי — די לערערין פון פערטן שטאָק. דאָרע לאַזאָווסקאַ פון באַראַנאָוויטש.

די פיר בייגן זיך איין טיפער, כדי אויפצוהייבן דעם גוף, צוויי ביי די הענט און צוויי ביי די פיס. דער ווייבלעכער גוף איז שווער ווי יעדער טויטער גוף. איסר וווּנדערט זיך וואָס פלוצעם איז איר דינע גוף־דורכזיכטיקייט פאַרשוווּנדן און דער טויט איז אַזוי אימהדיק שווער און שוואַרץ. זיי הייבן אים העכער. דער וועג צו דער גאַס ציט זיך איבער דער לענג פון הויף. הונדערט שריט — און אפשר מער. ס'איז פינצטער. די באַרוועסע פיס טרעטן אין דער גליטשיקער הויפּבלאָטע. פיר ווייסע שאָטנס טראָגן אויף זיך דעם נאַך וואַרעמען ווייבלעכן גוף. כדי אָנצוקומען צו דער גאַס, דאַרף מען דורכגיין אַ שמאָלן, לאַנגן קאָרידאָר פון פאָדער־הויז. דער פּרוזדור איז דאָרט נישט באַלויכטן. איסר טראָגט דעם גוף פון פאָרנט. אויף זיין אַקסל ליגט איר פאָדערשטער גוף־טייל. איר אַראָפּגעפאַלענע האַנט הענגט איבער זיין ברוסט. ביי יעטוועדן שריט קלאַמערט זי זיך ביי זיין ברוסט און וויל נישט אַראָפּ פון איר.

איצט טראָגן זיי זי שוין איבערן הויף. פיר מענער — די שכנים פון דער אָפּיצינקע. זיי טראָגן דעם סודותדיקן שוואַרצן שאָטן פון אַ לעבן, וואָס זיי האָבן נישט געקענט. די אימה פאַר זייער אייגן לעבן איז ערגעץ ווו פאַרשוווּנדן. אויף זייערע אַקסלען טריפט בלוט. זיי וואָלטן אַזוי געגאַנגען מיטן טויטן גוף אויף די אַקסלען ביז ס'וועט אָנהייבן צו טאָגן. צי וועט מאָרגן נאָך אַ מאָל ווערן טאָג? איבער זיי האָט זיך פלוצעם געשפּאָלטן די הימל־שוואַרצקייט. צווישן צעשפּליטערטע, דורכזיכטיקע יעשען־וואָלקנס שווימט די לבנה ווי אַן איבערגעקערט ווייס שיפל.

און דעמאָלט האָט עס זיך אָנגעהויבן, דער ערשטער איז געווען איסר.

די אַראָפּגעפאַלענע טויטע האַנט, וואָס האָט נאָך געהאַט אין זיך אַ ביסל וואַרעמקייט, איז איצט געלעגן אויף זיין מויל. אירע פינגער זענען לאַנג געלעגן אויף זיינע קאַלטע ליפּן. צי איז דאָס געווען זיין לעצטער לעבעדיקער קוש פאַר איר אויסגעגאַנגענעם לעבן? דאָס זעלבע האָט אויך געטאָן דער צווייטער שכן, דער, וואָס איז געגאַנגען לעבן איסרן. ער האָט די צווייטע געפאַלענע האַנט געהאַלטן אויף זיין פּנים. אפשר האָט ער אויך שפּעטער זי צוגעטראָגן צום מויל. די צוויי שכנים פון אהינטער האָבן נישט געזען איינער דעם צווייטן. זייערע פּנימער זענען געווען פאַרגראָבן אין דער קאַלטער הויט פון אירע נאַקעטע פיס.

אַזוי זענען די פיר געגאַנגען איבערן לאַנגן פינצטערן הויף, טראַט ביי טראַט און געטראָגן הויך איבער זיך דעם אַראָפּגעפאַלענעם גוף. דער פּרוזדור פון פאָדערהויז איז שמאָל און מען מוז אים אדורכגיין, כדי אָנצוקומען צו דער גאַס. זיי האָבן אָבער נישט געוווסט, די פיר גייענדיקע מענטשן, אַז אין די פּרוזדור־ווינקלען לויערן אויף זיי די אויסגעשטרעקטע ביקסן־לופעס פון שטורמיסטן. ווי נאָר זיי זענען אריין אין דער פּרוזדור־פינצטערניש איז אויף די מענטשן אָפּגעגעבן געוואָרן אַ זאַלפּ. די פיר מיט דער טויטער זענען געפאַלן. פאַרן הויז, שוין אויף דער גאַס, האָט רציחהדיק געדרעוועט דער מאָטאָר פון אַ לאַסטאויטאָ. זיין הילכיקער רעש האָט איינגעטויבט דעם זאַלפּ. פון אַלע איז בלויז ער, איסר, געבליבן ליגן אַ פאַרוווּנדיקטער אין פּרוזדור. די אַנדערע דריי, צוזאַמען מיט דער אַראָפּגעפאַלענער זענען געוואָרפן געוואָרן אויפן הויכן לאַסטוואָגן.

ווי אַזוי איז מיט אים געשען דער נס אין פינצטערן פּרוזדור? ווי אַזוי? ער קאָן עס ביז איצט נישט באַנעמען. צי איז עס דער רחמנותדיקער גורל, וואָס האָט אים געראַטעוועט דעמאָלט פון טויט? צי וואָלט נישט געווען בעסער ווען... צוזאַמען מיט זיי... מיט איר... אַלע פיר און זי אין דער הייך... ער פילט אָבער איצט דעם וואַרעמען דפק קלאַפּן אימפּעטיק אין די שלייפן. אפשר איז דאָרט פאַרבאָרגן דער גורל פון זיין צעבראָכן לעבן? דער גוטער גורל — אָדער דער תהום צום גיהנום? ווי אַזוי קומט ער אַהער, אין דער דאָזיקער ליידיקער באַלוטער שטוב

מיט די ליידיקע ווענט ? מיטן נאָפּטלעמפּל אָן גלעזל און מיטן בלעכענעם טויטן זייגער ?

איסר שטייט נאָך אַלץ אין מיטן שטוב בעת דאָס אַלץ איז פריער דורכגעלאָפן פאַר זיינע אויגן. דער ווייטיק אין פוס פון יענעם פּרוזדור־זאַלפּ ווערט שטאַרקער. ער וועט דאַרפן עפּעס אויסזוכן צו פאַרבינדן די ברענענדיקע וווּנד. זיסעלע איז דערווייל אַריין מיטן קינד פון דער גאַס. זי האָט געהאַלטן אין האַנט אַ האַלב לעבל ברויט און אויף אַ טעצעלע אַ טונקל־רויטע פליסיקייט. ס'איז געווען אַ פאַרגליווערטע פליסיקייט פון טונקעלער מאַרמעלאַד. ער זוכט אַן אָרט וווּ זיך אָוועקצולייגן. זיסעלע רוקט אים צו דעם טשעמאָדאַן. זי זעצט זיך לעבן אים. איר בויך איז הויך. ער ציטערט. איסר לייגט אַרויף זיינע הענט אויף איר בויך און לאָזט זיי דאָרטן לאַנג ליגן. ביידע שווייגן. פון דרויסן גיסט זיך אַריין אַ פרעמד, בייז גאָסן־געדויש פון בהלהדיקע מענטשן.

אין דער האַלב־פינצטערניש זעט איסר: דאָס פּנים פון זיסעלען האָט זיך פאַרקרימט. זי וויל עפּעס זאָגן, אָבער אירע ליפּן זענען געליימטע. דאָס קינד שלאָפט שוין פאַרטוליעט אין אַ קאָלדרע אויפן דיל. זיסעלעס פּנים בייגט זיך איין צו איסרס הענט. זי פליסטערט אַריין אין זיי, וואָס ליגן אויף איר בויך.

— פאַר וועמען, איסר ? פאַר וועמען ? פאַר וועמען ?

אירע ווערטער, אַרויסגערעדט אין דער פינצטער אויפן דיל, האָבן אים צוריקגעפירט צו יענער געשעעניש ביי דער יונגער אַלמנה אין איר דאַכשטוב. די זעלביקע ווערטער לעבן די פאַליצעס ביכער, דאָס זעלביקע שטילע געשלוכץ אין דער האַלב־פינצטערניש: פאַר וועמען ? פאַר וועמען ? פאַר וועמען ?

ס'איז געוואָרן שפּעט. ביידע זענען געווען מיד פון היינטיקן געלאָף. די ערשטע נאַכט פון שלאָפן אויפן דיל אין אַ פרעמדער שטוב האָט געשפּאָלטן יעטוועדע אַמאָליקע מחשבה, וואָס האָט זיי געהאַלטן ביים לעבן אין דער שטאָט. פּלוצעם איז מען געבליבן שטיין לעבן אַן אָפענעם, שוואַרצן אָפּגרונט. אַרום זייערע קעפּ האָט זיך געוויקלט די שווערע קלעפּיקע, פרעמדע יעשען־פינצטערניש.

און אַז איסר איז פון גרויס מידקייט אײַנגעשלאָפן לעבן זיסעלען האָט ער געהאַט אַן אויסטערלישן, פאַרכישופטן חלום. דער חלום איז געווען אַ בליציקער און גיכער, און אפשר האָט ער געדויערט לאַנגע שעהען פון נאַכטשלאָף. די זעלביקע גרויסע באַלוטער שטוב איז מיט אַ מאָל אין חלום געווען שטאַרק באַלויכטן. דאָס נאַפּטלעמפּל אויף דער וואַנט האָט געברענט מיט אַ שײַן, פלאַקערדיק ליכט. אינעם לעמפּל איז געזעסן אַ הויך, דורכזיכטיק גלעזל, וואָס האָט דערגרייכט ביז צו דער סטעליע. דאָרט אויף דער סטעליע, איז פונעם נאַפּטלעמפּל אַרומגעשוווּמען אַ ליכטקרײַז ווי אַ קײַלעכדיקע פולע, זילבערנע לבנה. דער בלינדער בלעכענער זייגער מיט די צוויי וואָגעס איז געגאַנגען. זײַן פּאַוואָליעדיקער קלאַנג האָט אָפּגעהילכט אינעם חלל ווי עמעצער וואָלט מיט אַ פינגער געלאָזט ציטערן אַ זילבערנע פידל־סטרונע. לעבן טישל, גראָד אונטערן נאַפּטלעמפּל, איז געזעסן נישט קיין אַנדערע ווי זי — די יונגע אַלמנה פון פערטן שטאָק. זי האָט געהאַלטן אויף אירע אָפּגעדעקטע קני אַן אָפן ספר און פון דאָרט, אַ שמייכלענדיקע און לייכטנדיקע, געלייענט הויך אויפן קול. אין חלום האָט איסר געהערט יעדעס וואָרט און אַפילו געוווּסט ווען זי וועט זיך אָפּשטעלן, כדי אַנצוהייבן אַ נײַעם שטראָם פון יידישע ווערטער. אירע אויגן האָבן געלויכטן צו אים מיט אַ זעלטן וואַרעם ווייבלעך פײַער.

פלוצעם האָט זיך דער חלום געשפּאָלטן. אַ הילכיקער קלאַפּ האָט צעשאָרט די נאַכטשטילקייט. דאָס נאַפּטלעמפּל האָט זיך פאַרלאָשן. אויך דער זייגער האָט אויפגעהערט צו גיין. איסר איז ווידער אויפן הויף אַרומגערינגלט מיט אַ קופּקעלע נאַקעטע יידן. עמעצער האָט זיך אַראָפּגעוואָרפן פון העכסטן שטאָק. ער דערקענט זי באַלד. אין חלום איז זי נאָך יינגער ווי זי איז. דאָס איז זי, פון באַראַנאָוויטש. שוין טראָגן זי דריי געשטאַלטן אין דער הייך און אויך ער — איסר. פון פאָרנט טראָגן זי: דער זיידע מענדעלע און שלום־עליכם, צופוסנס: יצחק־לייבוש פּרץ און ער — איסר. זיי גייען איבערן פינצטערן הויף גלייך צום פּדוזדור, נאָר דער פּרוזדור פון דער אָפּיצינקע איז גאָרנישט דער פינצטערער קאָרידאָר, נייערט אַ גרויסער צעוואָסענער און בליִענדיקער גאָרטן. קליינע בעז־

ביימלעך און שיין־צעוואַקסענע קשאַקעס גיבן פון זיך אַרויס א זעלטן־זיסן ריח. איבער די נידעריקע בעזביימלעך פלאַטערן אַרום גרויסע שמעטערלינגען פון אַלערליי קאָלירן. טייל זענען גאָלדיק־ברוין און אַנדערע — מיט קאָליריקע, רעגן־בויגנדיקע שטרייפן. שוין דערנענטערן זיי זיך אַלע צום גאָרטן, בעת עמעצער פאַרשטעלט זיי דעם וועג. ווער איז דאָס אייגנטלעך? ס'איז נישט קיין געשטאַלט און נישט קיין צוים, נאָר אַ לאַנג אויסגעשטרעקט בייטשל הענגט אין דער לופט. איסר האָט פון חלום אַ ווילדן געשריי געטאָן. דער ווייטיק אין פוס האָט אים איבערגעוועקט, בעת ער האָט נאָך אַ מאָל אַ געשריי געטאָן און אויפגעעפנט די אויגן — —

אין דער פינצטער האָט זיסעלע, אָן איבערגעוועקטע פון איסרס חלום־געשריי, געזוכט מיט אירע הענט זיין פנים. בעת זיי האָבן אָנגערירט זיין געזיכט האָט זי דערפילט: די באַקן זיינע זענען פייכט פון טרערן. דאָס זענען געווען די זעלבע טרערן, וואָס ער האָט פריִער בעתן ווילדן געשריי געהאַט אויסגעוויינט אינעם חלום.

# אברהם סוצקעווער

## זיין קינסטלערישע געשטאַלט

א

די קונסט־געשיכטע אין אירע אַלע פאַרמאַציעס — און בעיקר יענע פאַרשונגען, וואָס ווילן אונדז געבן אַ קלאָרן באַשייד פון אַ ליטעראַטור־עפּאָכע, אָדער בלויז פון אַ קליינעם צייטאָפּשניט פון דער עפּאָכע, מיט אירע אַלע נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע און פּסיכאָלאָגישע טרייב־כּוחות — באַזירן זיך ס'רוב אויפן עלעמענט פונעם אומבאַשיידלעכן, אינדיווידועל־יחידישן יצירה־טעמפּעראַמענט וואָס איז אייגנטימלעך בלויז דעם און נישט קיין אַנדערן שאַפער. אַלע מאָנאָגראַפיעס וועגן גרויסע ליטעראַטור־שעפער (אַנדרע מאָרואַ, עמיל לודוויג) באַזירן זיך בעיקר אויף די סודותדיקע גייסט־כּוחות און גייסטיקע וואָרצלען, וואָס ס'האָט איבער־געלאָזט דער קונסטשאַפער אין דער וועלט־ליטעראַטור. נישט בלויז דאָס וואָרט מיט זיין קלאַנג, בילד, ריח און וויבראַציע זענען דער היפּנאָז־שורש וואָס האָט געווירקט אין דער פּאָעזיע, אָדער פּראָזע — בעת ס'איז די רייד וועגן ליטעראַטור. אַרום דעם וואָרט און מיטן וואָרט איז תּמיד מיטגעגאַנגען די גייסט־אַטמאָספערע פון אַ דור, אָפט פון גאַנצע דורות. הונדערטער יאָרן האָבן אין אייראָפּע זיך געפורעמט די פאַרשיידנסטע סטילן, שולן, ליטעראַרישע אידעאָלאָגיעס און כּלערליי קונסט־סיסטעמען. די אַ אַלע שאַפערישע גייסטיקע כוואַליעס האָבן נישט געקענט קיין גרענעצן פון ימים און יבשות צווישן פאָלק און פאָלק. באַדייטנדיק גרויס איז תּמיד געווען די קעגנזייטיקע השפּעה צווישן

די שאַפערישע גענעראַציעס, פון איין דור אויפן צווייטן — און צווישן די קענגוואַרטיקע דורות. אַזוי אַרום באַקומט זיך אַ היקפּדיק בילד פון שאַפערישער איינפלוּענץ, פון מענטשלעכער שטענדיקער גייסטיקער באַ־פרוכפּערונג. ערשט די אומקום־תּקופה האָט פאַר אונדז אויפגעשטעלט די ביז צום הימל־דערגרייכנדיקע טויטדאַמבע — און בעיקר פאַרן ייִדישן שאַפערישן וואָרט. פון די פאַרשלאָסענע און פאַרגעטאָ׳עטע אותיות פורחות, איז בלויז פאַרבליבן אַן אָפּגעשונדן, דערשראָקן שאָטן־אות, וואָס האָט געדאַרפט ערשט אויף ס׳ניי זיך איבערציִען מיט אַדערן און וואַרעם בלוט דורכן סודותדיקן, גייסטיקן כּוח פונעם ייִדישן דיכטער.

ב

איך מיין אַז מען קאָן זאָגן: ביז צו דער אומקום־תּקופה, ביז צו דער גענעראַציע פון יענע שאַפערס, וואָס די געשיכטע האָט זיי אונדז איבערגעלאָזט אויך נאָכן חורבן, מיט זייערע אַלע וויסטע גורלות און נסיונות — איז נאָך קיין שום גייסטמענטש אין די פריִערדיקע דורות נישט געשטאַנען אַזאַ פאַרזיגלט־אָפּגעצוימטער פון יעטוועדער דרויסנ־דיקער השפּעה, אַזאַ איינזאַם־פאַרשטויסענער — ווי דאָס איז געווען דער ייִדישער דיכטער, וואָס דער האָקנקרייץ האָט אים פאַרטריבן צווישן די געטאָ־מויערן, אָדער געטאָ־קאַנאַלן. ער איז פאַרבליבן, דער שאַפער, אַזוי גרויזאַם־אַליין פאַרמויערט אין זיך מיט זיין שפּירונג, געוויין און האָפענונג. דאָס איינציקע, וואָס ער האָט אין זיך אויך מיט־איינגעמויערט, איז געווען דאָס צעבראָכענע ייִדישע וואָרט. און דאָס וואָרט, איז געווען באַשפּריצט מיטן בלוט פון פאָלק און מיטן אייגענעם דיכטערבלוט. צי איז זיין וואָרט, דעם דיכטערס וויזיע, געווען צוגעגרייט צו אַזעלכע נסיונות ערב דעם קאַטאַקליזם? צי האָט דער בלוט־מבול נישט אָפּגעשווענקט יעדע מענטשלעכע שפּירונג, אָפּגענומען און געטייט יעטוועדע חשיבות, דויערהאַפטיקייט און גלויבן אין קינסטלערישן וואָרט — און אין וואָרט בכלל? צי האָט די אומקום־רעאַליטעט נישט געשפּאָט פון אַלע מאָסן, מיטלען פון דער מענטשלעכער שפּראַך, וואָס האָט געוואָלט געבן דאָס שיינע? עס זענען באַקאַנט ווערק, וואָס זענען אַנשטאַנען אויף פאַר־

שיקונג, אין תּפיסות און אין איזאָלירטקייט. אָבער — צי קען מען געטאָ־פאַרמויערטקייט פאַרגלייכן צו אַ תּפיסה, אָדער איזאָלאַציע? בלויז דער יידישער שאַפער איז געשטעלט געוואָרן פאַר אַזאַ ביטערן נסיון. איך טראַכט אָפט וועגן די פאַרנעפּלטע שאַפערישע שטויסן, וואָס כ׳האָב אַליין איבערגעלעבט אין יענע אומגליקלעכע טעג, בלייבנדיק פאַרמויערט אין געטאָ אויף יאָרן. וואָס האָט געצווונגען דעם דיכטער אויפצוברעכן און אַרויסצוגיין פון זיין איינגעמויערטקייט — און נעמען די פען אין האַנט? בטחון? — אין וואָס? אין גוטן גורל, וואָס נאָר די הימלען באַשטימען פאַרן מענטשן? אפשר: דאָס פייערלעכע, איינזאַמע קינסטלערישע שפּילן־זיך מיטן וואָרט, „דאָס שפּאַלטן פון וואָקאַלן" — ווי סוצקעווער זינגט צו רעמבאָ, — כדי צוזאַמען מיטן שגעונדיקן שפּיל זיך צו באַפרייען פון דער געטאָ־קעגנוואָרט? צי טאַקע עסקייפּיזם פון עמק הבכא דורכן וואָרט? און אפשר — אַ מצבה נאָך זיך און נאָכן פאַלק? און אויב אַ מצבה — צי האָט ער געהאַט, דער שאַפער, די אַדעקוואַטקייט פון די קינסטלערישע געפעסן פאַר אַט דער מצבה? צי האָט ער געהאַט פאַרגייער פון אַזאַ מין קאַטאַקליזם אין דער ליטעראַטור? אפשר איוב, אפשר ביאַליק? און אפשר — לאַמעד שאַפּיראַ׳ס פאַרבלוטיקטע עפּיק?

די אומקום־תּקופה — און אויך דער שאַפונג־פּראָצעס פון יידישן דיכטער בעת יענע יאָרן — וועלן לאַנגע דורות זיין אַ טעמע פאַר פאָרשונג. אין איצטיקן מאָמענט איז כדאַי זיך אָפּצושטעלן אויף דער פול געפּרוווטער, בונטער שאַפערישקייט פון איינעם פון יענעם דור פאַרמויערטע, אויף איינעם פון די, וואָס זענען געווען מסוגל מיט דער סטיכיע פון זייער פּאָעטישן איך — און מיט דער גנאָד פון גורל — שוין אין געטאָ צו שפּאַלטן דאָס וואָרט אויף אַטאָמען, אויף וואָקאַלן, כדי בישט צו בלייבן „אַ שטומע פידל מיט אַ קלאַנגען־ים אַן אומבאַקאַנטן". און ער האָט זיין שאַפערישקייט אונדז איבערגעגעבן אין זעלטענע דיכטערישע גאַסן און פורמעס, כדי זיי זאָלן לייכטן, קלאַנגען, מאָנען און דערציילן אויף לאַנגע, לאַנגע דורות.

ג

ווען מען קומט צום ביז איצט פאַררעַנענעם פּאָעטישן פאַרמעג פון אַברהם סוצקעווער, בעת מען לייענט זיינע פּערזן — און לייענען דאַרף מען אים פּאַוואָליע, גאָר פּאַוואָליע — וואָקסט פאַר אונדז אויס אַ מין פּרץ־צויבערער, אַ וואָרט־מכשף, אַ פּאָעט, וואָס האָט דערטרונקען אין זיין אומרויִקן גייסט די מוראדיקע חזיונות, מיראַזשן און ראַנגלעַנישן. איצט שעפּט ער זיי אַלע אַרויס פון דער דערטרונקנקייט מיט די שענסטע גינגאַלדענע עמערס, דער עדות פון יענער פּיין מוז פאַרוואַנדלען זיך אין שיין, אין ליכט. די זעלביקע געזעצן, וואָס גילטן אין דער „טויטער" נאַטור גילטן אויך אין דער קונסט. זיין לעבן־באַשערטקייט עפנט פאַרן דיכטער נייע, הומאַנע חלומות. וואָסער שלל פון פאַרבן, ריחות, בילדער און מעטאַפאָרן מישט נישט צונויף זיין כישוף־פינגער, כּדי אונדז צו פירן אינעם לאַבירינט פון זיין פּאָעטישן פּאַליי? אַ. סוצקעווער איז פון די גאָר וואַגנדיקע דיכטערס. ער האָט ניט מורא צו שטעלן אַ טראָט אין דער פינצטער פון זיין פּאָעטישן לאַבירינט. וואָרעם ער ווייס, דער דיכטער, אַז דאָס, מיט וואָס זיין גייסט איז געפּרווּוט געוואָרן, איז אייננמאַליק, ווי אייננמאַליק ס׳איז דאָס ערדישע לעבן פונעם דיכטער, ווי אייננמאַליק ס׳איז „געהיימשטאָט" מיט אַלע דיכטערישע נסיונות.

כ׳האָב ניט געזונגען סתם. איך האָב געמוזט
אַרויסוואַיען פון זיך די קאַנאַליאַדע!

יאָ, וואָלפיש־אַרויסוואַיען — דאָס איז סוצקעווערס פּאָעטישער קרעדאָ. ער שרייבט נישט זיינע לידער, ער וואָיעט זיי אַרויס פון זיך אונטערן דרוק פון אומצאָליקע אַטמאָספערן. זיין יעדער ליד איז ווי אַ פּאַרטיי־עטער וואָלף, וואָס וואַרפט זיך אויף דיר פּלוצעם, אומגעריכט און דו ווערסט געפאַנגען, ווי דער פּאָעט אַליין, „אין דער ווילדער פּראַכט פון זיין אייגענער פאַרשפּרייטער געזאַנגנעץ". פאַרפּלאָנטערט אין דער אַ נעץ פון ריינער, קוואַרציקער פּאָעזיע, ווו יעדער אָדערל זינגט באַזונדער, באַוווּנדערסטו די פּאַנאָראַמעס, פולע מיט סודותדיקע פּאָעטישע סימנים און פון אַלט־יידיש און יידישן נוסח ווילנע. און אויב אַפילו דער שלל פון פּאָעטישן אַקוואַרעל־מאָזאַיִק שלינגט אַ מאָל איין די אידעע — ביסטו

זיכער, אַז באַלד קומט דער בליץ, וואָס פאַרענדיקט דאָס ליד מיט אַנפּלעקערישער דיכטערישער שײנקײט.

יעדעס בוך סוצקעווערס פאַרלאַנגט אַ באַזונדערע שטודיע סײַ בנוגע דער טעמאַטיק, סײַ בנוגע דער פּאָעטישער עשירות, פאַרטיפונג און אַנטפּלעקונג. פון די ביז איצט דערשינענע ביכער באַקומט זיך אַ רעליעף פּאָעטיש פּראָפיל פונעם מענטשן אַברהם סוצקעווער אויפן פאָן פון אונדזער עפּאָכע. זינט אַ פערטל יאָרהונדערט (1937) ווי ער האָט אַוועקגעשטעלט זײַן פּאָעטישע קוזניע אין דער ייִדישער דיכטונג — מיט זײַן ערשט בוך „לידער". שוין דאָרט וועט איר געפינען די לויטער־גוטע און אויך האַרבע זוימען פון אַלע שפּעטערדיקע ווערק, וואָס האָבן זײַן נאָמען גרויס געמאַכט אין דער ייִדישער ליטעראַטור. צווישן דעם בוך „לידער" און זײַן איצטיק בוך „גײַסטיקע ערד", ליגט אויסגעשפּרייט אַ קאַליריקער ביכער־טעפּעך מיט גרויסע דיכטערישע דערגרייכונגען: „די פעסטונג", „ייִדישע גאַס", „געהיימשטאָט", „אין פײַער־וואָגן", „סיביר", „אָדע צו דער טויב", „אין מידבר סיני", „אָאַזיס" — ווערק, וואָס באַקריינען און באַשײַנען די ייִדישע דיכטונג און דאָס ייִדיש־לשון אין גורלדיקע עטאַפּן פון אונדזער פאָלק בעת און נאָכן חורבן.

צי האָט אַ. סוצקעווער אין דער דיכטונג פאַרגייערס? וואָס איז זײַן אַזוי גערופענער לייטמאָטיוו אין דער פּאָעזיע? צו וועלכן אני־מאמין דינט זײַן קרעאַטיווע גײַסטיקייט? צי קען מען אים קינסטלעריש דעפינירן ווי, למשל, לייוויקן אָדער גלאַטשטיינען — הגם ייִנגער פון זיי אין יאָרן, אָבער ניט ייִנגער אין דיכטערישער געפּרוווטקייט, אין מענטשלעכע יסורים און — מיטן אויסדרוק־כּוח פון זײַן פּאָעטישער גאַמע?

כ׳וואָלט געפּרוווט דעפינירן בערך אַזוי: אַ. סוצקעווער אין זײַן ליד, פּאָעמע — אין זײַן גאַנץ ביז איצטיק שאַפן, איז כּולל אין זיך צוויי עיקר־עלעמענטן: א. דעם פּאָעטישן צויבער פון וואָרט מיט זײַן פאַרביקייט, שפּילעוודיקייט, זינגעוודיקייט, איבערראַשימדיקער זעעוודיקייט און שפּירעוודיקייט, פולע מיט מקורותדיקע התגלותן פון בילד און שאָטן־ניואַנסירונג; און ב. דיכטערישע אידעען־פולקייט, געבויט אויף נאַציאָנאַלע חורבן און רענעסאַנס־מאָטיוון. איך זע אין אים צוויי שעפערישע

פנימער: פון פּאָעט־צויבערער און פון דיכטער־עפּיקער. כ׳ווייס נישט צי די פונאַנדערטיילונג לויפט אַדורך אין אַלע ווערק אין סאַמע האַרץ פון זיין יצירה, אָבער אַלץ ווייזט, אַז ס׳איז פאַראַן אין סוצקעווערס ביז איצטיק שאַפן אַ בולטע באַריערע, וואָס טיילט אָפּ זיין פּאָעזיע פון זיין דיכטונג. אין אַלע ליטעראַטורן איז צו געפינען דעם פּראָטאָטיפּ פון ריינעם פּאָעט און ריינעם דיכטער — הגם אין די ווערק זייערע איז דאָס נישט תּמיד לייכט פונאַנדעצושיידן. דער דיכטער איז תּמיד אויך אין זיין שאַפן ערדיש־עפּיש, בעת דער פּאָעט־ליריקער דאַרף לחלוטין נישט דעם עפּישן עלעמענט. אים גענוגט דאָס צויבערשפּיל פון פּאָעטישן וואָרט גופא, די אַנטפּלעקונגען, וואָס ווערן געבוירן אין דער פּאָעטישער וויזיע. אויב, למשל, מיר וועלן אויף איין זייט אָוועקשטעלן אַלס דיכטער אַזעלכע נעמען ווי: הוגאָ, בייראָן, מיצקיעוויטש, געטע, וויטמאַן, לייוויק, ביאַליק — באַקומט זיך אַנקעגן זיי, אויף דער צווייטער זייט, אַלס פּאָעטן: באָדלער, שעלי, סלאָוואַצקי, רילקע, פּושקין, פּראָסט, טשערני־כאָווסקי. אויב די אַ פונאַנדערטיילונג זעט אויס צו זיין בלויז אַן אילוזאָ־רישע ווי דער קו־המשוה — איז פון דעסטוועגן צו זען אַ גרונטיקן קינסטלערישן און אידעישן אונטערשייד אין די אויסגערעכנטע שעפערס ווערק, ווו מען קען בולט אַנטרעפן דעם עפּישן עלעמענט, אָדער דעם ריינעם פּאָעטישן קוואַרץ, ווו ס׳לויפט נישט אַדורך קיין שום רעאַל־עפּישער אָדער.

די ביכער: „די פעסטונג״, „געהיימשטאָט״ און טיילווייז „יידישע גאַס״ זענען ווערק פונעם דיכטער סוצקעווער, ווו די עפּיק איז גובר דעם פּאָעט־מכשף. דאָס מיינט נישט, אַז אויך אין די דאָזיקע ווערק איז נישט פאַראַן סוצקעווערס מאַגיש־פּאָעטישע וויבראַציע מיט אַלע זיינע פּאָעטישע כּוחות. דאָס זענען ווערק אויסגעשפּינטע פון פאָלקס־אומגליקן און קאָשמאַרן, פון נאַציאָנאַלע חלומות און ראַנגלענישן, ווערק, ווו דער פּאָעטישער איך טרעט אָפּ דאָס אָרט דעם דיכטער פאַר רעאַלע, העכערע צילן. דאָ קומט דער דיכטער נעענטער צו די קוואַלן פון זיין נאַציאָנאַלער אחריות. אין דעם עפּאָס „געהיימשטאָט״ האָט סוצקעווער דערגרייכט אַ זעלטענע נאַראַטאָרישע הויכקייט, געמישט מיט יענע־

וועלטיקן פּאָעטישן צויבער. צי איז עס דערפֿאַר וואָס דער הינטערגרונט פֿונעם עפּאָס איז אַזוי פֿייערלעך־גרויזאַם און איינמאָליק? צי איז עס דערפֿאַר וואָס דאָס עפּישע דיכטער־וואָרט איז אַרויסגעוואַקסן געוואָרן אויפֿן פּאָן פֿונעם חורבן?

אַלס פּאָעט האָט אַ. סוצקעווער אין זיין ליד גאָר אַ צווייט פּנים. דאָ, הגם ער נוצט דעם זעלביקן שאַפֿערישן עלעמענט פֿאַר זיינע שורות ווי פֿאַר זיינע דיכטערישע ווערק, איז זיין וואָרט גאָר אַנדערש: ס'איז הייס־וווּלקאַניש, ניאַגאַריש, דער ריטעם — געמייסטערס מיט אַ ספּעציפֿישן אָטעם, דער גאַנצער פֿערז — געטעסעט, פֿאַראַקערט און דאָך קומט זיין בילד אַרויס עטעריש, מחמת דער פֿילטרירונג פֿון זיין וויזיע אין דער ראַפֿינעריע פֿון די קלאָרסטע פּאָעטישע פֿליסיקייטן. דאָ האָבן מיר דאָס גרויסע עשירות פֿון אַ פּאָעט, וואָס וואָלט פֿון זיין פּאָעטישער פּורנסת געקענט פֿאַרטיילן אַ טוץ אַנדערע פּאָעטן. ער בויט זיין פּאָעטישע שורה פֿון פּשוטע ווערטער, אָבער ער הילט זי אַרום מיט אומצאָליקע לויכטנדיקע ספּערן, ווו ס'פֿאַלן שטיקער ליכט פֿון וואַנדערנדיקע לבנות און קאָמעטן. די גוטע פּאָעטישע דימענטן פֿון זיין ליד ליגן נישט אויבן־אויף, נאָר דו קומסט צו צו זיי דורך אַ סך בליצן און ליכט־זאַווערוכעס. דער פּאָעט אַקערט לאַנג אין זיך ביז ער דערקענט די גרויסקייט פֿון קליינקייט. מיט אַ סך פּאָעטישן געדולד באַזינגט ער די אומשטאַרביקע גרויסקייט פֿון מיקראָקאָסמאָס. ער אַנטפּלעקט פֿאַר אונדז נייע, לעבעדיקע וועלטן און הימלען, וואָס זענען ביז אים געוועזן טויט און שוואַרץ. אפשר דערפֿאַר איז זיין יעדעס ליד אַזוי פֿול מיט פּאָעטישער עשירות, מחמת אים פֿאַרדריסט אַפֿילו — ווי ער זינגט —

צו ווינציק ביז איצטער פֿאַרנומען, דערקענט
די גרויסקייט פֿון קליינקייט.

דאָס זענען שורות, וואָס וועלן שוין תּמיד מאָנען פֿון פּאָעט: אַקערן, אַקערן, אַקערן ביז צו העלזעערישער אַנטפּלעקונג.

ד

ווילנע, ירושלים־דליטא, יונג־ווילנע — דאָס זענען עטאַפּן אין

אונדזער קולטור־געשיכטע. אָבער דאָס וואָס יונג־ווילנע האָט מיט זיך געבראַכט אין דער יידישער ליטעראַטור — איז נישט געווען ענלעך צו אַנדערע ליטעראַטור־נעסטן, ווו ס'האָט זיך אויסגעבריט אַ ניי קינסטלעריש פּנים אין אונדזער יידישער וועלט־ליטעראַטור. יונג־ווילנע איז געווען גאָר עפּעס אַנדערש. דאָ איז געווען אַלט־דורותדיקע טראַדיציע, הייליקע אַלט־יידישקייט, געפּאָרט מיט וועלטלעכקייט און נעאָ־יידישקייט, אויף אַן ערד, וואָס איז געווען כּמעט אַ פּאַרמאַכטער יידיש־פּלאַנעט. דאָס איז געקומען דורך יניקה פון די אור־יידיש־קוואַלן, וואָס האָבן גענערט און אויפגעשטעלט גענעראַציעס פון גאונים, טרוימער, און רעוואָלוציאָנערן. דער הגר"א, משה קולבאַק, הירש לעקערט, איציק וויטנבערג זענען נישט קיין צופעליקייטן אויף דעם פּלאַנעט. אין דער פּאָעזיע פון דעמאָלטיקן יונג־ווילנע — און איצט מיטל־ און אַלט־ווילנע — איז שוין געלעגן פּאַרזייט דער זוימען פון גרויסקייט. צי דאָס איז חיים גראַדע, אַברהם סוצקעווער, אלחנן וואָגלער — אַלע זענען זיי געוואָרן די געטרייע זין פון אַ גרויסער יידישער טראַדיציע, פון דער פּאַרהייליקטער ירושלים־דליטא.

אין וואָס איז באַשטאַנען די רעוואָלוציע פון דער גרופּע יונג־ווילנע?

די דאָזיקע רעוואָלוציע דעפינירט יעקב גלאַטשטיין אַזוי:

„די רעוואָלוציע פון דער גרופּע יונג־ווילנע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זי האָט געבראַכט דער יידישער וואָרט־קינסטלערישער וועלט אַ שטאָט, וואָס איז אילוזאָריש געווען לאַנד, באַדן. מחמת דער יידישער מענטש, וואָס האָט זיך אויסגעפורעמט אין ווילנע, איז געווען אַ שטאָלצער, נייער ייִד, און זיין יידיש מויל, פּאַרפּאַנצערט און געבענטשט מיט ווונדערלעכע, טרעפלעכע העברעיזמען, איז געווען אַ זיכער מויל, וואָס האָט זיך נישט געשראָקן פאַר דער גאַס. זיינע יידישע מעשים, די יידישע טאָג־טעגלעכע טועוודיקייט זיינע, איז געווען אַן אומדערשראָקן, פעלדזן־פעסט מצווהדיק יידישקייט; אַ פּראָדוקט פון דור־דורות יידישער ווידער־שפּעניקייט, אָבער תּמיד אין די ראַמען פון טראַדיציע, וואָס יעדער ווילנער האָט געטראָגן ווי אַ קרוין אויפן קאָפּ".

אָט די קרוין אויפן קאָפּ טראָגן די דיכטערס פון יונגע־ווילנע. ביי

ווען ס׳איז די קרוין אויסגעזעצט מיט מער איידלשטיינער, ביי ווען — מיט ווייניקער. אָבער אַלע טראָגן זיי די קרוין פון יידישער פּאָעזיע מיט גרויס גלויבן אין איר חשיבות און אומשטאַרביקייט. און איינער פון די, וואָס טראָגט זי מיט אַ באַזונדערן שטאָלץ און יראת הכּבוד — און פון צייט צו צייט זעצט ער אַריין אין דער קרוין אַ נייעם פּאָעטישן דימענט — איז אַברהם סוצקעווער.

ה

איך ווייס נישט וואָס דער פּאָעט־דיכטער אַברהם סוצקעווער וועט נאָך אונדז געבן אין דער ליטעראַטור. איך ווייס נישט וואָס זיין פאַר־סודותדיקער און נאָך פאַרמויערטער בליק וועט פאַר אונדז אַרויסהייבן פון הינטער די פאַרשלאָסענע חורבן־יאָרן — און פונעם פאָלקס־רענעסאַנס אין מדינת ישראל. איך ווייס נישט די סודות פון זיינע פינגער, וואָס האַלטן די פען אין דער האַנט. ער אַליין ווייס אַוודאי אויך נישט די אַ סודות. אָבער דאָס, וואָס אַברהם סוצקעווער האָט אונדז געגעבן ביז איצט — איז גענוג, אַז מיר זאָלן דאַנקען דעם גורל וואָס ס׳איז אונדז אָפּגעראַ־טעוועט געוואָרן אַ שאַפער פון אַזאַ שפּרודלדיקן, גייסטיקן יצירה־כּוח. דאָס איז גענוג אַז ער זאָל שטיין מיט זיין פּאָעטישן באַלעמער אין מיזרח־וואַנט פון דער יידישער פּאָעזיע. דאָס איז גענוג פאַר אונדזער דור — און אפשר אויך פאַר די קומענדיקע דורות. דאָס איז גענוג, אַז מיר זאָלן אים היינט צוטראָגן אונדזער ברכה און תּפילה פאַר נייע, גרויסע, פּאָעטישע דערגרייכונגען. און צוזאַמען מיט אַברהם סוצקעווער פליסטערן מיר זיינע צוואהדיקע, גראַניטענע שורות:

בדמיך חיי! —
אין דיין ליד זאָלסטו לעבן!

ישעיהו שפיגל

# יצחק יאַנאַסאָוויטש ווי אַ דערציילער

צווישן דעם אָרעמען און צניעותדיקן פּוילישן פּראָווינץ־שטעטעלע יעזשעוו און דעם רוישיקן לאָדזשער כּרך, וואָס אויפן וואַרשעווער זאַמדשליאַך, זענען די לאַנדשאַפטן אַזוי אַנדערש, ווי היפּוכדיק ס'איז דער אורבאַניס־טישער תּוהו־ובוהו פון דער קליינשטעטלדיקער פּאַסטאָרעלער צניעות און איר איינזאַמער יידישער אָרעמקייט. צווישן די ביידע מקומות, אויף ביידע זייטן שליאַך, ציִען זיך די פּאַרזייטע קאַרטאָפל־פעלדער, ווייכע קאַבישינע־בייטן און לײדיקע לאַנקעס. הינטער די פעלדער בלאָען זיך שיטערע סאָסנעוועלדלעך. לעבן די טייכלעך און וואַסערמילן בייגן זיך אַלטע טרויער־ווערבעס און אויך דאַרע פּוילישע טאָפּאָליעס. פון און אַרום די קליינע יידיש־שטעטעלעך אין רייסן, ליטע און פּוילן האָט גענומען איר בראשית און אויפשפּראַץ אונדזער יידיש־ליטעראַטור מיט אַלע אירע גורלות. די יצירה אין לשון־יידיש האָט קיין מאָל נישט אויפגעהערט זיך צו נערן פון ביידע מקומות — סיי פון שטעטל און סיי פון גרויסשטאָט — מיטן כּישוף פונעם פאָלקסמענטש. זי האָט באַגלייט זיין קרעכצן און לעכצן אויף אַלע שליאַכן און אין אַלע תּקופות. די בית־עלמינס און די פאַרלוירענע גן־עדנס פון יידיש־לעבן זענען צוריק אויפגעשטאַנען אין דער דערציילונג, אין דעם עפּאָס, אין דער פּשוטער מעשׂה, אָבער בעיקר — אינעם פּאָעטישן ליד, וואָס האָט אַריינגעוועבט אין זיך אויך דעם עפּישן יסוד ווי אַ היסטאָריש־רעאַליסטישן עלעמענט. די ליטעראַטור האָט זיך תּמיד געצירט מיט דער אָרנאַמענטיק און דער מחשבה פונעם תּוכיקן, הייליקן פאָלקסלעבן, דורך אַלע לעבנס־נסיונות און גורלות ביז איבער דער חורבן־תּקופה.

יצחק יאַנאַסאָוויטש, אַן אָפּשטאַמיקער פון יעזעוו און אויסגעוואַקסן ווי אַ שרייבער אין דער גרויסשטאָט לאָדזש, האָט קיין מאָל, ווי אַ שרייבער, נישט פאַרלאָזט יעזעוו. דאָס זאָגט אַ סך וועגן די טיפע, געטרייע וואָרצלען פון אַ שאַפער. ער האָט אומעטום מיטגענומען נאָסטאַל־גיש אויף אַלע זיינע וואַנדערונגען די חרובע היים, דעם שטעטלשן הימל, זיינע פאַרפלאָגטע שטוב־מענטשן, זייער זעלטענעם שמייכל, אָבער גאָר אָפּט אויך זייער יידישע טרער. ער האָט זיך פאַרקנסט צו דער — כדי צו באַנוצן יעקב גלאַטשטיינס אַ זאָג — „קדושהדיקער אָרעמקייט״. דאָס אַלץ האָט אים מיטבאַגלייט צו אַ סך ווינקלען אין דער וועלט. אָבער מען מוז זאָגן, אַז שוין פון סאַמע בראשית האָט אין זיין יצירה געיערט און געברויזט אַ יונגע שאַפערישקייט. זיין שאַפן האָט ביסלעכווייז געריפט מיט אַ שכלדיק־ריינער פעדער. זי האָט געקענט אונטערשיידן צווישן דער האַרבער, הייליקער רעאַליטעט און אידילישן שיינעם חלום. די דאָזיקע סגולות זענען, כידוע, די וויכטיקסטע קאָמפּאָנענטן, כדי צו שאַפן דעם זיווג פאַר דער ריינער קינסטלערישער יצירה.

זיין פּראָזעבוך, וואָס איז איצט אַרויס (**דאָס בשמים־ביקסל** און אַנדערע דערציילונגען, פאַרלאַג קיום, תל־אביב—בוענאָס־איירעס, 1979, 243 זז׳) — אַ זאַמלונג פון צוואַנציק קורצע דערציילונגען, באַשרייבונגען און מעשׂיות — איז דאָס ערשטלינג־פּראָזעבוך פון דעם אַ זשאַנער פון יצחק יאַנאַ־סאָוויטשעס פּרוכפּערדיקער פּען: אָנגעהויבן פונעם לירישן ליד און פּאָעמע, איבער די עסייִסטיש־קריטישע אַרבעטן און ליטעראַטור־מעמואַריסטיק — ביז צו זיין סוגעסטיווער פּובליציסטיק. איז דעריבער דאָס ערשטע פּראָזעבוך זיינס נאָך אַ צוגאָב־זשאַנער אין זיין שאַפערישקייט, וואָס פאַרגאַנצט, מאַכט פולער און אַנטפּלעקט דעם שרייבערס פּנים נאָך בולטער מיטן אומרויִקן זוכן אַ וואָס מער ברייטערע, טיפערע גאַמע פאַר זיינע אַלע יצירהדיקע פּאָטענצן.

אין פּרט פון פיל־זשאַנערדיקייט האָט י. יאַנאַסאָוויטש אַ הייפל פּראָמינענטע פאָרגייערס. גענוג צו דערמאָנען: יעקב גלאַטשטיין, מלך ראַוויטש, אַהרן צייטלין. זיי האָבן זיך נישט באַנוגנט מיטן עיקר־זשאַנער פון ליד. דער קורצער פּערז איז געוועז ענג פאַר זייער שאַפערישן אומרו.

אַלע האָבן זיי געהאַט די שייַנע בענקשאַפט און זעלישן הונגער צו אַ טיפערן אויסדרוק פון שאַפערישער שלמות אויך אויף אַנדערע שטחים. און י. יאַנאַסאָוויטש האָט דאָס אויך באַוויזן. אויף אַזאַ אופן האָבן מיר באַקומען נאָך אַ תוכיקן שטריך צו דער שוין באַקאַנטער פּיזיאָנאָמיע פונעם שרייבער.

די דערציילונגען האָבן אין זיך די פאַליענדיקע אַטמאָספער פון אַ סך גוטע בשמים פון אונדזער פאָלקסטימלעכן היים־לשון. זייַנע געשטאַלטן און טיפּן, בעיקר שווער־געפּרוווטע אין זייער מענטשלעכן גורל, דערציילן — ס׳רוב דורכן מויל פון מחבר — נישט בלויז וועגן זייער לעבן, וואָגל און חלום, נייערט זיי באַשטעטיקן אויך דעם כּלל, אַז פאַר אַן עכטן בעל־יצירה זענען נישט פאַראַן קיין זשאַנער־גרענעצן און אויך נישט קיין שפּראַכלעכע דאַמבעס. אַלץ איז רווישטאָף פאַרן בעל־יצירה, אַזוי לאַנג ווי ער הויכט אַריין זיין אמתן, הייסן, שאַפערישן אָטעם אין ליימיקן יסוד פון דער געשעעניש אָדער לאַנדשאַפט. צו דעם האָט צוגעהאָלפן, בלי־ספק, י. יאַנאַסאָוויטשעס לייכטע און גוטבייגעוודיקע פעדער. זי האָט תמיד זיך געטראָגן צווישן כּישוף פון אַ קרישטאַליקער פאָלקסטימלעכקייט און אַ שטיל־רעזיגנירטער חכמה. אָבער נישט תמיד פירט זי צו אַ רעליעף־קינסטלערישער דערקענטעניש, ווי י. יאַנאַסאָוויטש פאַרנעמט עס אַליין און דעפינירט עס מיט אייגענע ווערטער: „אמתע קינסטלערישע דער־קענטעניש פאָדערט פון אַ שאַפער, איבער הויפּט אין דער פּראָזע, אַ מין דערווייטערן זיך פון דעם שטאָף, וועלכן מען וויל דערקענען״, אָדער: „אַז מען רעדט וועגן דיסטאַנץ האָט מען אין זינען צייט און שטח... אַ קינסטלער דאַרף זיך קאָנען דיסטאַנצירן פון דעם לעבן וואָס ער שילדערט, אַפילו ווען ער איז דערין אין גאַנצן אַריינגעטאָן״ (י. יאַנאַסאָוויטש: פנימער און נעמען צווייטער באַנד, זז׳ 197 און 205).

דאָס בוך, געזען לויט דער פּראָבלעמאַטיק, וואָס ווערט אין אים באַרירט, לאָזט זיך איינטיילן אין עטלעכע פּאַראַגראַפן, וואָס פאַרמירן דעם עפּישן חוט־השדרה מיט זיין מיליע און פּייסאַזש. דאָס זענען: 1. געטאָ־שילדערונג און נאַצי־גרוילן (אין די דערציילונגען „דער ערשטער טאָג״; „מצות״; „אַ מישפּט צווישן לאַנדסלייט״), 2. מסירת־נפש („אין די טאַלגאַרער

בערג״), 3. צעפּאַל פון יידן־מסורה („דאָס בשׂמים־ביקסל״), 4. דער פּאַטום פון יידן־דורות („אין דער פרעמד״, „מאַנאָלאָג נאָך האַלבער נאַכט״; „צוויי מעשׂיות וועגן ירושלים״), 5. נאָסטאַלגיע־ניגון („מעשׂיות פון מיין שטעטל״; „אַ זילבערנער לעפל״; „ווייבערישער זכרון״; „זכרונות פון גן־עדן״), 6. מעשׂה לשם מעשׂה („אַ מעשׂה מיט אַ זייגער״; „דער קידוש־בעכער״).

איך האָב בכיוון אַרויסגעהויבן די אויביקע פּאַראַגראַפן, כּדי אונטער־צושטרייכן די וויכטיקייט פון די באַריִרטע פּראָבלעמען אין י. יאַנאַסאָ־וויטשעס בוך — איידער מיר וועלן אַנאַליזירן, בקיצור, זיין נייעם שרייבזשאַנער פון פאַרשיידענע אַספּעקטן.

דאָס בוך עפנט זיך מיט אַ געטאָ־שילערונג: „דער ערשטער טאָג״. ווידער שטייען פאַר אונדז אויף די נאַצי־גרוילן, געמאָלן דורכן שרייבער סיי רעאַליסטיש און סיי נאַטוראַליסטיש. די נאַצי־חיה איז דאָ געוויזן אינעם העכסטן שטאַפּל פון טעווטאָנישער רציחה. מיר ווייסן, אַז יאַנאַסאָוויטש אין ,אין טרעבליבקע נישט געווען׳. דאָס מיינט נישט, אַז ווען אַ שרייבער קומט, למשל, צו שילדערן אַ העלדס זעלבסטמאָרד, דאַרף ער, דער מחבר, צו ערשט אַליין באַגיין זעלבסטמאָרד, כּדי איבערצוגעבן די קינסטלערישע דערקענטעניש — אויב עס גייט וועגן אמתער ליטעראַ־טור. ס׳איז אַ ליטעראַרישע פּלוגתא, וואָס האָט נאָך נישט באַקומען אין דער ליטעראַטור איר לעצטע תשובה. מיר ווייסן אָבער שוין, אַז קיין שום אכזריות־אַקט פון יענער תקופה לאָזט זיך נישט איבערגעבן בלויז אין דער נאַטוראַליסטישער פּראָזע (אין דער ליטעראַטור), וואָס דאָס איז, כּידוע, נאָר דער חוב פון דער דאָקומענטאַציע־ליטעראַטור, אָדער פון ריין־געשיכטלעכע רעלאַציעס. י. יאַנאַסאָוויטש האָט דאָס גוט פאַר־שטאַנען. לעבן דער נאַטוראַליסטישער שילדערונג גיט ער אונדז אַ כּלומרשט זייטיקע באַשרייבונג, וואָס דווקא זי ווערט אין דער דערציילונג דער אָנגעגליטער סימבאָל פונעם חורבן. דאָס איז, למשל, בעת ער שילדערט דעם טויט פון אַ קו נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן אין שטעטל. ס׳איז כּדאַי די אַ קורצע לאַקאָנישע שילדערונג צו ברענגען, כּדי צו באַווייזן ווי אַזוי דער שרייבער האָט אינטויטיוו פאַרשטאַנען, דורך

סימבאָליק, אַריינצופירן אונדז אין דנאָ פון יידישן חורבן און וואָס אַזוינס ס'האָט געמיינט דער נאַציזם אין זיין סאַטאַנישער געשפּענסטיקייט.

...פון ערגעץ אַ האַלב־צעעפנטן טויער איז אַרויסגעגאַנגען אַ קו מיט פּאַמעלעכע גלאָסענע טריט. נאָך איר איז נאָכגעלאָפן אַ קעלבעלע פון אַ וואָכן דריי אָדער פיר. אַ ווייס קעלבעלע מיט גרויסע געלע פלעקן. די דייטשישע זעלנער האָבן זיך ווידער געכאַפּט צום געווער. די קו איז געבליבן שטיין אין דער מיט פון דער ליידיקער גאַס און געקוקט אויף זיי מיט גרויסע תּמימותדיקע אויגן. די שלעסער פון די ביקסן האָבן אַ קלאַפּ געטאָן. די קו איז אַ גיי געגעבן צוויי טריט פאָרויס, דעם קאָפּ אָנגעבויגן ווי צום שטויסן. דערנאָך האָט זי זיך פּאַמעלעך אַוועקגעלייגט אין מיטן גאַס. איר פעל איז געווען געלעכערט פון צענדליקער קוילן. אַרום איר האָט אָנגעהויבן גלאַנצן אַ רויטע בלוטיקע לוזשע.

די דייטשישע זעלנער האָבן זיך פּאַרזיכטיק גענומען דערנענטערן. די ביקסן אין די הענט זענען נאָך אַלץ גרייט געווען. ווען זיי זענען צוגעקומען נעענטער איז דאָס קעלבל אַנטלאָפן מיט אַ בענקענדיק־צעצויגענעם מע. ווען זיי זענען אַוועק פון דער קו, האָט דאָס קעלבל זיך אומגעקערט און זיך גענומען דרייען אין אַ קרייז אַרום דער טויטער מוטער („דער ערשטער טאָג", ז' 11).

פון דער דאָזיקער געטאָ־שילדערונג פירט אונדז דער שרייבער אַוועק צום גלות אין די קאַזאַכער טאַלגאַרנער בערג, פון דאַנען ווידער — קיין דרום־אַמעריקע, אַרגענטינער מעשׂיות, ביז ער קערט זיך ווידער צוריק צו זיין מקור — צום שטעטל און זיין פּאַנאָראַמע. פון יעדער געשעעניש, באַגעגעניש און מעשׂה שטעלט ער צוזאַמען דעם ריין־עפּישן יסוד פאַר זיין דערציייל־אופן, אויפן גרונט פון סביבה, מענטשן־פּייסאַזש אין זייערע גורלות.

אויב צו קלאַסיפיצירן י. יאַנאַסאָוויטשעס פּראָזע־מעטאָד דאַרף מען לכתחילה זאָגן, אַז ער איז נישט אין זיין דערציילן קיין דראַמאַטישער עפּיקער, הגם נישט איין מאָל פליסט די דראַמאַטישקייט אַרויס פון דער מעשׂה גופא; זי, די מעשׂה, מיט איר חוט השדרה, איז דער עיקר

קערן, צו וועלכן זיין טאַלאַנט צילט מיט זיין קינסטלעריש־אידעישער מחשבה. בדרך־כלל האָט זיין פּראָזע־שורה אַ פּאַרנונפטיקן, זאַפטיקן עספּרי־אָטעם פון אַ גוטן קאַזער, פון אַ מעשה־דערציילער און אַ פאָלקס־טימלעכן שמועסער. דאָ קומען צום אויסדרוק אַפילו די לעקסישע באַצי־רונגען פון לאָקאַלן כאַראַקטער און שטייגער־לעבן. אָבער דאָס וואָס איז צום מייסטן כאַראַקטעריסטיש פאַר י. יאַנאַסאָוויטשעס פּראָזע איז זיין פּליסיקער, וואַרעמער דערצייל־אָטעם. דער דאָזיקער אָטעם טראָגט אין זיך אַ פאַרלוירענע זיסע היימישקייט און באַלעבט מילד־ליריש זיינע טראַגישע געשטאַלטן. בעתן לייענען זיינע דערציילונגען שטייט אויף פאַר אונדז אַן אַלטע בין־השמשותדיקע פאַרבענקטקייט, אַ נאָסטאַלגישער ציטער, וואָס באַגלייט סיי דעם מחבר און סיי זיינע געשילדערטע טיפּן. די מעשיות האָבן אין זיך אַ מין טרויעריקע, אַלטע פרומקייט, אַ צערפלן היימישן אַראָמאַט — טאַקע ווי פון די אַמאָליקע פאַרשווונדענע בשמים־ביקסלעך אין מוצאי־שבתדיקן בין־השמשות, דעמאָלט, ווען ס'באַווייזן זיך אויפן הימל די ערשטע וואָכעדיקע שטערן. זיי, די שטערן, זענען די ערשטע אויפן הימל און אויך אויף דער ערד, וואָס זאָגן ווידער אָן דעם שווערן, טאָג־טעגלעכן גראָען יידישן יאָך — אָבער אייבצייטיק זענען זיי אויך מבשר אַ ווייטע בענקעניש און חלום צום אייביקן שבת.

שוין אין זיין שיינער לירישער פאָעמע אַ שטוב אין שטעטל איז צו פילן דעם אַ געשפּאַנטן ריטעם פון אַן עפּיש־פּליסיקער דערציילעריש־קייט. פאַראַן ביי אים אַ סענסיטיווקייט פאַר ערלעכער פשטות, געמישט מיט אַן אינטעלעקטועלן רייץ און אַנאַליטיש־קלאָרן פּירוש. ער האָט ליב די אָפענע איין־שטחימדיקע סכעמע און פאַבולע, דאָס פאָלקס־לשון און סביבה, די געפיל־טרייקייט און געדאַנקען־פשטות פון זיינע געשטאַלטן. מיט זיין איצטיקן פּראָזעבוך טראָגט ער אונדז צו אַ מין גייסטיקע אָפּפרישונג נאָכן הייבטצייטיקן, עפּישן היפּערמאָדערניזם, וואָס איז נישט פריי פון כלערליי ליבידאָ־תאוות און תהומיקע פינצטערנישן. ס'איז דעריבער נישט קיין קליינער זכות פאַר אַ שרייבער, בעת ער שטעלט ווידער אויף אונדזער חרובע וועלט פון אַמאָל און אויך פון היינט דווקא דורך שטילקייט, דורך אַ גראָדליניקער מחשבה, אַן נערוון־שאָקן אָדער פּסיכישע

אויפטרייסלונגען. די צניעות פון יידישן פאָלקס־לשון, זיינע באַגלייטנדיקע פּאַסטעלפאַרבן, די דין־פּסיכאָלאָגישע פּאַרטיפונג — זיי שאַפן עס ביי אים די אַטמאָספער פאַר דער קינסטלערישער אַנטפּלעקונג. וועגן דער אָ קינסטלערישער אַנטפּלעקונג און דערקענטעניש אינטערפּרעטירט פאַר אונדז דער מחבר אַליין אין זיין שייַנעם עסיי וועגן א. קאַגאַנאָווסקי (פּנימער און נעמען, צווייטער באַנד ז׳ 253) אויפן ווייטערדיקן אופן: „נאָר דאָס, וואָס איז עיקרדיק, אַלעמאָליק און במילא גורלדיק פאַרן פאָלקס־כאַראַקטער... וואָס ווערט אַנטפּלעקט אין דעם געשילדערטן לעבן, אָדער אין דער דערציילטער געשעעניש, ווערט אָפּגעשוינט דורך דער צייט און גייט איבער אין פאָלקס־זכּרון, ווי אַ בייטראַג צו דער סומע דערפאַ־רונגען פון קינסטלערישער דערקענטעניש״.

ווי אַן אַנאַליטישער עסייִסט־קריטיקער איז דעריבער י. יאַנאַסאָוויטש מסוגל אין זיין אייגענער פּראָזע אַרייַנצופּלעכטן אַ סך ליטעראַריש־קינסטלערישע אַנטפּלעקונגען און דערקענטענישן. ער צעגלידערט זיי אויף די יסודות פון מאָראַל, עסטעטיק, יידישער מסורה און לעבנסווערטן פונעם פאָלקס־כאַראַקטער. דער מחבר ווייסט ווויל גוט, אַז נישט איטלעכע דערציילטע געשעעניש, וואָס „ווערט אָפּגעשוינט דורך דער צייט״, קאָן אויך ווערן דער ריינער קוואַרץ פאַר דער קינסטלערישער פּראָזע. נאָר דורך דער רעזיגנאַציע פון אַ סך לעבנס־צופעליקייטן אינעם העלדס גורל, דאָס איבערלאָזן דעם אַלמענטשלעכן קערן פון די געשעענישן, געזען דורך דעם שרייבערס אייגנאַרטיק און זעלטן אויג — זיי קוואַליפיצירן דעם חומר פאַר דער קינסטלערישער אַנטפּלעקונג. ביי י. יאַנאַסאָוויטש דאָמינירט אַ לירישע ווייכקייט, אַ נישט־געשמינקטער חן אין דער שילדערונג וואָס מאַכן פאַרגעסן יעטוועדע לעבנס־צופעליקייט. הינטער די האַנדלונגען און געשעענישן הערט מען טייל מאָל דאָס פאַראַנטעזישע וואָרט און האַלבן שמייכל פון מחבר, וואָס דאָס דערווייטערט, כּידוע, די האָמאָגענע געזעצמאָסיקייט פון דער קינסטלערישער פּראָזע בכלל. איך זאָג עס נישט לגנאי, וואָרעם נייע תּקופות שאַפן אויך נייע עפּישע ראַמען.

דער רוב פון י. יאַנאַסאָוויטשעס העלדן זענען פּשוטע יידן מיט דורכשניטלעכע השׂגות, אָבער פון אַזאַ מין, וואָס זענען גאָרנישט אַזוי

פּשוט אין זייערע שווערע לעבנס־נסיונות. בעת ער דערציילט וועגן זייער גורל פּילט מען דעם דינעם פאָדעם, וואָס פאַרבינדט בשמהדיק דעם שרייבער מיט זיינע געשטאַלטן אויף אַזוי ווייט, אַז מיר מוזן אָננעמען זיין טייל מאָל זייטיקע אינגערענץ ווי אַ באַגלייביקן אויסדרוק פון גורל־בשותּפות־דיקייט. הינטער די געשטאַלטן שטייט דער דערציילער טיף־איינגעהאָרכט אינעם לויף פון זייערע לעבנס־געשעענישן. די מחיצות צווישן אָביעקטיווער דערציילקונסט און דער נאַטירלעך־רעאַליסטישער פּאַסירונג פאַלן דעמאָלט זיך פונאַנדער. דאָס פאָלקסמויל רעדט צו אונדז פונעם האַרצן וועגן אַלע סודות און חלומות, אָן ליטעראַרישע פּליטערלעך, אָדער סטיליסטישער פּריזור. דאָס זענען טאַקע די שיינע סגולות פון יאַנאַסאָוויטשעס בייעם זשאַנער אין זיין פּראָזעבוך.

די געשטאַלטן, וואָס ער שילדערט און אויך דער שרייבער גופא, גיבן אונדז אָפּט אַ געמעל פון מסורהדיקער און היסטאָרישער המשכדיקייט, די בריק פון ייִדישע דורות. למשל אַזאַ פאַרגלייך: „אַז ער פלעגט אַ מאָל מיט דער גאַנצער האַנט־פלאַך אַ פאַרשאַר־טאָן די האָר און דערביי זיך אַ רייב־געבן דעם הויכן געבויגענעם שטערן, האָט מען אין דער דאָזיקער באַוועגונג דערזען דורות זיידעס און עלטער־זיידעס, וואָס האָבן זיך געמוטשט איבער אַ האַרבער קשיא פון תּוספות, אָדער איבער אַ שווערן מהרש״א״ (ז׳ 182). אין יאַנאַסאָוויטשעס לשון און דערצייל־אופן קאָן מען אויך דערזען „דורות זיידעס און עלטער־זיידעס״. ס׳איז דער דורות־דיקער קוואַל, ווו ייִדיש־לשון האָט באַקומען זיין פאָלקסטימלעכע געווירציקייט, פאַרמישט מיט אַ סך אידיאָמאַטישע חנען. אָבער נישט בלויז אַ שפּראַכלעכע דורות־ירושה איז פאַרקיימט אין זיין לשון, נייערט אויך אַ יצירה־אַטמאָספער פון אונדזער קלאַסיק. אַזאַ נאַטור־שילדערונג ווי, למשל, (אין דער דערציילונג „ערב ראש־השנה אין זכרון...״ ז׳ 223) :

„די טעג זענען ליכטיקע, וואַרעמע און מילדע. אַט־אַט און דער זומער איז אויס. אויף די פעלדער הינטערן שטעטל האַלטן שוין טאַקע די שוואַלבן אַפּ גאַנצע אסיפות. מסתּמא וועגן לאָזן זיך אין וועג אַריין צו די וואַרעמע לענדער. טשיריק, טשיריק... און נאָך אַ מאָל טשיריק, טשיריק... דאָס גייט אָן צווישן זיי אַ פויגלשער וויכּוח. טייל האַלטן אַ פּנים, אַז

ס׳איז נישטאָ זיך וואָס צו איילן. מען קען נאָך אַריינכאַפּן פון דער שפּע אויף וועלכער מען האָט געוואַרט אַ גאַנצן זומער. אַנדערע ווידער זענען מחמירים. האַלטן אַז מען דאַרף נישט משנה זיין די אַלטע מינהגים פון דעם שוואַלבנפאָלק און זיי ברענגען, ווי דער שטייגער איז, ראַיות פון די הויכפּיסיקע בושלעס, וואָס ווערן אַ ליאַדע טאָג גרייט זיין צו דער נסיעה... עפּעס טוט זיך אויף גאָטס וועלט, עפּעס גרייט זיך... טייל ביימער, זריזים, האָבן שוין ביי צייטנס גענומען פון זיך וואַרפן פאַרדאַרטע בלעטער. אַנדערע האָבן זיך גאָר צעשפּילט מיט נייע פאַרבן: קופּער־ברוין, געלבער מעש און אויך רויט. אין די סעדער חנדלען זיך די גרינע עפּל מיט זייערע צעגליטע בעקלעך און ווינקען אַרויס פון צווישן געבלעטער..."

און אַזוי פליסט ווייטער די נאַטור־שילדערונג מיט אַ זאַפטיקייט און דורכגעליכטיקייט פון שרייבערס פען. עס פעלן דאָ בלויז די וואָראַביי־טשיקלעך און די ביימער, די ביימער, וואָס זאָגן שירה, אַז מען זאָל דערפילן צווישן די שורות דעם יידן מענדעלעס פאַרליבטקייט און באַנגיקע פאַרחידושטקייט פון גאָטס נאַטור־שיינקייט. אויף אַזאַ אופן האָט דער שרייבער יאַנאַסאָוויטש אויפגעהיטן אין זיך און וועבט ווייטער די שיינע פראָזע־טראַדיציע און דעם פאַרכישופטן חן פון נאַטור־פייסאַזש, אַזאַ ווי עס האָט באַקומען זיין יידיש־פּלאַסטישן, האַרמאָנישן אויסדרוק ביי אונדזערע קלאַסיקער.

אויך וועט דער לייענער, וואָס איז דערצויגן אויף אונדזער קלאַסישן מאַנאַלאָג פון שלום־עליכם און אַנדערע, געפינען אין י. יאַנאַסאָוויטשעס שמועס־מעטאָד אַ דערפרייענדיק־איבערצייגעוודיק בת־קול. אָבער יאַנאַ־סאָוויטש, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין אַ גאָר אַנדערער עפּאָכע, האָט שוין פאַר זיך עטלעכע קאָנטינענטן פאַר זיינע העלדן, וואָס האָבן אין ערגעץ נישט געשלאָגן קיין וואָרצלען. דערפאַר פילט זיך אין זיין פערסאַנאַזש די יידישע היימלאָזקייט, דער נע־ונד מיט אַלע פּסיכישע באַגלייט־דערשיינונגען פון דורות יידן און זייער נאַציאָנאַלע בענקשאַפט.

דער שטריך פון נאַציאָנאַלער בענקשאַפט לויפט דורך ווי אַ גליזיקער פאָדעם אין אַ סך פּאַראַגראַפן פון זיינע מעשיות. די אַ נאַציאָנאַלע בענקשאַפט, געמישט מיט אַ פאַרבאָרגענער, נישט־אויסגעוויינטער טרער, אויפן אַכזריותדיקן גורל פון זיינע געשטאַלטן, איז דער טיפסטער אַקצענט,

וואָס מען פאַרנעמט פון צווישן זייַנע שורות. מיט זייַנע פּשוטע דערציי־
לונגען האָט דער פּאָעט־עסייִסט־קריטיקער און פּראָמינענטער פּובליציסט
י. יאַנאַסאָוויטש זיך אויפגעהויבן אַ שטאַפּל העכער אין זייַן אַזוי פאַרביקער
און פיל־זשאַנערדיקער יצירה. זייַן מחשבה רעפלעקטירט פונעם הייַנט
צו אַ ווייַטן, פאַרשלאָסענעם ייִדן־חלום, וואָס איז געווען ווייַט פון
סקעפּטיציזם און עסקייפּיזם אין דער ליטעראַטור. דאָס האָט באַקומען
אינעם שרייַבערס פּעדער אַן עלעגיש־טראַגישע באַזיניקטקייט און דאָס
בעיקר מיט זייַן שטילן מעשׂה־געפּליסטער. ער רופט בענקשאַפטלעך צוריק
אַלע פאַרלוירענע וועלטן, פולע מיט בטחון — דאָס וואָס יעקב גלאַטשטייַן
רופט אָן: „די בענקשאַפט נאָך דער אָנגעוווירענער צונג פון אונדזער
שבת". דער טראָפּ אין יאַנאַסאָוויטשעס דערציילונג ליגט אינעם נאָסטאַל־
גישן מעשׂה־אָטעם, וואָס איז אַלט־מסורהדיק און פאַרהייליקט ווי ביי אַלע
עכט־ייִדישע בעלי־יצירה. אין אַ באַשטימטן פּרט איז זייַן מוזע געשטימט
קאָנסערוואַטיוו און ווערט נישט פאַרכּישופט פונעם היפּער־מאָדערנעם
שרייַב־מעכאַניזם. שרייַבנדיק אַ מאָל וועגן אַ באַקאַנטן קריטיקער זאָגט
יאַנאַסאָוויטש: „ער [דער קריטיקער] איז געבליבן אָפן פאַר די ניי־
שטרעמונגען און ריכטונגען אין דער ליטעראַטור און קונסט, פון וועלכע
מיר איז שוין שווער הנאה צו האָבן, פּשוט דערפאַר ווייַל איך בין שוין,
אַ פּנים, צו אַלט כּדי זיך צוצוגעוווינען אַ נייַעם בליק און נייַע אויפנעם־
געוווינשאַפטן פון קינסטלערישן אויסדרוק".

אַ גאַר שיין פּראָזע־פּערעלע אינעם בוך איז די אָנהייב־מעשׂה פון
זייַן קינדערהייט („זכרונות פון גן־עדן"), דערציילט בלויז פראַגמענטאַריש.
די קורצע באַשרייבונג איז ווי אַ סקולפּטור־פּרעסקע, וואָס באַצירט
כּישופדיק דעם נישט־פאַראַנענעם געביי פון אַ קינדהייט־חלום. מעגלעך,
אַז דער שרייַבער וועט ממשיך זייַן אָט די זכרונות פונעם קינדער־גן־עדן.
און דאָס וואָלט זיכער געבראַכט „אַ נייַעם בליק און נייַע אויפנעם־
געוווינשאַפטן פון קינסטלערישן אויסדרוק". וואָרעם אַרויסברענגען דעם
אומגעפּעלשטן כּישוף פונעם פאַרלוירענעם קינדער־גן־עדן, געזען שוין
אין דער אָנקומענדיקער זיקנה, איז אַליין אַ באַווייַז פונעם בעל־יצירהס
כּוחות צו הערן און זען אַלץ נאָך פון יענע ווייַטע אורצייַטן, בעת דעם

קינדס באוווסטזיין האָט זיך ערשט געגומען פֿאַרמירן. מיר נעמען אויף ביי אים יעדן מינדסטן שטריך און געמעל פֿון פֿאַרלוירענעם קינדער־גן־עדן, דאָס וואָס קאָן ווערן ביים בעל־יצירה אַ ציגל צו אַ שיינעם, גרויסן קינסטלערישן בנין.

אין סך־הכּל:

פֿאַראַן אין י. יאַנאַסאָוויטשעס דערציייל־מעטאָד אַ מין ספּיראַל־קרייז־פֿאַרמיקייט פֿון וואָרט און מחשבה. מיט יעדן זאַץ ברייטערט זיך ספּיראַליש אויס דער מעשׂה־יאָדער מיט נאָך אַ וואַריאַנט און מיט נאָך אַן אידעיִשן קאָלאָריט. דער דאָזיקער ספּיראַל־מעטאָד נעמט זיך מן־הסתּם ביים דערציילער פֿון זיין ברייט־היקפֿדיקער עסייִסטיש־קריטישער און אויך קאָמענטאַטאָרישער צוצי‍ונג־קראַפֿט, ווי דער עיקרדיקער מאַגנעטיזם פֿון זיינע ביז איצטיקע יצירה־פֿעלדער. ס׳איז קלאָר, אַז אַזאַ סענסיבילער שרייבער ווי ס׳איז י. יאַנאַסאָוויטש זאָל ביים אוועקזעצן זיך אָנשרייבן אַ זייטל פּראָזע זיין מסוגל אין גאַנצן צו פֿאַרזיגלען אויף זיבן זיגלען די שפּראַך פֿון זיינע ביז־איצטיקע יצירההדיקע זשאַנערן, די שפּראַך וואָס איז ביי אים דער הויפּטקוואַל, פֿאַרבונפּטיק־קלאָר און, אַגב, אויך זייער היימיש־באַעבט דעם לייענער. און דאָ האָט י. יאַנאַסאָוויטש, ווי מיר דאַכט, אַריינגעפֿירט אין דער פּראָזע עפּעס קינסטלערישס־נאָוואַטאָרישס, דהיינו: אַז מען קאָן דעם סובטעלן ליטעראַטור־לייענער אונטערטראָגן אַ פּשוטע מעשׂה און פֿון דעסטוועגן זי איבערגעבן מיט אַלע שיינע חנען, געווירצן, קנייטשן און פֿאַרביקייטן, וואָס נאָר אַ טאַלאַנט איז מסוגל אַרויסצוהייבן פֿון דער פֿאָלקס־שפּראַך און אירע אומבאַגערענעצטע אוצרות.

דאָס אַליין באַווייזט, אַז יאַנאַסאָוויטש האָט, ווי אַ שרייבער, איינגעזאַפּט אין זיך אַ סך קאָליריקע לאַנדשאַפֿטן, וועלטן און חלומות, וואָס וויברירן מיטן אַמאָליקן און איצטיקן לעבן, — אַ לעבן אַ זיגזאַגישס מיט זיגזאַגישע ייִדישע גורלות, וואָס וואַרטן נאָך קינסטלעריש אַנטפּלעקט צו ווערן פֿון זיין פֿיל־ברכההדיקער פּען.

# יעקב צבי שאַרגעל

## I

## סוד און זין

די צוויי ביז איצט דערשינענע לידער־זאַמלונגען („אין בלויען ליכט", אַרויסגעגעבן פון יידישן ליטעראַטן און זשורנאַליסטן קלוב, תל־אביב 1937 — און „פון ווײ און גלויבן", פאַרלאַג י. ל. פּרץ 1959) — האָבן בולט באַוויזן, אַז יעקב צבי שאַרגעל פאַרמאָגט זיין אייגן, אַפּפרישנדיק, עקספּרעסיוו וואָרט און אַז זיין פּאָעטישער מעטאַפאָר און אימאַזש זענען גוט־אָפּגעהיטענע זוימען פון דיכטערישער קאָנטעמפּלאַציע. ביידע אויבן־דערמאָנטע ביכער האָבן אויך געהאַט אין זיך דעם אָנזאָג פון וועלן גובר־זיין די דיכטערישע שטומקייט דורך אַ נאָך טיפערער קאָנטעמפּלאַציע און געראַנגל פאַר פּאָעטישער דערגרייכונג אין זיין ליריק. י. צ. שאַרגעל איז אין זיין שאַפערישן מהות אַ ליריקער — און אויב דער יסוד פון זיין פּאָעזיע איז דאָס, וואָס דער דיכטער רופט אָן אין אַ ליד, „דער ניגון, וואָס איז פול מיט סוד און זין" (ז' 93), זענען די דאָזיקע יסודות אַמרייפסטן און אַמשענסטן פאַרטראַטן אינעם נאָר וואָס דערשינענעם לידער־בוך „זוניקע שוועלן". *

**סוד און זין** — ביידע פלעכטן זיך צונויף אָרגאַניש־האַרמאָניש אין י. צ. שאַרגעלס ליד. טייל מאָל ווערט דער פּאָעטישער סוד פול מיט באַזיניקטקייט — און טייל מאָל ווידער ווערט דער רעאַלער זין, דער יש — אויפגעהויבן צום פייערלעכן פּאָעטישן סוד. דאָס גיט צו חן און

---

*) „זוניקע שוועלן", לידער, פאַרלאַג „ישראל־בוך", תל־אביב, 1968, אַרויסגעגעבן מיט דער מיטהילף פון יידישן שרייבער־פאַראיין אין ישראל, מיט אַ צייכענונג פון יצחק סער, 128 זייטן.

שיינקייט צו שאַרגעלס נײַ ליד. אָבער דאָס ליכט פֿון פּאָעזיע ווערט אין זײַנע שורות נישט פֿאַרטונקלט מיטן אַרײַנפֿירן דעם ריין־רעאַליסטישן זין, וואָרעם סוד און זין — פּאָעזיע און וואָר — זענען ביידע בײַ אים גוטע וואָרצלען, וואָס בערן זײַן „אויפֿגעוואַכט אות”. דער פּאָעט האָט דערקענט דעם אײַנציקן באַשייד צום אויפֿלויכט פֿון זײַן דיכטעריש וואָרט. און הגם ער ווערט געפֿירט אין זײַן פּאָעטישן געראַנגל דורך די סתירות צווישן ליבע און שנאה, שפּאָט און פֿרייד — קערט ער זיך תּמיד צוריק צום וואָרט, וואָס לאָקט און רופֿט חלומדיק: —

מוטיק מיך, ערגער מיך, וואָרט פֿון לעצטן אָטעם. —
גײַסט אַנטקעגן מידבר פֿון אויסגעלאָזטער פֿרייד ?
ס'איז שנאה דאָ,
ס'איז ליבע דאָ
כאָטש שפּאָט האָט אָנגעבאָרגט דאָ.
נאָר דו — לאָקסט און רופֿסט
צום אויפֿלויכט פֿון די רייד.

(ז׳ 19)

פֿאַרשיידן איז די טעמאַטיק פֿון שאַרגעלס איצטיק לידערבוך. לידער ליריש־יחידישע, נאַטור־פּייסאַזשן און חורבן־זעונגען. איבער אַלע שוועבט אַ געלײַטערטע קאָנטעמפּלאַציע וועגן לעבן און בליונג, וועגן ליבשאַפֿט און פֿאַרגיין. דער פּאָעט קאָן זיך נישט באַפֿרײַען פֿון אַ בענקעניש „צו דערגיין צו דער רו פֿון אַ דומם / צו דערגאַנצן דאָס געשוויג פֿון די שטאָמען. / צוזאַמען צו דערגרייכן דעם סוד, / וואָס לעבט און פֿאַרגייט אין די רוימען.” (ז׳ 60). איינער פֿון די כאַראַקטעריסטישע סימנים פֿון שאַרגעלס ליד איז זײַן זעלטענע פֿאַרהיימישקייט מיטן ישׂראל־פּייסאַזש. דער פּייסאַזש ווערט דער ערשטער דיכטערישער אימפּולס, וואָס באַגלייט אַלע זײַנע סטראָפֿן. פֿאַראַן אין די נאַטור־לידער אַ זויבערע פֿאַרוואָרצלט־קייט מיט אַלץ, וואָס די ישׂראליקע מאַמעערד טראָגט צו דעם זינגענדיקן פּאָעט, אפֿילו בעת זײַנע אויפֿזינגען פֿון טרויער, האָפֿענונג, טויט און ליבשאַפֿט. דאָס באַווײַזט, ווי שטאַרק י. צ. שאַרגעל האָט אין זײַן ביז

איצט נישט צו גרויסער קוואַנטיטאַטיווער יצירה דאַך באַוויזן צו געבן ריין־קוואַליטאַטיווע ווערטן. מען פילט דעם זיווג צווישן זיין פּאָעטיש וואָרט און דעם רעאַליסטישן פּייסאַזש. ווי יעטוועדער ישראל־פּאָעט דערזעט שאַרגעל גאָר גיך „דאָס ליכט פון אַ נייער התגלות" (ז' 9). דער־אָ התגלות־מאָטיוו איז נישט ביי שאַרגעלן אַ סתּם רעפריין־אַקאָרד, נייערט אַ כּמעט־איינגעבוירענער שטריך פון זיין פּאָעטישער פעדער. ער ווערט נישט פאַרכליניעט מיטן פאַרבן־ים, אָדער פון אַ צו הייסער געפילוועלט, וואָס די נייע ישראל־תּקופה טראָגט־צו יעדן שאַפערישן מענטשן. שאַרגעל איז אין זיין ליד באַשיידן, צוריקגעהאַלטן אין געמעל, אָבער דאָך וויבריר־דיק און בשמחהדיק־וואַרעם. ער איז שפּאַרעוודיק אין זיינע אימאַזשן, וואָס זענען דורכגעלויכטן מיטן ליכט פון פּאָעטישער הכנעה. בעת י. צ. שאַרגעל זאָגט, אַז „איך שפּאַן אין מיין קליינקייט" (ז' 12), אָדער „כ'בין אַ שטיין ביי די פיס פון דיינע שטיינער" (ז' 39) — זענען דאָס נישט פּאָעטישע הנדלען, וואָס ווערן אָפט געניצט דורך די, וואָס אַנטלויפן פון דער פּאָעטישער מיקראָוועלט צום ברייטן שליאַך פון אידעען. ביי שאַרגלען איז דער פּראָצעס אַ פאַרקערטער. אים שרעקט די מאַקראָוועלט — און ער קוקט אַריין אין זיך מיט „פּחד און רחמנות". ער ווערט אָבער נישט מיסטיש אָדער פרום פאַרפּרעפּלט. ער ווייסט אַז פּאָעזיע איז — די וועלט פון יחידישער פאַרבאָרגנקייט. זיין אָפּגעצוימטע וועלט איז פאַרקיימט אין די זאַפּטיקסטע וואָרצלען פון יידיש־וואָרט, מיט זיין קלאַנג און קלונג. זיין ליד האָט אויפגעהיטן אַ פאָלקסטימלעך וואָרטפייער, אַריבערגעפלאַנצט נאָך פון דער אַלטער, חרובער היים. דאָ, אין ישראל, האָט דאָס אַ פייער קיין מאָל נישט אויפגעהערט צו וואַרעמען סיי זיין אייגענע וויזיע און סיי די טאָג־טעגלעכע רעאַליטעט..

> **דער קלאַפּ אין מיין האַרץ איז דאָס וואָרט**
> **דאָס נאָך־נישט־געהערטע פון קיינעם.**
>
> (ז' 16)

אין די אַ צוויי שורות ליגט, דוכט זיך, י. צ. שאַרגעלס אייגנטלעכער פּאָעטישער אני מאמין. די ריין־ביאָלאָגישע אומצעטיילבאַרקייט פונעם

קלאָפּנדיקן האַרץ מיטן יצירהדיקן וואָרט פּירט צו אַן אידענטיטעט מיט אַלץ, וואָס רינגלט אַרום דעם פּאָעט. ער זאָגט נישט וועגן זיין וואָרט ווי וועגן אַ נאָך־נישט געזאָגטס פון קיינעם, נאָר אַ נאָך־נישט־געהערטס פון קיינעם. אין דעם ליגט אַ תּהומיקער אונטערשייד, וואָס וויל אונדז פאַרטרויען דעם פּאָעטס שאַפערישע איינזאַמקייט. איך מיין, אַז י. צ. שאַרגעל האָט דאָ אין זינען נישט בלויז זיין אייגענע איינזאַמע שאַפעריש־קייט, בייערט דעם טראַגישן רעאַלן אמת אין אונדזער בהלהדיקער תקופה, פון וואַנען דאָס שטילע, הכנעהדיקע קינסטלערוואָרט ווערט אַלץ מערער פאַרטריבן דורך די אכזריותן פון אונדזער וועלט.

ס'איז געווען צו זען די לידער־איינטיילונג אינעם בוך ווי: זוניקע שוועלן, טוי אויף אַ טייך, סוף זומער — אַז מיר זאָלן דערפילן, אַז זיי זענען נישט סתּם אַרנאַמענטן איבער די לידער־ציקלען. שאַרגעל פאַרטראַגט נישט אַרנאַמענטיק. אויב ער גיט עס — געשעט עס מחמת אַן אַרגאַניש־פּאָעטישן רוף. אַמבולטסטן קומט עס צום אויסדרוק אינעם לידער־ציקל „זוניקע שוועלן", וווּ די וויזיע ווערט האַרמאָניש פאַרוועבט מיט דער פּראַכט פון ישׂראל־פּייסאַזש. ווי פּלאַסטיש־שיין, אַן מינדסטן וואָרט־פּגם, קלינגען, למשל, די פערזן פונעם ליד „צום מילגרוימבוים", וואָס איז אגב, אין זיין גאַנצקייט, איינע פון די שענסטע לידער אינעם בוך.

> אַ גוט־יאָר דיר, מיין מילגרוימבוים,
> מיט צווייגן צאַרטע, שמאָלע.
> איך זאַפּ דעם סאָק, די תּוכן דיינע,
> און לאָז דיר דאָ די שאָלן. —
> אין אַלטע ספרים שטייט געשריבן,
> אַזוי זאָל מען זיך פירן.
> איז דאָס אין האַרץ ביי מיר פאַרבליבן,
> מיט דיר איך זאָל זיך צירן.
>
> (ז' 23)

פאַראַן אַ געצוימטע דיכטערישע באַגייסטערונג אין שאַרגעלס ליד, וואָס דריקט זיך אויס אינעם שטילן אומפּאַטעטישן טאָן, אין דער קאָליר־

פולקייט פון די אימאַזשן און אין די געדעמפטע טענער וואָס זענען דורכגעדרונגען מיטן וואַרעמען אָטעם פון פּאָעזיע. איינע פון די טראַגישע און איינציַיטיק פּאַטעטישע קענצייכנס פון שאַרגעלס ליד איז זיין זעלישע פאַרקניפּטקייט מיטן חורבן נעכטן. ווי אַ סימבאָל פון יענער פינצטערער תקופה רופט צום פּאָעט דער וואַכער טאַטעגייסט. דאָס איז אַ רוף, וואָס מען הערט אים אַפילו אין זיינע נאַטורלידער. אַזעלכע שורות ווי: „טאַטע, איך לעב אין דיין דויער" (ז 11), אָדער: „אַט הער איך דאָס געבעט פון די שטערן — סליחות מיין טאַטנס ביים עמוד" (ז' 16) — טראָגן אַריין אין זיין שאַפן די קאָנטינויִטעט פון יידיש לעבן און יידישן חורבן. אַפילו זיין אַרעמער גאָרטן (וואָס איז, אגב, דער הויפּטסטימול פאַר זיין ליד), טראָגט אים אַוועק צו יענע יאָרן און ער שטייט פּנים אל פּנים מיטן גרויליקן נעכטן.

פייגל פליען אָן פון יענער זייט היים
צו פאַרטונקלען מיין הימל, מיין אויג.
זויינט דער עפּלבוים אין שלאָף —
אָן איינזאַמער סטויג,
און עס קוועלן מאַראַנצן אין ווינט.

(ז' 30)

חלום, פּחד און זכרון זענען אַפּטע ספערן, וואָס הילן־אַרום שאַרגעלס ליד: „מיין חלום / אַרומגענומען מיט שטעכלדראָטן / ציטערט אויס מיין פּחד" (ז' 48) און „דאָס ביסטו, זכרון מיין, פון דיר איך בין געפאַנגען" (ז' 56). דער דאָ און דאָרט זענען אין שאַרגעלס ליד נישט קיין הוילע באַגריפן, נאָר פולסירנדיקע אידייען פון אַ דיכטעריש געמיט. גראַד ווי ער זעט אין זיין דאָיִקן גאָרטן ווי „עס קוועלן מאַראַנצן אין ווינט" — אַזוי זעט ער „אַלעביימער פון מיין חלום גראַזנדיק קנ־ען" (ז' 33), אָדער: „געוועזן אַ לאַנקע מיט גראָז, מיט בלימעלעך פון היי און אויך איר האָט פאַרשניטן אַ געשריי" (ז' 33). דערביי איז שאַרגעל דערפינדעריש אין זיין פּאַעטישער לעקסיק. אַזעלכע ווערטער ווי: בלישאַפּט, גרינשאַפט, שטיינערן, פּאַנט, אַוועק זיין א.א. — דערציילן

וועגן שאַרגעלס גראָבן אין דער טיף מיט זיין שפּראַך־חוש פּאַר שאַפן נייע פּאָעטישע ניואַנסן.

הגם שאַרגעלס ליד שטייט געפּאַנגען פונעם זכּרון, וואָס פּאַרבאָרגט אין זיך אַלע פּחדים פון דעם פּאַרשניטענעם עבר, ווערט אין אים דער זכּרון מילדער און נישט אַזוי פינצטער, בעת דער פּאָעט קערט זיך אום, דורכן חלום, צו זיין נייער ערד, צו זיין גאָרטן, צו זיין בוים און צו זיין ברכהדיקן הימל. ער קומט צו נענטער צום סוד און זין פון אַ נייער ייִדן־רעאַליטעט.

כ׳בין דאָ, מיין אָרעם בוים, כ׳בין דאָ
אין אַ שעה אַ ליאַדע.
און דו ווייסט נישט ווער איך בין.
דאָס וואַסער קווענט און פליסטערט רחמימדיק : אמן !
נאָר דאָס בין איך וואָס טרינקט דיך אָן,
כאָטש מיין זכּרון איילט צוריק צום פאַר־באַגין.

(ז׳ 122)

אַ נייע פּאָעטיש־מענטשלעכע פרייד שפּראָצט אויף און ווערט אָנגע־טרונקען ביי די זוניקע שוועלן פון אַ ניי־אַנטפּלעקטער ווירקלעכקייט — אין דער וועלט פון היינט און מאָרגן. און אין דער דאָזיקער וועלט לאָזט י. צ. שאַרגעל אויך הערן, אין דער קאַפּעליע פון ייִדיש־זינגער, זיין אייגן ליד. דאָס ליד, וואָס איז צייטיק מיט ריינעם פּאָעטישן געמיט, מיט גנאָד און מיט דיכטערישער דערקענטעניש. זיינע לידער פילן אונדז אָן מיט גלויבן, אַז

איצט, אַז ס׳איז אַלץ אַזוי קלאָר,
און קלאָר איז דיין באַלוין — דער צייכן,
וועט דער זילבערדיקער שניי פון מיינע האָר
באַלייטן מיין חלום צו די הייכן.

(ז׳ 90)

אויגוסט 1968

## II

## אַ דיכטער אַן עסייסט

אַז פּאָעטן און פּראָזאַיקערס און טייל מאָל ליטעראַטור־פאָרשערס — קאָנען אויך ווערן באַשאַנקען מיט דער שיינער גאָב צו זיין גאָר באַטייטנדיקע עסייִסטן, איז אַ באַוווסטער פּאַקט אין דער ייִדיש־ליטעראַטור. זייערע אַלעמענס אויסגערופענע נעמען זענען וווילבאַקאַנט אין דער ייִדישער עסייִסטיק. בדרך כּלל ווערט זייער בר־סמכאדיקער ליטעראַטור־פּירוש, אָדער קריטישער אַנאַליז, באַגלייט מיט אַ סך באַגרינדעטער פּיעטעט צום שאַפער. דאָס איז אויך אַ סימן מובהק ווי אַזוי דער באַדראָטער ייִדישער יצירה־מעדיום האָט נאָך דער אומקום־תּקופה אויפסניי פונאַנדערגעשפּרייט זיינע פאַרוווּנדיקטע פליגל, גענומען אויף זיך נייע עולן ביים אויפלעבן דעם ליטעראַריש־קריטישן עסיי ווי אַ טרייסטנדיקן דערמוטנדיקן סטימול סיי פאַרן שרייבער און סיי פאַרן לייענער אין אונדזער דור.

אין פּעריאָד פון די אבות, אין די צייטן פון דער קלאַסישער ייִדישער קריטיק, האָט דאָס וואָרט פון בעל־מחשבות, ש. ניגער און אַנדערע געהאַט זייער הערמעטיש־געשלאָסענע וועלט. נאָר יחידי־סגולה זענען דורך זיי אַריינגעפירט געוואָרן מיט גוטע בשורות אין דער ליטעראַטור. די דאָזיקע תּקופה פון צענטראַליזירטער קריטיק איז שוין לאַנג דעצענט־ראַליזירט געוואָרן. ס'איז דעריבער צו באַגריסן יעדן שרייבער־נאָמען, וואָס קומט מיט אַן עכט־קריטישן רעיון, אָדער ליטעראַרישן פּירוש צום ייִדישן ליד און פּראָזע. אין דעם איצטיקן פאַל איז עס דער דיכטער י. צ. שאַרגעל. זיין שוין באַזירטע פּאָעטישע פּאָזיציע אין דער ליטעראַטור איז דעריבער מערער געוואַקסן מיטן דערשיינען פון זיין בוך „פון אַנהייב אָן" *) — אַ בוך, וואָס וויַיזט אונדז נישט בלויז דעם מחברס

*) יעקב צבי שאַרגעל: „פון אַנהייב אָן" — צווישן שרייבער און ווערק, פאַרלאַג „ישראל־בוך", 1977, 228 זייטן.

ניי־שרייבערישן פּראָפיל און זשאַנער, נייערט איז קודם כּל אַרומגעהילט מיט אַן אָפּפרישנדיקער, וואַרעמער אַטמאָספער פון דיכטערישער, מליץ־יושרדיקער פאַרגינערישקייט. דער מחבר פרייט זיך מיט יעדער טאַלאַנט־אַנטפּלעקונג, איז תּמיד באַגייסטערט פון אמתער קינסטלערישער שיינקייט, וואָס ער געפינט אויס אין דער פּאָעטישער אָדער עפּישער שורה.

דאָס בוך איז אַ כּינוס פון שוין פאַרעפנטלעכטע באַזונדערע אָפּהאַנדלונגען אין פאַרשיידענע פעריאָדן. אָבער איינגעזאַמלט אין איצטיקער בוכפאָרעם באַקומען זיי אַ נייע מאָס און וואָג, אַ פרישן, אַקטועלן באַטייט. דאָס בוך באַזיצט די גוטע עסייִסטישע מעלה: אַ צימצומדיקע שפּראַכ־ריינקייט און איינצייטיק — אַ מין נזירהשע שפּראַך־אָפּגעהיטנקייט. דער זאַצבוי פליסט בנעימותדיק, בת־טובימדיק, מיט אַ סך זיסע טעמים און ברכהדיקע וואָרצלען פון יידיש־לשון. אויפסנייַ אַנטפּלעקט זיך דאָ פאַר אונדז דער פאַרשטויסענער און פאַרשוויגענער אמת וועגן די אַלע — נאָך נישט־אויפגעגאַנגענע מקורות און פאַרבאָרגענע וויטאַלע כּוחות פון אונדזער יידיש לשון. מיט וואָס פאַר אַ זעלטענער עקספּרעסיע, פאַרביקן אימאַזש און נאַציאָנאַל־ליטקישער מסורה קלינגט תּמיד די שאַטנלאָזע, קינסטלערישע מחשבה דעמאָלט, בעת זי ווערט גענערט און געכאַוועט מיט ליבשאַפט, מסירת־נפש און מיט אַ באַזיניקט־שאַפערישער התלהבות.

כאַראַקטעריסטיש איז דעם מחברס וואָרט אין דער הקדמה צום בוך, וועגן זיך און וועגן שרייבער: „וועגן אַ טייל פון זיי האָב איך געהאַט די זכיה עפּעס וואָס צו שרייבן, צו זאָגן. נישט ווי אַ קריטיקער־פאַכמאַן האָב איך דאָס געטאָן, גיכער פון אַלץ איז דאָס ביי מיר געווען אַ רעפלעקסיווער אַרויסזאָג, אַ באַוויגענער דורך פרייד פון יצירה און צער פון שטומזיין, פון ספּאָנטאַנעס נחת און פערמאָגענטן באַדויער". די באַגריפן „זכיה", „פרייד פון יצירה", „ספּאָנטאַנער נחת" שוועבן אָפּט צווישן די באַזונדערע אַרבעטן און זיי שאַפן עס איבעם בוך די אַטמאָספער, די עסייִסטישע ראָם מיט שיינע קריטישע אַקאָרדן.

די אָפּהאַנדלונגען זענען געסדרט „לויט צייט און השפעות" — ווי ס'זאָגט זיך אין דער הקדמה. י. צ. שאַרגעל איז צווישן די ערשטע יידיש־שאַפערס, וואָס זענען געקומען אין לאַנד אַריין און געוואָרן, ווי ער

שרייבט, „פאַרשיכורט פון די זוניקע האָריזאָנטן און פון די ראָזע חזיונות — נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע און יחידישע — געזונגען דאָס געזאַנג פון נייעם ייִד אינעם לשון דעם מיטגעבראַכטן פון דאָרטן.״ האָבן מיר טאַקע מחמת דעם אינעם בוך אַ כּמעט כראָנאָלאָגישע (ווען אפילו בלויז פּראָג־מענטאַרישע) ליטעראַטור־געשיכטע סיי פון די שרייבער „ראשונים״ און סיי אויך טיילווייז פון די שפּעטער־געקומענע בעלי־יצירה שוין נאָכן חורבן.

זיין בוך טיילט שאַרגעל אין דריי חלקים: א) דאָס קליינע הייפל ערשטע — פון יעקב שטאָל, דניאל לייבל, י. פּאַפּיערניקאָוו, אריה שמרי, ריקודה פּאָטאַש, י. ה. בילעצקי א.אַ. — ביז שלמה שנהוד און א. ליס, ב) פון דב סדן, א. סוצקעווער, ישעיהו שפּיגל — איבער איציק מאַנגער, משה יונגמאַן, נחמן ראַפּפּ, לייב אַליצקי, דוד ספּאַרד, דאָרע טייטלבוים, פּייוול זיגלבוים א.א. ג) אַ קאַפּיטל פון העברעיִשע בעלי־יצירה — פון ביאַליק, עגנון, שלונסקי א.א. ביז יוסף חנני און ברוך אורן. אַלע אַרבעטן זענען געשריבן געוואָרן ביי פאַרשיידענע דאַטעס, יובלען פון שרייבער, אָדער צום דערשיינען פון זייערע ווערק. נאָכן איבערלייענען דאָס גאַנצע בוך פאַרשווינדן די דאַטעס, און ס'באַקומט זיך אַ גאַנצקייט פון אַ קלאָרן, עסייִסטישן פּשט מיט אַן אַנאַליטישן צוגאַנג צו פּראָבלעמען פון שרייבערס יחידישקייט און זיין יצירה — ווי דאָס האָט געטאָן י. צ. שאַרגעל — ווי שוין דערמאָנט — „נישט ווי אַ קריטיקער־פאַכמאַן״, נייערט „אַ באַוויגענער דורך פרייד פון יצירה.״

פון גאָרער חשיבות פאַר דער ליטעראַטור־געשיכטע פון ייִדיש איז די עפּאָכע פון די „ראשונים״, יענע יאָרן בעת עס האָט ערשט גענומען אויפגיין דאָס בלאָסע בליִעכץ פון די שאַפּנדיקע אין ייִדיש אָנהייבער־עקשנים, וואָס האָבן „געשטופּט דעם זינקענדיקן וואָגן פון ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט״. די דאָזיקע עפּאָכע ווערט דורכן מחבר איבערגעגעבן מיט צער און קלעמונג, אָבער נישט אַן נאָסטאַלגישע טענער. די קליינע צאָל ייִדיש־שאַפערס, זייער אַליינזאַמקייט און פאַרשטויסנקייט האָבן „(מיר) נאָכגעקוקט און מיטגעגאַנגען מיט אַלע ייִדישע שאַפונג־צענטערס אין דער וועלט... אונדזער קול איז געווען אַ קול קורא במדבר

און נאָר און בלויז די ליבע צום פאָלק, צו די פאָלקסמענטשן און צו זייער לשון, וואָס איז מיט טויזנט אומגעזעענע פעדעם פאַרבונדן מיט אונדזערע נשמות, האָט אונדז געבראַנגט ביז אַהער. קיינער האָט אונדז נישט געצערטלט, קיינער האָט אונדז נישט געמוטיקט. קיינער. קיינער. קיינער". (פונעם קאַפּיטל: „10 ברידער זענען מיר געווען".)

ווי טראַגיש קלינגט נאָך איצט דאָס וואָרט „קיינער". ס׳וועט אָבער זיין נישט אינגאַנצן אַדעקוואַט צו זאָגן, אַז קיינער האָט זיי נישט געמוטיקט. ס׳איז יאָ געווען אַ באַהאַלטענער כּוח, אַ זעלישע טרייבקראַפט, וואָס האָט זיי נישט פאַרלאָזט, זיי געטרייסט און נישט געלאָזט פאַלן. דאָס איז געווען דער ייִדיש־מעדיום, דער הייליקער דראַנג צו יצירה פון די „ראשונים".

זינט דעם דאָזיקן בראשית איז שוין אַ דורך אַ יובל יאָרן. די צייט האָט יסודותדיק פאַראַנדערשט דאָס גייסטיקע פּנים פון ייִדיש־לאַנד — און בעיקר — די ליטעראַטור־לאַנדשאַפט, וואָס איז דאָ אויפגעגאַנגען צוזאַמען מיטן ערשטן, איינזאַמען שאַפונג־אָנשטרענג — איבער די ביטערע טרערן פון חורבן — ביז צו די טעג פון דער נייער, ייִדישער היים־אויפריכטונג. דאָס איז אַ ברייטער היקף פון פּסיכישע, סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע שינויים, סיי איבעם ייִדישן מענטשן, סיי אין פולדיקן תּוכן פון דער ייִדיש־יצירה. שאַרגעל קערט זיך אָפּט צו דעם צוריק אין אַ סך אַפּהאַנדלונגען. וויפל ס׳זאָלן נישט פאַרגעסן ווערן די ערשטע, זייער צער און גלויבן, זייער טרער און חלום פון שרייבערישן יאָד, וועלן די נייע באַדינגונגען מיט דער פאַרהעלטנישמעסיק גרויסער צאָל צוגעקו־מענע טאַלאַנטן, לגמרי נישט פאַרטונקלען די אָנהייבער, זייער באַרוועסן, פאַרפלאָגטן גאַנג מיט ייִדיש וואָרט אויף די פאַרהונגערטע און פאַרברענטע חמסין־ליפּן. זיי אַלעמען קומט אַ דאַנק און לויב פאַר נישט דערלאָזן ס׳זאָל זיך אויסלעשן דער קוים טליענדיקער, אָרעמער פונק פון אמונה און עקשנות. דער דאָזיקער איינזאַמער יצירה־פונק האָט אויך דערמעגלעכט, אַז עס זאָל אויפפלאַקערן דאָס גרויסע שיינע פייער אין די שפּעטערע יאָרן. יעדעס פייער הייבט זיך אָן פונעם קלענסטן, קוים אָנזעעוודיקן פונק. ס׳וואָלט אפשר געווען ריכטיק צו זאָגן, אַז אין מלכות פון גייסט

זענען קיינמאָל נישט פאַראַן קיין אינטערוואַלן. אַזוי לאַנג ווי ס׳ווערט נישט פאַרלאָשן דער יצירה־פונק אינעם לעבעדיקן, גלייביקן, שאַפערישן מענטש.

*

אין י. צ. שאַרגעלס לשון האָט זיך אויפגעהאַלטן אַ שעפערישער זכּרון און אַ ירושהדיק שפּראַכגעמיט פון פרומע דורות. פאַראַן אין זיין לשון אַ פאַרנאַכטיק שבת־קודשדיק געפליסטער ווי פאַר הבדלה, בעת מען דערזעט אויפן הימל דעם ערשטן וואַכעדיקן שטערן. אין זיין וואָרט זיצט אַ זיסער יאָדער, אַ באַצירנדיקער חן פון ייִדיש — נישט בלויז אין זיינע לידער. אויך דאָ, צווישן די גרעסערע און קלענערע אָפּהאַנדלונגען־מאמרים — אריינבליקן־אַנאַליזן, געפינט איר דעם אַראָמאַט פון אַ נשמה־יתירהדיקן ייִדיש. ער דערציילט וועגן שרייבער וואָס זענען אים נאָענט און ליב, וואָרעם די גאַנצע ייִדישע ליטעראַטור איז פאַר אים אַ פּרדס פון היימישע, שיין־בליִענדיקעביימער. ער טראָגט־צו אַ קאָרב פון בטחון אויך אויף שפּעטער פאַר די אַלע, וואָס זענען נישט אַריינגעקומען אין דאָזיקן ערשטן בוך פון באַהאַנדלטע מחברים.

דאָס רוב אַרבעטן זענען פאָרטרעטן, געצייכנט, אָדער — ווען איר ווילט — אויסגעדאַוונטע מיט פרומער אַריינדרינגלעכקייט. זיי האָבן נישט דאָס בלאַסע, אימפּעטיקע און שטחותדיקע רעצענזיע־וואָרט. ער באַגלייט זיינע דעפיניציעס מיט גוט אויסגעוויילטע ציטאַטן־פּאַראַגראַפן. פאַראַן אַ שטילער פּאַטאָס אין זיינע פאָרמולירונגען. וויפל דער מחבר זאָל זיך נישט באַמיִען אָראָפּצונידערן דעם דאָזיקן פּאַטאָסטאָן, כּדי ס׳זאָל זיך נישט באַקומען קיין צו הויכער רעזאָנאַנס, געלינגט עס אים נישט, מחמת דער פּשוטער סיבה: צווישן די קריטישע שורות הערט זיך ביי אים תּמיד זיין יום־טובדיק־פייערלעכער ניגון. דער אַ ניגון איז אומצעטיילבאַר צווישן דעם פּאָעט שאַרגעל און דעם רעזאָנירנדיקן ליטעראַטור־אָפּשאַצער. דאָס זאָגט גיכער וועגן דעם שרייבערס האַמאַגענישן, שאַפערישן איך, וואָס לאָזט זיך נישט שפּאַלטן. פון זיין אייגן ליד ביז צום קריטישן וואָרט ציט זיך אַ שלימותדיקער דרך. זיין געניט אויג און אויער לאָזן זיך

נישט פאַרמאַניען. דאָס איז, לדעתי, איינע פון די סגולות פון דאָזיקן בוך. איבער זיין קריטישער פּראָזע שוועבט עפּעס פון יעקב גלאַטשטיינס ערנסטער, שפּילעוודיקער רעזאָנירונג און טרייע פאַרגלויבטקייט אין די ווערטן פון די שאַפערישע מקורות. נישט איין מאָל באַנוצט זיך שאַרגעל מיט גלאַטשטיינס אַ זאָג, ציטאַטע אָדער מחשבה. ער איז אָפּגעהיטן אין זיין אָפּשאַצוואָרט, כדי, חס וחלילה, נישט ווי צו טאָן, אומעטום צעשפּרייט זיך די האַרמאָניע צווישן דעם פּאָעט שאַרגעל און דעם קריטיקירטן בוך. און אויב ער קומט יאָ צו אַ נעגאַטיווער, קריטישער פאָרמולירונג, טוט ער עס בדחילו ורחימו, מיט אַזאַ פאַרזיכטיקייט גראַד ווי זיינע ווערטער וואָלטן געווען פון גלאָז און זיי זענען עלול צו געבן אַ שניט, נישט בלויז דעם באַהאַנדלטן מחבר, נייערט אויך דעם פּאָעט שאַרגעל גופא. אים געלינגט ס׳רוב גוט צו קאָנטראָלירן זיינע קריטישע, פייערלעכע עמאָציעס, אַפילו אין די עטלעכע אַרבעטן איבער שרייבער, וואָס ער זאָלבט זיי מיט נאָך אַ דימענטל אין אַ שוין פאַראַנענער קרוין. אָבער דאָס איז לחלוטין נישט לגנאי פונעם מחבר. להיפך: די פאַרליבטקייט אין שיינקייט, אין דער קונסט, ווערט געשטייגערט און באַגלייט תמיד זיין אייגענעם דיכטערישן פּאַטאָס.

צו י.צ. שאַרגעל רעדט בעיקר די שיינקייט, דער כישוף פון אַ שורה, אַפילו דעמאָלט, ווען די אידעע ליגט פאַרוויקלט ערגעץ אין שאָטן. מען זעט עס אָמבולטסטן בעת ער קומט אויסטייטשן דאָס ליד פון א. סוצקעווער. שאַרגעל ווייסט אַז די דיכטערישע עסענץ, איר שיינקייט און כישופדיקע התגלותן, זענען אומדערפינירבאַר, ווי מען קאָן נישט ראַציאָנעל אויפנעמען די שיינקייט פון אַ זונפאַרגאַנג, אָדער די פּראַכט פון אַ בליענדיקער רויז. שאַרגעל ווייסט, אַז דער סוד פון פּאָעזיע ליגט אין איר... סודותדיקייט, וואָס איז פול מיט שוידערלעכער פּראַכט, וואָס באַפּלאַטערט אונדזער האַרץ. און דערפאַר שטייט ער פאַרבליפט פון סוצקעווערס „ברכה פון שיינקייט". ער שרייבט: „ער איז אַנדערש ווי אַלע מיט זיין וואָרט־עשירות, מיט דער רייכקייט פון דער פאַרבן־וויבּרירונג... ער איז אַנדערש פון אַלע פון זיין דור מיט זיין זוכן, נישטערן און אויסגעפינען אַסטראַלע און ערדישע שיינקייטן... און ווייל איך האָב ליב אַלץ וואָס איז שיין

און לאָז זיך פון שיינקייט באַווירקן... און ווייל איך גלייב, אַז די שיינקייט, ווען אפילו זי איז טיילמאָל קאַלט און אכזריותדיק קאָן... באַלייכטן די פּאַרטונקלטע וועגן צום מענטש, אים אַרויסהייבן פון גייסטיקע תּהומען — איז פאַר מיר תּמיד אַ יום־טוב דאָס טרעפן זיך פּנים אל פּנים מיט שיינקייט — נאַטור, קונסט, מענטש..." אָדער: „שיינקייט, וועלכע ער קנעט איז דער אַפּאָטעאָז פון זיין שאַפונג — און דאָס אַלץ אין איבער־ראַשנדיקער פּערפעקציע, אין אומגלייבלעכער פּרעציזקייט..."

אַ גוטע ראיה פאַר שאַרגעלס עסייאיסטישע פאָרמולירונגען וואָלט געווען אַ קליינער אָפּקלייב פון זיין „רעפלעקסיוון אַרויסזאָג" וועגן די בעלי־יצירה. אוודאי וואָלט זיך געוואָלט ציטירן כאָטש עטלעכע שורות פון אַ ל ע באַהאַנדלטע 45 — יידישע און העברעישע מחברים. איז עס אָבער אוממעגלעך אין די דאָזיקע ראַמען און איך מוז זיך באַגרענעצן בלויז מיט עטלעכע ביישפילן.

מכּוח זיין „רעפלעקסיוון אַרויסזאָג" מוז מען אָבער שוין זאָגן, אַז דאָס איז לחלוטין נישט קיין ספּאָנטאַנע רעפלעקסיע, ביי־ערט אַ גאַר סאָלידע, פּאָעטיש־באַזיניקטע, קאָנטעמפּלאַטיווע עסייאיסטישע מחשבה. וויפל שאַרגעל זאָל נישט וועלן מינימיזירן זיין קריטישן בייטראַג, וואַקסט דאָך אויס זיין אויטאָריטאַטיווע דעה פון עסטעטיש־און־עטישן באַנעמען, זיין בקיאות פון פּאָעטישן סוד. דאָס איז שוין גאָרנישט קיין אויבנאויפיקער טאָן. ס'לייכט צו אונדז זיין פרום לויב־וואָרט, וואָס איז וואַרעם, היימיש, ברודערלעך־פּאָעטיש, מיט אַ בענטשנדיקער האַנט צו שיינקייט, פרייד און קינסטלערישן נחת.

אָט איז בלויז אַ בינטל אויפגעקליבענע מחשבות וועגן די באַהאַנדלטע שרייבער.

וועגן דב סדן שרייבט י. צ. שאַרגעל: „(ער) איז איינער פון די פענאָמענאַלסטע פּערזענלעכקייטן פון אונדזער תּקופה... אייגנטלעך אַ שטיק געשיכטע פון דער יידישער שפּראַך... פון טיפער אמונה און הויכער מאָראַל... (זיינע) אַנאַליטישע פאָרשונגען זענען באַהויכט מיט חכמה, מיט וויסן, מיט ליבע... האָסט מיך אָנגעטרונקען מיט ליבשאַפט... פון דיין

ליב האָבן אונדזער פאָלק און די קולטור זיינע איבער דורות און שפראַכן..."

וועגן י. ח. בילעצקי שרייבט ער: „מיט אומבאַגרענעצטער ליבשאַפט צו יידישער ליטעראַטור און צו יידישע שרייבערס איז דער דיכטער י. ח. בילעצקי צוגעגאַנגען שרייבן זיינע עסייען וועגן יידישער ליטעראַטור־שאַפונג... איר דערפילט באַלד, אַז דאָ רעדט אַ נאָענטער, אַן אייגענער וועגן עניבים, וואָס זענען אים נאָענט, ליב און אייגן. איז, דעריבער, שוין דאָס אַליין — די ליבשאַפט און דער יראת הכבוד — איינע פון די וויכטיקסטע מעלות פון י. ח. בילעצקיס עסייען."

„אברהם לים איז באַהאַוונט אין דער יידישער ליטעראַטור און קען אירע שטעגן און וועגן... ער פאַרמאָגט זיין אייגענעם אופן פון באַהאַנדלען אַ שרייבער, אַ ווערק... אַ קריטיקער, וואָס שמועסט אויס זיין קריטיק און אינפאָרמירט אונדז זיין שטעלונג צו דעם אָדער יענעם ווערק... צווישן די יינגערע קריטיקערס פון דער פאָסט־קלאַסיק איז זיכער און פאַרזיכערט זיין אָרט...".

צו איינעם פון די שעפערישסטע זין אין דער יידישער פּאָעזיע פאַררעכנט שאַרגעל דעם דיכטער אריה שמרי. „זיין דיכטערישער ווערט איז נישט אין כמות, נאָר גראָד אין איכות... אין זיין לעקסיק און אין זיינע אימאַזשן... שמרי דערגרייכט אָפּטמאָל הויכע באַציאַנאַלע מדרגות... תמיד געפינען מיר אין אריה שמרי דעם מאָדערנעם שעפער, וועמען עס גייט דער עיקר... אין נייעם אַליין־שאַפנדיקן אויסדרוק..."

משה יונגמאַן איז ביי שאַרגעלן „אַ פּאָעט מיט אַ רירנדיקן טאָן און פאַרכאַפּנדיקן ניגון... ס'האָט אַ בליץ געטאָן פאַר אונדזערע אויגן אַן אימאַזש־רייכע שירה, וואָס גייט מיט ענייוותדיקע טריט... מיט אַ שיער נישט למד־וואָווישער אומזעעוודיקייט... שוועבט איבער דער דאַזיקער שירה אַ געלייטערטער הויך פון קרישטאַליקע מדרגות".

וועגן דוד ספאַרד, דעם געקומענעם פון איינגעוואָרצלטער יידן־שנאה אין פּוילן שרייבט שאַרגעל: דוד ספאַרדס לידער דערציילן אונדז ווי אין אַ ראָמאַן זיין לעבן, זיין שטרעבן, זיינע אַנטוישונגען און האָפענונגען... זיינע לידער (זענען) אַ קלאָרער, רעליעפער אויסדרוק פון דעם, וואָס עס

איז אַריבערגעגאַנגען איבער אים און איבער אונדז אַלע... מיר זעען דאָ און הערן דאָס געשריי פון אַ פאַרוווּנדיקטן לייב, פון אַ בלוטיק אַנטוישטן גלייבער און שטרעבער".

אין דער דיכטערין דאָרע טייטלבוים דערזעט שאַרגעל צוויי פּאָלאַרע געפילן — ליבע און שנאה — „...דאָס וועט זיכער זיין אַ דאַנקבאַרע אַרבעט פאַרן פּסיכאָאַנאַליטישן קריטיקער... זיך צו פאַרטיפן אין דאָרע טייטלבוימס זעלטענער, ריין־קלינגעוודיקער דיכטונג... אַ ליריק, וואָס פליט אָפט אויף די פליגל פון אַ ביז גאָר רייכער פאַנטאַזיע... אַן אַליינגייענדיקע שטורמישע זינגערין, וואָס האָט אַזוי פיל געלערנט ביי אירע אורזיידעס, ביי דעם לעבן און ביי איר אייגן דיכטעריש האַרץ".

איבער שלמה שנהוד, לייענען מיר צוו. אַנ. : „(ער) פאַרמאָגט שפּראַך אין זיין צוויי־שפּראַכיקייט... געפיל פאַר איידלקייט און דינקייט פון וואָרט... אויך אַ שטאַרקע נייגונג צו סימבאָליק פון זוהר און קבלה... (ער) געהערט צו די איינציקע־געציילטע יידן־דיכטער, וואָס זינגען — און אין געבענטשטן סינטעז — אין אונדזערע ביידע לשונות. איז געקומען שלמה שנהוד און פאַרנומען זיין בכבודיק פאַרדינט אָרט".

און אין נחמן ראַפּפּס „וואַנדערשטאָק אין בלי" : „פילן מיר, אַז דאָס זענען לידער אין וועלכע ס'לעבט אַ מין נשמה־יתירה פון העכערע מאָראַלישע נאַרמען. מיר פילן ווי ער איילט זיך אַריינצוגעמען וואָס מער פּראָבלעמען, מיט וועלכע ס'איז אַזוי טראַגיש־רייך דאָס יידישע לעבן...".

*

דאָס בוך פון יעקב צבי שאַרגעל „פון אָנהייב אָן" — (צווישן שרייבער און ווערק) וועט אָן ספק אַריינגיין צווישן די סאָלידע, קריטישע ביכער־אָפּשאַצונגען, וואָס זענען שוין פאַראַן אין דער ליטעראַטור. אויך די הייראַרכיע אים צוגעטיילטע מאַנגער־פּרעמיע איז אַ פריידיקע באַשטעטיקונג פון דער וואַגיקייט און חשיבות פון שאַרגעלס כוללדיק שאַפן. ווי איינער פון די „ראשונים", וואָס האָט אויפגעהאַלטן אין משך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט אין פּאָעטישן וואָרט דאָס פייער פון יומטובדיקייט — האָט ער אויך מיטן ליכט פון דער עסייִסטישער מחשבה אין זיין איצטיק בוך נאָך מער פאַרגרונטפעסטיקט זיין ביז איצט אָנגעזען אָרט **אין דער יידישער ליטעראַטור.**

# עלי שעכטמאַן

## אַרום זיין ווערק „ערב"

(עסיי געלייענט ביי דער ערשטער פאַרטיילונג פון
אליעזר פינעס־פאָנד אין בית שלום־עליכם 22.3.77)

אויפן היינטיקן „אָוונט" איז מיר צוגעטיילט געוואָרן דער כבוד צו רעדן וועגן דעם ערשטן לאַורעאַט פונעם אליעזר פינעס־פאָנד — דעם פּראָזאַיקער עלי שעכטמאַן, וועגן דעם באַשאַפער פונעם באַיאַר־שבט אין זיין ווערק „ערב"; צו זאָגן אַ וואָרט וועגן דעם דאָזיקן ברייט־היקפדיקן ווערק, וואָס פאַרנעמט שוין איצט דעם אויבנאָן צווישן די באַטייטנדיקע יצירות אין דער יידישער פּראָזע. איך טו עס מיט אמתער געניגטוונג — אָבער איך וויל זיך לכתחילה באַוואָרענען, אַז כ'האָב נישט בדעה איצט צו אַנאַליזירן זיין ווערק מצד אַלע אַספּעקטן. איך וועל זיך באַמיִען — און דאָס אויך בצמצום — אָפּצושטעלן אויף די פּראָזע־מעלות, אויף די קינסטלערישע סגולות פונעם מחבר, וועגן זיין עפּישער התמדה, וועגן די תוכיקע ווערטן פון זיין וואָרט. כ'וועל זיך אויך באַמיִען צו באַלייכטן די מאָראַלישע גראַווירונגען ביים אויפלעבן די פיל־געשטאַלטיקייט פון באַיאַר־שבט און — ועל כולם — זיין נאַטור־פּייסאַזש, וואָס עטעמט מיט פּאָעטישער וואַרעמקייט און מיט אַ רעאַליסטיש־ערדישער דבקות. דאָס אַלץ כאַראַקטעריזירט דעם הויך־עטישן און עסטעטיש־קינסטלערישן באַוווסטזיין פונעם שרייבער.

ס'איז ווילבאַקאַנט, אַז די רוסישע ליטעראַטור מיט אירע פּראָזע־טראַדיציעס האָט איינגעפלאַנצט טיפע, שייבע וואָרצלען אין די ווערק פון די יידיש־שאַפערס. אונדזערע בעלי־יצירה — און נישט בלויז בלשון יידיש — זענען אויך געוואָרן באַווירקט פונעם גרויס־רוסישן פּייסאַזש,

נאָכגעגאַנגען דעם פאַרפאַלגטן, עלנטן מענטשן און זיין גורל. אָבער איבער אַלע סאָציאַלע תּהומען האָבן זיך אַרויסגעהויבן די העראָיש־הומאַנישע, אַלעמענטשלעכע כּוחות. דאָסטאָיעווסקי, טאָלסטאָי, גאָרקי, טשעכאָוו, גאָגאָל און פיל אַנדערע האָבן געהאַט אַ געבענטשטע השפּעה נישט בלויז אויף אונדזערע קלאַסיקער. די דאָזיקע השפּעה איז אויך צו געפינען ביי: דוד בערגעלסאָן, דער נסתּר, יוסף חיים ברענער, אורי ניסן גנעסין, שלום אַש, וויסנבערג, יונה ראָזנפעלד, אפרים קאַגאַנאָווסקי און ביי פיל, פיל אַנדערע. אין די יצירות, וואָס זענען אַנטשטאַנען אינעם אָפּגעצוימטן ייִדישן תּחום המושב, אין דעם שוסטער־ אָדער קוילער־ געסל, אין גראָען פאַרלאָזטן שטעטל, אָדער אין פאַרוואָרפענעם ייִדנדאָרף — האָט פונעם סאָציאַלן דנאָ אויך אַרויסגעליכטיקט די אידעע פון הומאַנישקייט און פון אונדזער נאַציאָנאַלן חלום. נאָך אַלע ייִדן־פּאָגראָמען און כּלערליי רדיפות, ביז איבער דעם מוראדיקסטן חורבן שוין אין אונדזער תּקופה — איז אויפגעשטאַנען דער ייִדיש־שאַפערישער מעדיום און ער האָט אויסגעלייזט די ייִדישע טראַגיק מיטן ליכטיקן וואָרט, וואָס האָט געטרייסט און דערהויבן מיטן אומשטאַרביקן חלום פונעם פאַרפייניקטן ייִדישן מענטשן, מיט דער גייסטיקער העראָיִק פון דער ייִדישער נשמה.

די מגילה פון אבלות און העראָיִק ביים אומבייגזאַמען באַיאָר־שבט אין שעכטמאַנס „ערב" האָט אין זיך די שיינע ראַם, דעם עפּישן חן און די הויכע טעמפּעראַטור פון אַ ייִדישער משפּחה־סאַגאַ, די דאָזיקע סאַגאַ האָט איר ספּעציפישע דינאַמיק פונעם אכזריותדיקן רעאַליזם, אָבער איינצייטיק ווערט זי באַגלייט מיט דער טרייסטנדיקער שטראַליקייט פונעם שרייבערס חזיון. וואָרעם וואָס אייגנטלעך איז אַ קינסטלערישער עפּאָס, וואָסערע געזעצן, כּוחות און אַטריבוטן קוואַליפיצירן די סאַגאַ ווי אַ לאַנג־דורותדיקע עפּיק? איך מיין, אַז קודם כּל איז דאָס די הומאַנישע ליכטיקייט, פאַרזיגלט אין די שפּראַך־סודות, די באַגייסטערנדיקע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע מחשבה, די לעבעדיקע סימבאָליק, די הייליקע קוואַליקייט פונעם שרייבערס קרישטאָליקן דימיון. דאָס זענען די פּאָטענציעלע כּוחות, וואָס פירן זיין פּען, באַצווינגען אונדזער האַרץ, אויג און מוח און מיר

באַגלייטן אַזעלכע בעלי־יצירה — געטרייסטע, פריידיקע און זעליש דערהויבענע.

עלי שעכטמאַן ווי אַ שרייבער פירט אונדז מיט אַ סך קינסטלערישער סבלנות דורך די יסורים־פולע תקופות פון ייִדישן לעבן. אַזעלכע שרייבערס לאָזן אונדז קיין מאָל נישט הינטערשטעליק. זיין לאַנג־עפּישער אָטעם, די דינאַמישע דערציילערישקייט — דאָס זענען דעם שרייבערס כּוחות, וואָס לאָזן אונדז נישט הינטערשטעליק. כּדי דאָס צו דערגרייכן דאַרף מען זיין באַשאַנקען מיט דעם, וואָס טאָמאַס מאַן האָט אַזוי שיין פאָרמולירט, נעמלעך: „אַז אַלע בערג און טאָלן, אַלע הימלען און תּהומען פון מענטשלעכן לעבן, זאָלן ווערן די סצענאַריע פון שרייבערס חזיון". און אויב טאָמאַס מאַן רעדט וועגן חזיון אין דער עפּיק — מיינט עס אין אונדזער פאַל: ווידערקול פון ייִדן־דורות, פון זייער געראַנגל און חלומות, וואָס האָבן דעם שרייבער דערהויבן — דורך צער, בדידות און וואָגל — צו זיינע קינסטלערישע הייכן.

עלי שעכטמאַן געהערט צו די בעלי־יצירה וואָס זייער ווערק שטראַלט מיט דער אידעע, וואָס הייסט: דער געראַנגל פאַרן ייִדישן קיום, אונדזער נאַציאָנאַלע באַשערטקייט אין דער וועלט פון טראַגיש־ייִדישע נסיונות. דאָס איז דער אידעיִשער חוט־השדרה פון זיין באַיאַר־סאַגאַ. דאָס איז אַ רעאַליזם געבויט אויף די חורבות פון אונדזער ייִדיש לעבן. דאָ ווערט געפירט די אומרחמנותדיקע מלחמה נישט בלויז פאַרן פיזישן קיום פונעם באַיאַר־שבט, נייערט אויך פאַרן קיום פון אַ ריינער, כּמעט ביבלישער לעבנסאידעע פאַרן גאַנצן פאָלק. ערגעצווו זאָגט דער מחבר: „נישט די סאָציאַלע פּראָבלעמען האָבן מיך באַרירט, נאָר די נאַציאָנאַלע". און דערפאַר אפשר האָט זיין דערצייל־אָטעם אויך אין זיך דעם הויך פון אַ ביבלישן חזיון, וואָס ייִדן־דורות טראָגן אין זיך. צו דעם אַ חזיון פירט אים די ליכטיקייט פון זיין הומאַניסטישן רעאַליזם. דער מחבר דערציילט, אַז אין די שפּעטע קינדעריאָרן האָט ער געמיינט, אַז ביכער שרייבט מען נישט, אַז זיי ווערן געגעבן פון הימל, אַזוי ווי די תּורה. די דאָזיקע מחשבה ווייזט אונדז דעם טיפן יראת הכּבוד פאַרן געשריבענעם וואָרט, וואָס באַגלייט דעם שרייבער נאָך פון יענע שפּעטע קינדעריאָרן. איצט

ווייסט שוין עלי שעכטמאַן, אַז ביכער ווערן טאַקע נישט געגעבן פון הימל, נאָר אַז די עבודה פון שרייבן גופא מיט די פאַרהייליקטע ייִדישע אותיות, כדי זיי זאָלן בלייבן ווי לייכט־טורעמס מיט זייער געבענטשטן קערן, מיטן ברכהדיקן זוימען פון לויטערער עפּיק — דאָס איז אָן ספק די שענסטע מתּנה, וואָס דער הימל קאָן שענקען דעם שרייבער.

וואָס עס פאַרחידושט אונדז אַמשטאַרקסטן אין עלי שעכטמאַנס „ערב" איז די סודותדיקע פאַרקנסונג, די הייסע אינטימיטעט, די ממש פאַרליבט־קייט אין ייִדישן וואָרט. זיין עפּיק פאַרמאָגט אַזוינס, וואָס האָט אים געהאָלפן דורכגיין לאַבירינטן און באַלייכטן דעם שאַפערישן שווערן גורל פון אַ ייִדישן שרייבער. און דאָס איז געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי די ליכטיקייט פון וואָרט, דער יצירהדיקער זויערשטאָף פון די הייכן, כדי ער זאָל שפּעטער אויך זיין מסוגל צו עטעמען אין די טיפענישן, אין די דנאָען פון ייִדישער פּיין און וואָגל. וויפל עמאָציאָנעלע באַזיניקטקייט, כ'וואָלט געזאָגט, אַ מין הימנישע באַגייסטערונג באַגלייט די שווער־געפּרוווטע נשמות פון באַיאר־שבט. עלי שעכטמאַנס שרייבערישע אַטמאָס־פער האָט אין זיך די מאָראַליטעט פון שלום־עליכמס פאַרטרערטן אָפּטימיזם, וואָס שוועבט תּמיד איבער די ייִדישע גורלות. די געדיכטע מאַלערישקייט און איינצייטיק דורכזיכטיקייט פון זיין פּראָזע, די געקרייזלטע, כמעט עגנונישע, לאַנגע פּאַראַגראַפן, אַפילו די עקספּרעסיוו־נאַטוראַליסטישע פאַרוועבטקייט, טראָגן אין זיך סימנים פון קלאַסישער עפּיק. דער שרייבער איז געוואָרן איינער פון די, וואָס היט אָפּ אונדזער פּראָזע פון פּסולת און פון סתּם ליטעראַרישער, סטערילער פּראָזעאָלאָגיע, זיין פּעדער איז: מיסיע, גורל, אחריות פון אַ ייִדיש־שאַפער. דאָס איז אַ שיינער אַקט פון זיין שאַפערישן זכרון, וואָס באַגייסטערט דעם לייענער. דער מחבר זאָגט וועגן זיינע העלדן: „מיין געדאַנק איז געווען — צו ווייזן זייער שיינקייט, כדי זיי צו דערהייבן צו דער מדרגה פון אָבות". איך ווייס נישט צי אַלע זיינע געשטאַלטן זענען באַשאַנקען מיטן הייליקן ליכט פון די אָבות, אָבער אַז פון זיי אַלע שטראַלט דאָס ליכטיקע פייער פון אונדזער גורל אויף די קרייצוועגן פון דורות — אין דעם איז קיין ספק נישט פאַראַן. זיינע געשטאַלטן זענען גרויס אין זייערע מענטשלעכע ליידן, אָבער נאָך

מאַכטיקער און גרעסער איז זייער בענקשאַפט צו אַ ליכטיקער נאַציאָנאַלער באַשערטקייט.

דער שטרענגער שׂר פון ליטעראַטור ווענט, מעסט, משפּט און פּאַרהיט דאָס יצירהדיקע, און אמתע האַב־און־גוטס. ווען ס׳וועלן אַמאָל דערגיין צו די ליטעראַטור־מקורות די קומענדיקע ייִדן־דורות וועלן זיי טרינקען בלויז דאָס געלייטערטע און הומאַנע ליכט וואָס ליגט אויך אין אַזעלכע יצירות, וואָס עלי שעכטמאַן האָט אונדז געגעבן. קיין שום גרויל־אַקט, זאָל ער זיין אַפילו ווי אמשטאַרקסטן אין זיין נאַטוראַליסטישער עקספּרעסיע, איז קיין מאָל נישט אַזוי אימאַגינעריש באַווירקנדיק, אַזוי באַפרוכפּערנדיק און לייטזעליק ווי איין איינציקער שיינער, הומאַניסטישער שטראַל פון אַ ליכטיקער עפּיק. פון פּרצעס „דריי מתּנות" בלייבן אין אונדזער זכּרון נישט די אַכזריותן, נייערט די דריי הייליקע סימבאָלישע מתּנות פאַרן הימל. לאַמעד שאַפּיראָס געשילדערטע פּאָגראָם־גרוילן ווערן בלאָס אַנטקעגן דער נקמה און מרידה פונעם ייִדישן מענטשן אין זיין גייסטיקער גבורה. אויך אין נתן האַנאָווערס באַרימטן זאָג, אַז „ער וויל נישט דערציילן אַלץ וועגן גזירות ת״ח און ת״ט, כּדי נישט צו פאַרשוועכן דעם מין מענטש" — הערן מיר דאָס הייליקע שווייגן פון ייִדישן בטחון, די גייסטיקע גבורה, וואָס שטאַרבט קיין מאָל נישט. פון אַלע אונדזערע געטאָ־אומגליקן און געטאָ־מרידות שטראַלט דאָס ליכט פון גייסט און פון גרויסע העראָישע מעשׂים.

לסוף דערלויבט מיר, טייערער עלי שעכטמאַן, אַ קליינע און גאָר אומשולדיקע ראַנד־באַמערקונג. אין אייער באַגריסונג־וואָרט צום זשיטלאָווסקי־פאָנד, וואָס האָט אייך באַערט מיטן זשיטלאָווסקי־פּרייז, זאָגט איר צווו. אַנד. : „דער ייִדישער שרייבער דאַרף נישט דעם אַש נאָר דאָס פייער, יענע גייסטיקע גבורה פונעם אומגעבראַכטן מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום אַריבערטראָגן פאַר די קומענדיקע דורות". ווייל איך זאָגן, אַז מיר פערזענלעך איז אַ ביסל שווער צו טיילן די דאָזיקע מחשבה : אַש און פייער. די ייִדיש־שרייבערס, וואָס זענען בנס אַרויס פון אוישוויץ און פּאָנאַר, פון דאַכאַו, בערגען־בעלזען און אַנדערע גיהנומס — האָבן אויך מיטגעבראַכט פון דאָרט דאָס הייליקע אַש, ווו עס טליִעט נאָך דאָס

אומפאַרלעשבאַרע פייער פון יידישע טרערן. מיר ווייסן גוט, אַז אַ ליטעראַטור באַשטייט נישט בלויז פון גבורה־פייערן, נייערט אויך פון אַש און פון מענטשלעכער מאַרטיראָלאָגיע. אַלע נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפעס — און אויך די חורבן־תקופה — האָט אונדז געגעבן צווייערליי העראָיזמען: די גייסטיקע גבורה פון פיזישער מרידה — דאָס פייער — אָבער זי האָט אונדז אויך געגעבן די שטומע, הייליקע, טראַומאַטישע, פאַסיווע העראָיזם פון דער יידישער נשמה אין איר מאַרטירער־אַש. דאָס אַש פונעם עבר איז אונדז נייטיק אין דער ליטעראַטור פאַרן המשך און אמת, פאַרן געראַנגל פון אונדזער לעבן צו אַ נייעם אויפגאַנג. אויך אין אייער ווערק איז פאַראַן דאָס דאָזיקע גורלדיקע אַש פול מיט אבלות און טראַגיק, ווו עס ברענען די גייסטיקע פייערן פון אונדזער פאַרשטאַרבנ־קייט. און דאָס איז דערפאַר, ווייל איר האָט ווי אַן אחריותפולער שאַפער נישט פאַרשמעלערט אייער האַריזאָנט פון יצירה בלויז מיטן פייער. און אַלס אַזעלכן, וואָס האָט געוווּסט ווי אַזוי אויפצוהייבן צו הייליקער סימבאָליק אויך דאָס אַש פון אונדזער גורל, באַגריס איך אייך גאָר האַרציק. מיר ווינטשן אייך לאַנגע יאָרן פון שאַפערישער באַגייסטערונג און הויכע דערגרייכונגען אין אונדזער גרויסער יידיש־ליטעראַטור.

און דעם זייער חשובן פאַנד־באַשאַפער, אליעזר פינעס, ווינטשן מיר, אַז ער זאָל נאָך לאַנגע יאָרן זיין מיט אונדז ביים באַערן לאַורעאַטן פון זיין פאַנד — פאַר דער גלאָריע פון דער ליטעראַטור און פאַר דער גלאָריע פון יידישער גייסטיקייט. זייט גאָר, גאָר האַרציק באַדאַנקט פאַר אייער גרויסן און זייער ווירדיקן קולטוראַקט.

# י.ח. בילעצקי — דער סופר פון קאָברין

## (אַן אַריינפיר צו אַ גרעסערן עסיי)

שרייבן וועגן אַזאַ אַלזייטיק פרוכפּערדיקן שאַפער ווי ס׳איז ישראל חיים בילעצקי — מיט זיינע אַזוי ערנסטע, אומפאַנג־רייכע יצירות — פון אַלע אַספּעקטן — וואָלט געצוווּנגען זיך אָפּצושטעלן און אַנאַליזירן זיין יעדן יצירה־זשאַנער באַזונדער. באַזונדער וועגן זיין אין גוטן טעמפּעראַ־פּליסיקן, קלינגענדיק און מיט רמזים־חכמהדיקן ליד, וועגן זיין פּאַרטיפטן אַנאַליז־שיינעם, ליטעראַרישן עסיי, וועגן זיינע היקפּדיקע שרייבער־מאָנאָגראַפיעס, לייוונטן, וואָס נעמען־אַרום אונדזערע גרויסע בעלי־יצירה (לייוויק, מאַנגער), אויך וועגן זיינע קורצע, בצימצומדיקע, אָבער תוכיקע, שרייבעריש־פּאַרגינערישע, וואַרעמע בוך־רעצענזיעס — מיט איין וואָרט: מען וואָלט געדאַרפט אויפשטעלן פון אַלע די אַ זשאַנערן אַ גרויסן, שיינעם יצירה־בנין, ווו יעדער ציגל און יעדער שטיין דערמאָנט אונדז די געבענטשטע פעדער, די ברכהדיקע שאַפערישקייט פון י. ח. בילעצקי, דעם קאָברינער משורר, עסייִסט, מעמואַריסט און אויך מליץ־יושר אין זיין יעדער בוך־אָפּשאַצונג, ווו ס׳איז נאָר פאַראַן אַ שמץ פון אמתער קינסטלערישקייט און פון ריין־ליטעראַרישע דערשיינונגען. אין דעם פּרט, וואָלט איך געוואָגט צו זאָגן, אַז י. ח. בילעצקי גייט אין די פּיל־וועגנדיקע סטעזשקעס און שטחים פונעם גרויסן יעקב גלאַטשטיין, וועמענס שאַפערי־שער חלום און דעוויז איז תמיד געווען: אויפשטעלן אין דער קריטיק אַ דור פון אַזעלכע אוהבי־יידיש און אוהבי־סופרים אין אונדזער גאַרער יידיש־פּאַרשפּרייטקייט — ווי דאָס איז, למשל, אונדזער סופר פון קאָברין, ישראל חיים בילעצקי.

ביים דערמאָנען אויבן די אַלע זשאַנערן פון י. ח. בילעצקי וואַרפט זיך אין די אויגן דאָס פעלן ביי אים פון איינאיינציקן ליטעראַרישן זשאַנער, נעמלעך: די קינסטלערישע פּראָזע. עס רעדט זיך נישט וועגן די צופעליק־אויסגעמלעכע דערשיינונגען פון אַזעלכע גאַנצע פּרקים, אָדער פּאַראַגראַפן, וואָס מיר באַגעגענען אין זיינע, למשל, ליטעראַרישע מאָנאָגראַפיעס, וואָס טראָגן אין זיך יאָ אַ געלייטערט־עפּישע אַטמאָספער. איך בין נישט לגמרי זיכער, צי ביי אַזאַ פילשפּעדיקן שרייבער קאָן נישט אַ מאָל געמאָלט זיין, אַז לעת עתה באַהאַלט ער פאַר אונדז אין זיין יצירה־שופלאָד אויך דעם אַ זשאַנער — די קינסטלערישע דערציילונג. פריער צי שפּעטער וועט זי מן־הסתם זיך אַרויסרייסן פון דער פינצטערער שופלאָד־געפענגעניש. אָבער ס'איז געזנוג בלויז, אויפן יסוד פון זיינע אַלע ביז איצט שוין דערשינענע שאַפונגען, מיר זאָלן תיכף דערקענען דעם גאַנצן מענטשן און שרייבער ישראל חיים בילעצקי — זיין גאַנצע יצירה־לאַבאָראַטאָריע, אַזוי, אַז מיר דאַרפן נישט ערשט אָפּוואַרטן אויף נאָך זיינס אַ זשאַנער, צו וועלכן ער האָט ביז איצט עפנטלעך נישט געדינט.

מען דאַרף זאָגן, אַז גראָד ווי יעקב גלאַטשטיין איז אויך די ידיש־פען פון י. ח. בילעצקי אַ שנעלע, אָבער אַ באַזאַכט־אימפּעטיקע און אַ ברייט־אומפאַסנדיקע. ער לאָזט דערביי נישט אָדורך קיין שום ווינקל, וואָס איז ווערט אַרויסגעהויבן צו ווערן, ער זאָל עס נישט באַלייכטן וואַרעם, אַנאַליטיש־ערלעך — אַלץ אין דער גוטער טראַדיציע פון דער בעסערער קריטיק אין דער ידיש־ליטעראַטור.

י. ח. בילעצקי שטעלט זיך אַליין קריטישע שאלות בנוגע מוסר, אמת, טראַדיציע און שרייבערישע ציל־באַוווסטקייט, אפילו ווען דאָס באַהאַנדלטע ווערק באַרירט די פּראָבלעמען נאָר פאַרבייגייענדיק. איר דערפילט באַלד דעם שרייבערס אינערלעכע פרייד און געניגטוונג ביים אויסגעפינען אַ נייעם, אומבאַקאַנטן שטריך אינעם קריטיקירטן ווערק. ער איז קודם כל אַ געווינספולער קריטיקער מליץ־יושר. ער באַהאַלט אויס הינטער זיבן שלעסער אַזעלכע אויסדרוקן, אָדער זאַג־ביואַנסן, וואָס זענען מסוגל דעם שרייבער צו פאַרשאַפן צער. דאָס איז אַ הויכע מדרגה פון הומאַניסטי־

שער קריטיק, ווען אַפילו דאָ און דאָרט וואָלט אַ צווייטער אָפּשאַצער געקאָנט אָנוואַרפן שאָטנהאַפטיקע, נעגאַטיווע שטריכן. נישט פאַראַן ביי בילעצקין קיין פניות, אָדער השפּעות פון פּערזענלעכע קאָנטאַקטן, אָדער נישט־קאָנטאַקטן מיטן שרייבער. זיין גרויסער פאַרגייער יעקב גלאַטשטיין האָט אָפט געשריבן מיט גרויס ליבע און כבוד וועגן מחברים, וואָס ער האָט קיין מאָל נישט געזען זייער פּנים. ער האָט זיך געשטיצט אויסשליסלעך אויף די אָפּגעדרוקטע בלעטער, וואָס האָבן גערעדט צו זיין עמפּינדלעך־קריטיש, עסייִסטיש אויג און ייִדיש האַרץ. אָט די ביידע מקורות: דאָס אויג און דאָס האַרץ — זענען ביי אמתע קינסטלער־אָפּשאַצער־עסייִסטן — די איינציקע פאַרהייליקטע מאָסן און וואָגן, אין וועלכע עס ליגט באַקעט דעם מחברס שאַפערישער חלום. פאַר אַזאַ קריטיקער־עסייִסט גענוגט צו דערקענען דעם מחברס מיסטעריעז־יצירהדיקע וועלט (וואָרעם אמתע יצירה געהערט נאָך אַלץ צו דער וועלט פון מיסטעריע) — טייל מאָל בלויז אויפן סמך פון אַ בינטל לידער, אָדער אַ מאָגער העפטל נאָוועלן. אויך פאַר אונדזער סופר פון קאַברין גענוגט טייל מאָל בלויז אַ קאַפּיטל, אַ זייטל, אַ פראַגמענט, כּדי ער זאָל דערשפּירן דאָס אמתדיקע פּנים און די אינערלעכע וועלט פון אַן עכטן שאַפער. אין דעם ליגט דער מיסטעריעזער כּוח פונעם אמתן עסייִסט־דיכטער־קריטיקער.

מיר איז נאָך ביז היינט נישט אויסגעקומען צו לייענען ביי י. ח. בילעצקי קיין איינציקע ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונג, וואָס זאָל פאַרמינערן, אָדער פאַרבלאָסן דעם קריטיקירטנס ערלעכן אָנשטרענג אונדז צו געבן דאָס בעסטע לויט זיינע זעלישע און שרייבערישע כּוחות. ער איז אַזאַ קריטיקער־עסייִסט, וואָס טראָגט צו אַ פולן קויש מיט ליטעראַרישן קרעדיט, אַפילו פאַרן אָנפאַנגער. ווער רעדט נאָך וועגן די שוין גאָר אָנערקענטע בעלי־יצירה. דאָ עפענען זיך ערשט די זיסע קוואַלן פון זיין עסייִסטישער באַגייסטערונג און כּוחות — ווי מיר זעען עס, למשל, אין זיינע באַטייטנדיקע ווערק וועגן מאַנגערן אָדער לייוויקן. י. ח. בילעצקי האָט פאַר יעדן פענמענטשן שרייבערישן דרך־ארץ. ער זעט דעם לעבעדיקן מענטשן הינטער די שורות, דעם שרייבערס געראַנגל, זיין גאַנג פון „פאַלן — און גיין ווייטער" אויף די שווערע וועגן און אומוועגן פון דער ייִדיש־

ליטעראַטור. ס׳געשעט אויך, אַז י. ה. בילעצקי זעט אָפּט פּאַרויס די אַנטוויקלונג, אין וועלכער ס׳וועט גיין דער באַהאַנדלטער שרייבער — פאַרשטייט זיך תּמיד אַ שטאַפּל העכער אין זיין שאַפן. און אַלץ געשעט ביי אים אין אַ האַרמאָנישער אייניקייט צווישן דעם עסייִסט־קריטיקער י. ה. בילעצקי און די יצירה־בלעטער פונעם שאַפערישן מענטשן, דעם באַהאַנדלטן מחברס אויפגעשטעלטן בנין.

מיר ווייסן, אַז י. ה. בילעצקי איז אויך אַ העברעיִש שרייבנדיקער מחבר. ער באַנוצט זיך מיט אונדזערעביידע נאַציאָנאַלע לשונות. זיינע אומפאַנגרייכע ווערק — די אויטאָביאָגראַפישע מאָנאָגראַפיעס — אויך זיינע קורצע אין העברעיִש־געשריבענע קריטישע אָפּשאַצונגען וועגן ביכער, אַנאַליטישע עקסקורסיעס וועגן שרייבער־פּראָבלעמען, אַפילו קלענערע יאָרצייט־דערמאָנונגען — האָבן אין זיך דעם זעלביקן טעמבער, די זעלביקע וואַרעמע אַטמאָספער ווי זיינע אַרבעטן, געשריבן אין ייִדיש־לשון. ער געהערט, דוכט מיר צום קרייז פון די צוויי־שפּראַכיקע בעלי־יצירה ביי אונדז, ווי: דב סדן, דב בערקאָוויטש, זלמן שניאור, יעקב פיכמאַן (טיילווייז אויך ביאַליק), אליעזר שטיינמאַן, שלמה שנהוד, יצחק קאַצענעלסאָן א. א. (נישט, חלילה, צו פאַרגעסן אונדזערע ערשטע, די גרויסע: מענדעלע, פּרץ, שלום עליכם א. א.). אויב כ׳האָב עמעצן דורכגעלאָזט (בשוגג) — וועט מיר זיין שוועבנדיקער שאַפערישער גייסט זיכער מוחל זיין.

ביים אַריינפּיר אינעם בוך „אריאל אין דער אַלטער היים" (לייוויק־פאַרלאַג, ת״א, 1981), געפינט זיך י. ה. בילעצקיס פּרעלוד־ליד, וואָס ער התמעט אַזוי:

„אין די בלעטער עטעמען לעבעדיקע מתים, / אריאל אין דער אַלטער היים שטעמפּלט מיט זיין חותם: / ישראל חיים בילעצקי פון קאָברין".

דער אַזוי פּרוכפּערדיקער שרייבער־פּאָעט־קריטיקער האָט איצטער, נאָך אַזוי פיל יאָרן פון פאַרלאָזן קאָברין, אפשר נישט אָן כּוונה אַדורכגעלאָזט די ווערטער „דער ס ו פ ר" פון קאָברין. ביי אַזאַ שרייבער ווי ס׳איז י. ה. בילעצקי איז נישט פאַראַן קיין צופעליקייטן, אָדער שורות

אַן אַ טיפֿערן אידעאָלאָגישן זין. באַנוצנדיק זיך בלויז מיט די צוויי ווערטער „פֿון קאַברין" — האָט ער צו זיך, אויך צו אונדז, אומגעקערט אויפֿסניי יענעם גאַנצן פֿאַרלאָשענעם ייִדיש־הימל פֿאַר דעם פֿאַרבלאָסטן זכּרון נאָך אַ פֿאַרשוווּנדן, הייליק ייִדיש שטעטעלע. דאָס ווייזט ווי ווייט אונדזער סופֿר פֿון קאַברין טראָגט נאָך אין זיך די שיינע אומפֿאַרלאָשענע ירושה פֿון אַלע יענע אונטערגעגאַנגענע ייִדיש־וועלטן און ייִדישקייט־ווערטן אין זיין שאַפֿן פֿון היינט און אויך פֿון מאָרגן.

מחמת מיינע איצט־באַגרענעצטע פֿיזישע כּוחות בין איך, לצערי, נישט מסוגל זיך אָפּצושטעלן אַנאַליטישער, טיף־אַרומנעמענדיקער אויף זיינע אַלע דערשינענע ווערק. אָן ספֿק האָבן מיר פֿאַר זיך איינעם פֿון די אחריותדיקסטע, שפּעדיסקטע בעלי־יצירה. ס'איז אַ חידוש, אַז אַזאַ היקפּדיקע אַרבעט וועגן אונדזער מחבר איז ביז איצט נאָך נישט דערשינען. אין מיינע אויגן בלייבט „י. ח. בילעצקי פֿון קאַברין" אַ באַשיידענער משורר־ליריקער, מיט אַ ליכטיקן ברייטן ספּעקטרום פֿון אידעען און חלומות און אויך אַן עסייִסטישער קריטיקער און ליטעראַטור־ביאָגראַף, וואָס מיידט נישט אויס אַ שאַרפֿן, סובטעלן אַריינדרינג אין אַ סך שטחים פֿון דער ייִדיש־יצירה.

די אויביקע ווערטער דאַרפֿן בלויז זיין אַ קליינער ציגל צום בנין, וואָס דער שרייבער־קריטיקער־דיכטער פֿון אַמאָליקן קאַברין, ישראל חיים בילעצקי האָט געשענקט דער ייִדישער ליטעראַטור. ער האָט זי באַרייכערט מיט אַ סך האָב־און־גוטס אין אַלע זיינע ליטעראַרישע זשאַנערן, צו וועלכע ער דינט אומדערמידלעך מיט דער שיינער מסורה פֿון אונדזערע גרויסע פֿאַרגייערס איןביידע ליטעראַטורן.

# די אָפּגעפּונענע פּאָעטישע אידענטיטעט

## הדסה רובין : אין צוגווינט, פאַרלאַג ישראל־בוך, תל־אביב, תשמ״א—1981

הדסה רובין איז אַ דיכטערין, וואָס בויט אירע פערזן מיט אַן איידעלער פינעזיע. אירע לידער זענען אַרומגערינגלט מיט אַ פאַרחלומ־טער וואָר, וואָס דערהייבט זיי, דורך ליכטיקע הייכן, צו אַ צניעותדיק־שטילער, וואַרעמער און זעלטענער פּאָעטיק. כ׳וואָלט געזאָגט: אַלע לאַקערדיקע שאַטנס און פינצטערע גרוילן פון איר לעבן, סיי די ריין־מענטשלעכע און סיי די פּאָעטיש־שאַפערישע, באַקומען ביי איר ליכטיקע, שאַרפע בליצן, אַן אָפּשיין און טליענדיק פייער פון איר אומרויִקער, ווייבלעך־פּאָעטישער נאַטור. פון אַלץ וואָס רינגלט זי אַרום — פירט דער וועג צו אַ קלאָרער, הכנעהדיקער, פּאָעטישער אינטערפּרעטאַציע. יעדער אומגליק, אָדער פינצטער פאַרגעפיל, באַהאַלט זי אויס אין אַ זיסער טרער פון ליד. מיר דאַכט זיך, אז זי שרייבט תּמיד אירע לידער מיט פאַרשלאָסענע אויגן־לעדלעך, וואָס ציטערן ביי איר פרום־פאַרכטיק, גראָד ווי די אויגן־לעדלעך בעתן ליכט־בענטשן ביי אונדזערע אומגעקו־מענע מאַמעס. עפּעס תּפילהדיקס און אויך ווידויִדיקס, מיט פאַרבראָכענע, אויפגעהויבענע הענט — און איינצייטיק עפּעס טראַגיש־העראָיִשס — שטראָמט צו אונדז פון איר לידערבוך אין צוגווינט.

ס׳איז נישט אַזוי לייכט צו שרייבן וועגן עטערישע שיינקייטן, וואָס באַגלייטן דיך לאַנגע מעת־לעתן נאָכן איבערלייענען די לידער. אַזעלכע זעפיריש־עטערישע שיינקייט־פונקען זענען די קורצע און אויך לענגערע לידערזיפצן פון הדסה רובין. צווישן איר בלייכן שמייכל און גרויליק־

איינגעהאַלטן געוויין, צווישן שטערנליכט, וואָס לעשט זיך אין חושך — זוכט זי אַ רפואה־פונק פאַר איר אויסגעזיפּצטער פּאָעטישער באַגייסטע־רונג. מיר זעען עס, למשל, אין די צוויי סטראָפעס פון איר פּראָלאָגליד, וואָס עפנט דאָס לידערבוך:

אין זכות פונעם שמייכל,
וואָס איז הענגען געבליבן
אויף שטעכיקע דראָטן,
צעווישן געוויין,
און איך האָב געבראַכט אים
אויף טרוקענע ליפּן

צו שוועל פון אַ היים, —
אין זכות פונעם פונק,
וואָס טליעט, ווען שטערן
פון חושך דערשראָקענע לעשן זיך אויס —
זאָל ווערן פאַרנומען
איין טרער פון די טרערן,
וואָס גיסן פון אויג זיך נישט אויס.

**(אין צוזווינט, ז׳ 7)**

אירע לידער פאַרמאָגן ס׳רוב אַן איינגעפּרעסטע, עפּיגראַמאַטישע ראַם, ווו ס׳איז איינגעקנאָטן דער יאָדער פון פּאָעטישן צימצום און אידעען־פייער, פון אַן אינטימער געדאַנקלעכקייט. אַלע ייִאוש־געוואַלדן, אומגליקן, חלומות, האָפענונגלאָזיקייטן, בדידות־מיראַזשן — „ווען שטערן/ פון חושך דערשראָקענע לעשן זיך אויס״ — אַלע זיי ווערן שטיל פאַרוויגט אין אירע לירישע, הייס־אָטעמדיקע, צניעותדיקע שורות. די מוזע מיט איר לייכטנדיק פּנים איז גנאָדיק צו דער דיכטערין, אָבער אָפט מאָל קומט צו איר די מוזע אויך אַן דעם ליכטיקן פּנים, מיט אויגן פאַרגאָ־סענע מיט טרערן. דער דאָזיקער פּאָעטישער מוזע־גילגול, די פּאָעטישע

געמיט־מעטאַמאָרפאָזע, האָט זיך אויך אָפּגערופן אין דער דיכטערין. זי האָט געשריבן און שרייבט אירע לידער ס׳רוב מיט אַ לייכטנדיק, אָפן פּנים, שוין אַן אָפּגעוואַשנס פון נישט־אָראָפּגערונענע טרערן, „וואָס גיסן פון אויג זיך נישט אויס״. הגם הדסה רובין לאָזט זיי נישט טריפן איבער איר יצירהדיק געזיכט, און לאָזט זיי פאַרשווינדן צווישן אירע אויגן־ווינקלען — איז דאָך זייער ווילגאָטנעקייט פאַרבליבן ווי טוי צווישן די שורות. מען פילט די נאָענטקייט פון זייער טרער־אויפשפּראָץ, דאָס לייכטע פאַלן, און נאָר מחמת אירע איינגעהאַלטענע כוחות און איר איינגעהאַלטענעם אָטעם, איז אַנשטאָט מיט געוויין — איר ליריק פול מיט פאַרליכטיקטע שאָטנס. באַענט, מענטשלעך־אינטים איז דער דיאַפּאַזאָן פון אירע פאַרבאַהאַלטענע געפילן און איבערלעבונגען. זיי זענען אַלע געגעבן מיט אַ דינעם ניגון, מיט אַ ביזאַרן שמייכל און נישט אַן שוידער. אין דעם פּרט דערמאָנט איר בוך אין צוגווינט די פּאָעטישע אַטמאָספער פון אַזעלכע גאָר באַטייטנדיקע ליריקער ווי רייזל זשיכלינסקי, מלכּה חפץ־טוזמאַן. דער פאַרגלייך פּאָעטישע אַטמאָספער מיינט דאָ נישט צו זאָגן: בולטע שרייבערישע השפּעה. עס וויל דערמיט זאָגן, אַז צו דער קליינער ריי פון דעם מין באַטייטנדיקע בעלי־יצירה איז צוגעקומען נאָך אַ שיינער נאָמען: הדסה רובין.

ווי שוין דערמאָנט, לייכט אַרויס כמעט פון אַלע אירע לידער דער גלאַנץ פון טרערן ווי דאָס וואַלטן געווען גינגאָלדענע, פּרימאַרגנדיקע טויטראָפּנס. באַלד וועט די זון אויפגיין און אויסזייגן פון יעדן גרעזל־ליד די געפּאַלענע טוי־טרערן. און דאָך קאָן איך נישט זאָגן וועגן הדסה רובינס לידער ווי ס׳האָט געזאָגט דער פראַנצויז אַלפרעד דע מיסע, וועגן ליריק בכלל, אַז „די שענסטע זענען יענע לידער, וואָס זענען דורכגעזאַפּט מיטן גרעסטן יאוש״. איך קאָן אויך נישט זאָגן, אַז איר פּאָעזיע איז דורכויס אַ פאַרסובטילטער עכאָ פון פּעסימיסטישע טענער. ס׳איז אפשר אמת די אָנגענומענע סברה, אויך לויט אַלפרעד דע מיסע, אַז אַמתע, טיפע פּאָעזיע איז תמיד אַן אויסדרוק פון דיכטערישן יאוש און טרערן. אויב עס לאָזט זיך אָננעמען די אַ דערמאָנטע סענטענץ — איז זי צום שטאַרקסטן באַרעכטיקט ביים ניצן זי אין אונדזער יידיש־פּאָעזיע, אין

אונדזער ייִדיש־וועלט פון חורבן, גרויל און מענטשלעכן גיהנום, מיט די אויסנעמלעך־טראַגישע נסיונות פון אירע פּאָעטן און שרייבערס. פאַראַן ליריקער, וואָס זייער ליריש ייִאוש־געשריי העגנט בלויז אין חלל; ביי הדסה רובין זענען די אַ ייִדיש־לידער אַ פאַרסמטער בומעראַנג פאַר איר אייגן האַרץ. לאָמיר זיך צוהערן ווי זי שרייבט, למשל, וועגן טרערן:

זייט מיר נישט קיין שירעם,<br>
נישט קיין געדיכטער פאַרהאַנג,<br>
וואָס זאָל פאַרשטעלן פאַר מיין אויג<br>
איענע זייט,<br>
אָן אַנדערשפּראַכיקע, צעקריגטע —<br>
געזאַלצן איז אויך דאָרט אַ טרער.

זייט מילדער צו מיין אויג,<br>
אַ שפּיז אַ שאַרפע זאָל מיין בליק נישט ווערן,<br>
אַ שפּיז,<br>
וואָס מאָרגן וועט זי דורכשטעכן<br>
מיין האַרץ.

(דאָרטן, ז' 42)

באַכן איבערלייענען די לידער אין צוגווינט קומט מיר טייל מאָל אויס, אַז עטלעכע פון זיי האָבן פריִער געהאַט אַ גאָר אַנדערע ראָם, אַז דאָס ליד איז געווען געבויט פון פיר־שורהדיקע סטראָפעס. אין דער איצטיקער לידער־זאַמלונג האָט די דיכטערן, נישט אָן כּוונה, צעוואָרפן די ברייטע פיר־שורהדיקע סטראָפעס, זיי צעטיילט לויטן ריטעם, געמאַכט קירצער די שורה — און אויף אַזאַ אופן אַריינגעבראַכט אינעם ליד מער לופט, מער ליכט, מער שיינע אינטערוואַלן ווי די פריִער שטרענג־געבונדענע סטראָפעס. אמת, איצטער האָבן די אַ לידער אָן אַנדערע ראָם, אַ מער דורכזעעוודיקע, אָבער די אידעע, דער דיכטערישער רעיון, איז פאַרבליבן דער זעלביקער. זיי האָבן נאָר באַקומען אַ בולטערע קריש־טאַליקייט, מער פּאָעטישן, שטראָמענדיקן זויערשטאָף, מיט וואָס עס

אָטעמען די קירצערע שורות. די דיכטערין פאַרשטייט גוט ווי אַזוי דעם זעלביקן לירישן אידעען־בנין אויפצושטעלן מיט אַנדערע געבוי־פאָרמען, כּדי ס'זאָל גאָרנישט פאַרלוירן גיין פון דער אָריגינעלער, בראשיתדיקער מחשבה. להיפּוך: אַזאַ איבערשמעלצונג פון דער שטרענג־צונויפגעבונדענער סטראָפע אין אַ פרייער פערזנראַם, לאָזט אין אונדז אַ טיפערן, בעטנטערן קלאַנג, אויך אַ רעליעפער בילד און אויך אַן אינטימערע מוזיקאַלישקייט אין דער איצטער צעטיילטער שורה. (זע, למשל, די לידער: „אַ בריוו צו אַ פריינד" (ז' 43), „קינדער מיינע" (ז' 45) און אַנדערע.)

מיר האָבן שוין לאַנג נישט געלייענט לידער פון אַזאַ סובטילן, פּאַטעטישן אַראָמאַט ווי די לירישע עקספּרעסיעס פון הדסה רובין. פון וואַנען קומט עס פּלוצעם — און אפשר גאָרנישט אַזוי פּלוצעם — אַזאַ ביי־דיכטערישע אַנטפּלעקונג אין אונדזער פּאָעזיע? ערגעץ ווו מוז דאָך וואָרצלען דער סודותדיקער זוימען פון דאָזיקן לירישן אַראָמאַט, וואָס ברענגט אונדז אַ פריידיק־ליכטיקע און אויך — ווי דאָס זאָל נישט אויסזען אויסטערליש — אַן עלעגישע דערפרישונג, וואָרעם אויך יאוש און טרויער־לידער האָבן אַ יצירהדיקן פריידיסוד. ערגעץ ווו האָט דאָך געמוזט שטיין די וויג פון די אַ אויסגעכאָוועטע, קרישטאָליקע ווערטער, חזיונות, פולע מיט וויזיע, פּחדים און געוויין, אין אַ וועלט פון אַכזריות־דיקע רעאַליען. וואָס האָט געצווונגען, און צווינגט נאָך איצט, איר וואָרט זיך צו דערהייבן צו אַ מיסטעריעזער פּאַטעטישער שיינקייט און איינציטיק — צו אַן אומגעפעלשטן דיכטערישן יאוש?

ביים זוכן די דאָזיקע וואָרצלען — נישט קענענדיק פערזענלעך די דיכטערין און נישט אירע ביאָגראַפישע קלימאַטן — האָב איך זיך געלאָזט פירן דורך די פּאָר צענדליק שורות אינעם לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור (באַנד 8), פון וואַנען — זאָל מיר דערלויבט זיין — צו ציטירן די ווייטערדיקע שורות. אפשר איז צווישן די לעקסיקאָן־שורות פאַרבאָהאַלטן דער סוד פון איר אָפגעפונענער פּאַטעטישער אידענטיטעט

אָט זענען די פּאָר שורות:

„...געבוירן אין יאַמפּאָל, אוקראַינע. געענדיקט אַ פּוילישע מיטלשול,

געזעסן אין קרעמעניצער טורמע. אין צווייטן וועלט־קריג — אין סאָוועט־רוסלאַנד. נאָכן קריג געקומען קיין פּוילן. פון 1960 — אין ישׂראל. הדסה רובינס ערשטע לידער האָבן נישט געהאַט קיין מזל. פון שרעק פאַר פּאָליציי האָט אַ מומע פאַרברענט די באַהאַלטענע לידער. בעתן לויפן פון די דייטשן — איז פאַרלוירן געגאַנגען נאָך אַ פּעקל פּאָעזיע״...

אומצאָליקע מאָל האָב איך דורכגעלייענט די אויביקע שורות, וואָס זענען בעצם טרוקן־ביאָגראַפישע און אָנטפּלעקן גאָרנישט מיט זייער כלל־ראַמיקייט: געבוירן־דאַטע, צאָל פון פאַרעפנטלעכטע ביכער, נאָר פּלוצעם האָט מיך פאַרכאַפּט דער זאַץ, וואָס האָט ווי אַ בליץ געוואָרפן זיין ליכט אויף אַ געהיים טירעלע פון דעם וואָס האָט מיר געפעלט, כדי צו דעשיפרירן דעם פאַרשאָטנטן פּראָפיל פון הדסה רובינס שאַפן. ס׳האָט זיך פאַר מיר פּלוצעם באַוויזן די מיסטעריע, און אפשר גאָרנישט אַזאַ מיסטעריע, נאָר דווקא אַ גרויליקע רעאַליטעט, מיט אירע פּסיכישע פּרוּ־זשינעס, וואָס האָבן איר צוגעטראָגן דיכטערישע ליים־און־ציגל פאַר איר ליד. אַחוץ דער אוקראַיניש־יידישער סומנעקייט, אַחוץ דער קרעמע־ניצער תּפיסה־וווּנט־אייבזאַמקייט — איז געקומען צו מיר די אַנטפּלע־קונג דורך דער איינציקער שורה, וואָס דערמאָנט די מומע, וואָס האָט פאַרברענט אירע ערשטע לידער און אויך דאָס פּעקל פאַרלוירענע לידער בעתן פאַנישן לויפן פון די דייטשן. אָט פון וואַנען, אַזוי דאַכט מיר, הענגען נאָך אין חלל די שוין לאַנג טויטע טרויער־פייגל; נאָך בושעווען יענע שוואַרצע הימלווינטן מיט שאַרפע חלפים, פון וואַנען ס׳רינען אַראָפּ בלוטיק און גרויליק די ערשטע, געבוירענע יצירה־זיפצן. אַלע שטילקייט־שרעקן און פאַרציטערטע פּחדים קלאַפּן נאָך ביי נאַכט — און אויך ביי טאָג — בעת די זון קרייזט מיט גלייכגילט אין אירע פענצטער. פון דאַנען, דאַכט מיר, די ליפּן־פאַרקלעמטקייט, בעת זי שרייבט אירע איצטיקע לידער. די אויביקע לעקסיקאָן־שורה האָט מיר געעפנט אַ שפּעלטעלע צו דערזען דעם וווייטן, נישט־פאַרטריקנטן קוואַל פון איר ערשטער יונגער באַגייסטערונג פאַר פּאָעזיע, דאָס איז דער קוואַל, וואָס לאָזט נאָך איצט שטראָמען, הייס און נאָסטאַלגיש, זיינע טראָפּנס צווישן שאָטנס, פּנימער, בערג, אונטער די אָפענע ישׂראל־הימלען. דער אונטערבאַוווּסטזיניקער געלאָף

נאָך איר ערשטער פּאָעטישער אידענטיטעט, דאָס איז אפשר איר אומ־רויִקע נאָסטאַלגיע. זי זוכט אין אירע איצטיקע לידער צוריק אָפּצוגעפּינען אַן עכאָ פון יענע הייליק־געשריבענע ערשטע יוגנטלידער. ס׳איז גראָד אַזוי ווי מיט דער ערשטער אויפשפּראָצנדיקער ליבשאַפט, וואָס האָט אַכזר־יותדיק בוגד געווען. ס׳איז נישט פאַראַן קיין מער תהומיקערע בענק־שאַפט ווי די יצירה־בענקשאַפט — אַזאַ וואָס ס׳האָט איבערגעלעבט די דיכטערין נאָכן פאַרברענען דורך איר מומע די לידער און אויך נאָכן פאַרלירן דאָס פעקל לידער בעתן לויפן פון די נאַציס. נישט איין שרייבער פון דער אָ גיהנום־תקופה איז געפּרוווט געוואָרן מיט אַזאַ גרויליקן בסיון. אויך דעם שרייבער פון די שורות האָט דער גורל נישט פאַרשוינט אין דעם פּרט. אַ גרויסער טייל פון זיינע כתבים, געשריבענע אין געטאָ איז פאַרלוירן געגאַנגען. אָ בינטל שאַפונגען, פאַרשטופּט אין אַ רוקזעקל, האָט בעתן אַנקומען קיין אוישוויץ אויך געהאַט אַ ביטערן גורל. דאָס רוקזעקל האָט מען מיר אָפּגעשניטן פון די אַקסלען ביז בלוט, עס געוואָרפן אויף אַ קופּע צונויפגעשאַרטע געטאָ־שמאַטעס, וואָס האָט שוין פריִער געברענט מיט אַ שוואַרץ, גיהנומדיק פייער. ביז היינט זע איך נאָך פלאַטערן יענע שוואַרצע פלאַמען. זיי ווערן אַלץ געדיכטער, אַלץ פעכיקער און הייבן זיך צו די דעמאָלט אַזוי ווי אויף־להכעיס בלאַלעך־שיינע, פּוילישע יעשען־הימלען.

דאָס איז, גלייב איך, דער גרויסער טרויער ביי הדסה רובין, וואָס זוכט ווידער אויפצושטעלן די פאַרברענטע וויזיעס, זייער יונגן פּאָעטישן גן־עדן, די דיכטערישע אידענטיטעט פון די ערשטע, אָדער כמעט ערשטע, שאַפונגען, וואָס זענען שפּורלאָז פאַרשוווּנדן. זי זוכט איצט כאָטש אַ ציטערנדיקן שאָטן פון אַלע יענע פייגל, ביימער, וואָלקנס, פּנימער, חלומות, וואָס זענען מיט אירע ערשטע פּאָעטישע שפּירונגען און געמיט־שטורעם אויף אייביק פאַרשניטן געוואָרן. זי זינגט:

פייגל ווייִנען נישט,
כאָטש זיי האָבן אויגן.
אַלע זייערע טרערן —
אויסגעזונגען, אויסגעפלויגן.

(דאָרטן, ז׳ 32)

דאָס זענען נאָך אַלץ יענע נישט־ווייַנענדיקע פייגל פון די ערשטע לידער, וואָס די מומע האָט פאַרברענט. אויך אַלע אירע פּאָעטישע טרוימען, וואָס זענען געגאַנגען לאיבוד בעתן אַנטלויפן פון נאַצישן גיהנום.

פון די איצטיקע לידער אין צוגווינט קוקט אַרויס די אָפּגעפונענע אידענטיטעט פון דער דיכטערינס פּנים. פאַר מיר איז אַלץ דאָרטן פאַראַן: דער מומעס פּחד, אויך די קלעמענדיקע שרעק פון דער דיכטערין פאַרן נאַצישן שטן. אָבער די מומע, בעתן פאַרברענען די לידער, האָט נישט געוווּסט, אַז אויסגעוויינטע יידיש־אותיות קאָנען אויך ווערן אותיות־פורחות. זיי קענען קיין מאָל נישט אַוועק מיטן רויך, זיי בלייבן הענגען אין חלל, וואָגלען צוזאַמען מיטן פייגל־געפלאַטער אין אַלע צוגווינטן, ביז זיי פאַלן אַריין צוריק אין האַרצן פונעם פּאָעט, וואָס האָט זיי אויסגעטראָגן. אַזעלכע זענען די לידער פון הדסה רובין — פון „דאָרטן, ווו די ווייטן הייבן זיך אָן". אַ פאַרקלעמטער, פאַרסמטער טרויער שרייט אַרויס מיט אַ שוויגן צווישן אירע שורות. דער עצבות־שלייער פאַרדעקט נישט דעם ביטערן זכרון „פון די ווייטן" און נישט דעם „אומעט פון צעבראָכן־געוואָרענע שטראַלן". אָבער בעת עס בושעווען צוגווינטן אין שטורעם — באַווייזט זיך טייל מאָל אויך די זון; עס שפּראָצט אויף אַ גרינער חלום, אַ פולער מיט האָפענונג, וואָס ברענגט צוריק, דורך דיכטערישער באַגייסטערונג, איר אָפּגעפונענע פּאָעטישע אידענטיטעט:

מיין אויג וווינט אין דעם גרינעם ווינקל,
דאָרטן ווו די ווייטן הייבן זיך אָן.
דעם וועג אַהין — די טויזנט וועגן,
באַדעקן ראַמאַשקעס און ווילדער מאָן.

דעם ווילדן מאָן האָבן אויסגעטראַכט ווינטן.
און אפשר האָט זיי גאָר מיין אויג פאַרזייט,
זיי זאָלן ברענען אויפן וועג צום גרינעם ווינקל,
ווען לעצטע שיין פאַרגייט.

איך וועל אַלץ איינס צו אַט דער גרינקייט טרעפֿן —
איבער מיין וויג איז שוין געהאָנגען איר קאָליר.
כ׳גיי דורך אַנאַנד צו איר, אָן אויפהער
ביי שיין פון דעם לאָמטערן,
וואָס הענגט אין מיר.

(דאָרטן, ז׳ 72)

איר ערשטער דיכטערישער חלום, אין ווידער צוריקגעקומען צו אודנז. דאָס שטראַלנדיקע, אָפענע פנים פון אַ יידישער דיכטערין, וואָס באַלייכט איצט אירע לידער מיט אַ צניעותדיקער, לירישער באַגייסטערונג.

# מלכה חפץ טוזמאַן

## צווישן געדאַנקלעכקייט און לירישער עמאָציאָנעלקייט

וויפל מאָל ס׳קומט אויס צו שרייבן וועגן דער ייִדיש־דיכטונג פון אַ הײנטצייטיקן פּאָעט באַגלייט אונדז תּמיד דאָס וויטיקלעכע געפיל, אַז מיר גייען אַריין אין אַ פאַרזיגלטן, טריבן קרייז פון עצבות, איינזאַמקייט און פאַרשוויגנקייט. אין דאָזיקן פאַרשאָטנטן קרייז זיצט אָפּגעצוימט פון דער וועלט דער זינגער (אָדער זינגערין) און לאָזט אונדז הערן עקשנותדיק דאָס זיסע קול פון דער פאַרשעמטער ייִדישער פּאָעזיע. דאָס דאָזיקע קול פאַרמאָגט, נישט געקוקט אויפן שווערן גורל פון אונדזער ליטעראַטור און אירע שאַפערס, די זעלטנסטע ניואַנסן, די קאָלירפולסטע וואָרצלען און אַלע דערהויבנקייטן פון די ייִדישע אותיות. זיי, די אותיות, רייסן זיך פון זייער פאַרקלעמטקייט און פאַרשוויגנקייט און קערן אונדז אויפסניי צוריק די אמונה אין די נישט־פאַרגייענדיקע כּוחות פון פּאָעטישן וואָרט און זענען אַ גוטע רפואה אינעם געראַנגל פאַר אונדזער ייִדיש שאַפן.

צו די דאָזיקע מחשבות האָבן מיך דאָסמאָל צוריקגעפירט צוויי לידער־זאַמלונגען פון אַ דיכטערין, וואָס לעבט און שאַפט אין דער ווייטער בערקעליי (קאַליפאָרניע) — מלכּה חפץ טוזמאַן. אירע צוויי לעצטע לידער־ביכער („בלעטער פאַלן ניט״, 1972 און „אונטער דיין צייכן״ 1974 —ביידע דערשינען אין פאַרלאַג „ישראל־בוך״) פאַרמאָגן אין זיך קערנדיקע יסודות און ווערטן, וואָס גוטע פּאָעזיע דאַרף האָבן: מענטשלעכן מוט צו זינגען פריידיק אין עצבות, אַ ציזעלירטע עקספּרעסיע פון וואָרט, אַן אינערלעכן ניגון־געוועב, באַגלייט מיט קלוגע רעיונות פון קאָנטעמפּלאַטיווער ליריק.

בעת די דיכטערין וויל מיטן וואָרט צוריק געפינען די וועלט, די וועלט פון איר אַלטעגלעכקייט און אויך די וועלט פון אויסגעלאָשענעם עבר, כדי „מיט ווערטער־ליכטער זוכן די וועלט", איז איר פּאַנג תּמיד עצבות. „איך פּאַרוואַרף די נעץ / אין זיך / און פּאַנג — / עצבות מיין פּאַנג/". אָבער איר פּאַנג איז נישט בלויז די עצבות פון אירע אייגענע דלד אמות, נייערט די עצבות פון אונדזער דור, די זינגעוודיקע עצבות פון דער יידיש־פּאָעזיע, מיט איר חכמה און עלעגישער שיינקייט, וואָס זינגט זיך אין אַזאַ טראַגישער אָפּגעצוימטקייט: „כ׳בין שיין / מיט רויקייט און קלוגשאַפט שיין". דאָס ליד, וואָס די דיכטערן זינגט אין דער פינצטער, איז „געזאַנגיקער געוויין", אָדער „אַ יום־טוב פון שטאַרבן". אין דער אַ געזאַנגיקער שווערער דאַליע איז אויך פאַראַן די אַלט־דורותדיקע פרייד פון יידיש־יצירה, הגם „מיין פרייד האָט דעם טעם פון טרערן". געזאַנג און יום־טוב באַגלייטן די טרער און דאָס פאַרגיין.

אַלע כישופדיקע יידיש־ווערטער, וואָס די דיכטערין מלכּה חפץ טוזמאַן פאַרשרייבט אַזוי שיין און קלוג צווישן אירע פּאַרייאַושטע פיר ווענט, ווערן די איינציקע וואַרעמע פונקען פון אמונה בעת אירע האַרץ־בלאָנדזשעניש: „איך בלאָנקע דורך די פינצטערע שטחים פון מורא". זי זינגט זיי אויס מיט פיל ליבשאַפט, מיט ליכטיקייט און ניגון און מיט דער איינציקער כוונה כדי „זאָלן ווערטער אין דער פינצטער נישט אַליינען".

מלכּה חפץ טוזמאַן איז אַ קאָמפּליצירטע און סענסיטיווע דיכטערין. אינטעלעקטועלע פּינעזיע און קרישטאַליקע ליריק באַהעפטן זיך אין אירע לידער, וואָס זענען ס׳רוב עניוותדיק קורץ, דער זיווג פון אַ פילאָזאָפישער סענטענץ מיט וואַרעמער ליריק זאָגט עדות אויף אַ פּאָעטישן פלוראַליזם פון דענקען און פילן, פון אַ רעאַליטעט, וואָס ווערט ביי דער דיכטערין סימבאָליש דערהויבן און געדאַנקלעך געשמידט מיט די אייביקע סודות צווישן חלום און וואָר. זי שרייבט: „איך ווייס שוין מער נישט וואָס איז וואָר / און ווען מיין חלום ,חלום איז׳". זי פאַרמאָגט אַ זעלטענעם קולטור־חוש פון אויפשטעלן מיט איינצלנע שורות, דורך פּאָעטישער פשטות און ראַפינירטער חריפות פון אינטעלעקט, די שלימות פון אַ

דיכטערישן חלום. פאַראַן ביי איר אַ יונגקייט פון חכמה, געמישט מיט דער הכנעה פון ביטערע נסיונות און אויך אַ יונגקייט פון דיכטערישע עמאָציעס. די קאַפּליצירטקייט ליגט אין איר ליריש־אינטעלעקטועל שכל־הישרדיקער עשירות, מיט וואָס איר וואָרט רעאַגירט. און די אַלע פּאָעטישע רעאַקציעס זענען באַהאַפטן מיט דער פּראָבלעמאַטיק פון אונדזער צייט. אָבער אמשטאַרקסטן זענען זיי פאַרוואָקסן מיט די שטחים פון איר אייגן געפּרוווט לעבן. ווען זי זאָגט: „כ'שווייג־אײַן דעם שטורעם וואָס אין מיר", איז עס נישט בלויז אַן אינדיווידועלער יִיאוש־רוף פון אַ כמעט פאַרגעסענער דיכטערין („ס'זענען די פאַרגעסער / שוין אויך פאַרגעסענע..."), נייערט ער וואַרפט אַ סנאָפּ ליכט אויף דער בייזער שטורעמצייט פאַר דער יִדיש־יצירה בכלל. פון דעסטוועגן האַלט זיך נישט אָפּ די דיכטערין „פון פאַרשרייבן קליינטשיקייטן" וואָרעם: „פאַראַן אַ קוואַל / וואָס ווערט נישט מינער מיטן שעפּן / קוואַליק קוועלט / ביז צום דאַרשט פון מיינע ליפּן". און דער דאָזיקער קוואַל איז גאַרנישט עפּעס אַנדערש ווי די „בלאָע סטאַוון" פון דער יִדיש־יצירה.

מחמת דעם וואָס די דיכטערין פאַרמאָגט אַזאַ ליכטיקע עלאַסטישקייט פון באַוועגן זיך צווישן איר געשמידטער געדאַנקלעכקייט און לירישער עמאָציענעלקייט, שעמט זי זיך נישט צו פאַרשרייבן, אַז זי איז „גאָטס ליכטיקער נאַר", און אַז „גאָט איז גוט צו זיין שמייכלדיקן תּם". זי לעבט איר „קלוגע שווייג־צייט" נישט אָן אַ מין פּנימיותדיקער פאַרשלייערטער רעליגיאָזיטעט. און די אַ רעליגיאָזיטעט איז אויך גאַרנישט עפּעס אַנדערש ווי אַן עכאָ פון איר געיאָמער אין די וויסטע לאַבירינטן פון לעבן. דאָס העלפט איר טייל מאָל אַרויסצוגיין פון אַלע פינצטערנישן און מוראס און אַנטקעגנגיין אַ ניי־אַנטפּלעקטער ליכטיקייט: „איך ווייס נישט דיינע וועגן / אַ זונפאַרגאַנג איז מיר / אַ גאָט־פאַרגאַנג. / ווהין פאַרגייסטו, גאָט? / נעם מיך מיט אויב / אין אָט דער „מיט" / איז ליכטיק, גאָט / איך האָב מורא אין דער פינצטער" /. אָדער: „וווּ זאָל איך / פון דיר זיך באַהאַלטן / אַז אומעטום בין איך / אונטער דיין צייכן".

איר מורא פאַלט אַוועק בעת אַזעלכע תּפילה־פּליסטערייען. אַ דעלירישע שיינקייט פון „חלום־וואָר" רוט אויף אירע לידער פון עלעגישן פאַרשטיין

און פּאָעטישער גאַפונג. איר פּאַליטרע פֿאַרמאָגט אַ דיכטערישע, פּאַרביק־שטילע פֿאַרצווייפלונג, וואָס ברענגט איר איינצייטיק אַ טרייסטנדיקן חסד אין איר שאַפערישער אַליינקייט. אפשר איז דאָס טאַקע דער אַדעקוואַטסטער מאָדעל פונעם מאָדערנעם ייִדיש־פּאָעט: טראַנסצענדענטאַלער שוידער, פאַרשפּיגלט אינעם איראַציאָנעלן ייִדן־חורבן. איר עצבות איז חושימדיק־נאָענט און דאָך עסענציעל־זיס. נישט פֿאַראַן די אויסגעפּוצטע, פּאָעטישע העוויות אָדער דער פּסעוודאָ־נאַציאָנאַלער גרים. אין אירע לידער דאָמינירט די פֿאַרגאַפנדיקע וויבראַציע צו שיינקייט. „איך האָב געגאַפט / און פֿאַר דער שוידערלעכער שיינקייט / די אויגן מיינע האַלב פֿאַרמאַכט". ס'איז כּדאַי צו דערמאָנען, אַז דער גרויסער קריטיקער און דיכטער יעקב גלאַטשטיין האָט געשריבן „פון איר אומגעוויינטלעכן און איינגאַרטיקן טאַלאַנט" (י. גלאַטשטיין: „אויף גרייטע טעמעס", ז' 299). ער, מיט זיינע „ניגונדיקע ליכטער" ווערט איר דיכטער, צו וועמען זי זינגט: „דו יעטער און היטער פון יידיש". פֿאַראַן עפּעס בשותּפותדיקס אין זייער ביידנס חריפותדיקער אינטעלעקטועלער פּאָעטיק: סיי אין דער רעליגיאָזיטעט און סיי אין די דיכטערישע דעפיניציעס. צו שרייבן, למשל: „אַ נאַר איז דער וואָס מיינט / ער האָט פֿאַר אַלץ דאָס ריכטיק וואָרט" אָדער: „ווי אַלע וואָרצלען / טיפסטו / אין שטאָקפינצטער" / — קאָן נאָר דער, וואָס האָט דערקענט די וואָרצלען פון רעליגיאָזיטעט און גלייכצייטיק אויך די שוואַרצע וואָרצלען פון מורא און פינצטערניש.

די צוויי דערמאָנטע זאַמלונגען פון מלכּה חפץ טוזמאַן האָבן אַ גרויסע צאָל זעלטן שיינע לידער, וואָס מען דאַרף זיי לייענען פון א' ביז ת' — און נישט דורך אַמפּוטירטע שורות־ציטאַטן. אַ חוץ די באַהאַנדלטע ביכער איז זי אויך די מחברין פון נאָך 3 לידער־ביכער: „לידער" (1949), „מילד מיין ווילד" (1958) און „שאַטנס פון געדענקען" (1965). פון די אַלע ביז איצט דערשינענע לידער־ביכער באַקומט זיך אַ פולע, אינטערעסאַנטע פּאָעטישע פיזיאָנאָמיע, וואָס לאָזט זיך שוין, לדעתי, דעפינירן אין אירע בולטסטע שטריכן: קלאָרקייט פון זעונג, טהרת לשון־יידיש, אַן אינטעלעקטועלן רייץ פון דער פאַרניגונטער פּאָעטישער מחשבה, וואָס ווערט באַגלייט מיט אַ ווידווידיקן שמייכל פון

עלעגיע און מעלאַנכאָליע. זי איז בצימצומדיק־קאַרג אינעם פערז, וואָס האָט אַן אינעוווייניקסטע לאַדונג פון מוזיקאַלישער ריטמישקייט. ס׳איז גוט אַריינצוגיין צווישן אירע ענגע בויט־שורות, זיך איינצוהערן אינעם לידי־געפּליסטער פון איר עלעגיע און אמונה. די דיכטערישע איינזאַמקייט און ווייבלעכע פאַרצווייפלונג ווערן ניצול דורך איר אינטימער לירִיק און דורכן אייביק־יונגן פייער־קרייז פון ליבשאַפט. נישט זעלטן זעט זי אויך ווי ס׳דערנענטערט זיך דער סוף פון דעם אַ פייער־עיגול: „אַ שטרייפּעלע יונגקייט וועט אַנען דעם סוף / אַ זיילעכל קלוגקייט / וועט שליסן / און שטעלן דעם תיו״ /. אָבער מחמת דעם וואָס די דיכטערין ווייסט אויך, אַז „אַ באַרג מיט יונגקייט / איז די עלטער / פון אַ שאַפערישן דיכטער״ / — פלאַמען־אויף אין דאָזיקן פייער־קרייז זייער אַפט די שיינע פונקען פון פּאָעטישער אַנטפּלעקונג. זיי באַלייכטן און מאַכן אונדז באַענט דאָס יצירהדיקע פאַרמעג פון איינער פון די אינטערע־סאַנטסטע און מאָדערנסטע דיכטערינס אין דער יידישער פּאָעזיע.

---

אַלע ציטאַטן — פון די אויבן דערמאָנטע ביכער.

# דאָרע טייטלבוים:

## אַ דיכטערין אַנטפּלעקט זיך אויפסניי

די ווייטערדיקע באַטראַכטונגען באַציען זיך בעיקר צום לעצט־דערשינענעם לידער בוך פון דאָרע טייטלבוים א. נ. „געזאַנג פון זינקזאַמד דור" *). און דאָס געשעט נישט, חלילה, מחמת דעם וואָס דער דיכטערינס פריערדיקע פּאָעטישע זאַמלונגען, געשאַפן במשך פון אַ גענוג לאַנגער תקופה — זינט 1944 — האָבן נישט זייער אַפּהילך אינעם לעצטן בוך. להיפוך: ווען נישט די פריערדיקע ביכער וואָלט נישט מעגלעך געווען דאָס אַנטשטיין פון איר ניי לידער־בוך, וואָס פאַרמאָגט אַ באַזונדערן פּאָעטישן קלימאַט, אַ מין וויברירנדיקע באַצווינגערישקייט און מחמת דעם דיכטערישן אמת זענען זיי אַנטפּלעקעריש־ביי און אויך עקספּרעסיוו־פריש. אָבער בעיקר ווילט זיך אַריינקוקן אינעם נייעם, נישט־פאַרשלייערטן פּנים פון אַ יידישער דיכטערין, וואָס שעמט זיך מער נישט אויך צו וויינען אין אירע שורות. זי וויינט איר איינזאַם־מענטשלעכע, וייבלעכע און יידישע טרער, ווי ס'איז די אַנגסטיקע טרער פון איר פאַרווירטן און פאַרבלאָנדזשעטן דור. אָט דאָס ניי־אַנטפּלעקטע, אָפּגעהילטע פּאָעטישע פּנים פון דאָרע טייטלבוים, ווו ס'זענען נאָך פאַרקריצט, דאָ און דאָרט, די באַקאַנטע שטריכן פון איר אַמאָליק געזאַנג, פאַרמאָגט אָבער שוין אין זיך אַ גאַר אַנדערע איידעלע געוועב־נעץ, אַ בלענדיקע בייע פאַרב, אַ ליריש־עלעגישן קאָלאָריט און אויך אַ גוטע מאָדעלירונג פון ליכטיקן, יידישן פּאָעטישן וואָרט, וואָס פליסט ביי איר עכט און וואָרעם איבערן גאַנצן בוך.

דעם בולטסטן שטריך פון דאָזיקן לידער־בוך זע איך אין דעם, וואָס

*) דאָרע טייטלבוים: „געזאַנג פון זינקזאַמד דור", פאַרלאַג „ישראל־בוך".

אויף זיינע בלעטער הילכט מער נישט אָפּ די אַ ביסל צו עמאָציאָנעלע פּאַטעטיק, איינגעשפּאַנט אין האַרטע רעטאָרישע שורות, הגם, זיי האָבן דעמאָלט געטריי איבערגעגעבן אַ באַשטימטן מאָדעל פון דעם, וואָס רופט זיך: פּראָגרעסיווע פּאָעזיע. איצט, אינעם נייעם בוך, איז די דיכטערין געקומען מיט איר זעלביקן פּאָעטישן שפּראַך־כלי־זין — אָבער וואָסערער תהום ליגט צווישן איר איצט אויסגעקלאָרטן, ריין־לירישן עמפּינדן און יענער סצענאַריע פון בילד, אימאַזש און לעקסיק, וואָס זענען געווען פּאַרקאָוועט בלויז צו אַ באַשטימטער לעבנס־פילאָזאָפיע. דאָס מיינט נישט, אַז אין איצטיקן בוך איז דאָרע טייטלבוימס פּאָעזיע ווייט פון אַ לעבנס־פילאָזאָפיע. להיפּוך: יעדע עכטע פּאָעזיע איז גלייכצייטיק אויך פילאָזאָפיע. ערשט דאָ אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז די דיכטערין מיט אַ באַזונדערן אינטעלעקטועלן רייץ אין איר מענטשלעכער ווייכקייט. זי גיט אונדז איצט אַזאַ פּאָעזיע, וואָס איז עטיש באַזיניקט און הומאַניש דערהויבן מיט דער שאַרפקייט פון דיכטערישער פינעזיע. צווישן אַמאָל און איצט איז איר פּאָעטישע באַטור דורכגעגאַנגען אַ תהום פון ביטערער מענטשלעכער דערקענטעניש. איך וואָלט געזאָגט, אַז אירע פּאָעטישע שורות זענען געוואָרן געבענשט פון אַ שווער־געפּרוווטער טראַומע און וווּנדיקער אַנטוישונג, מחמת: „אַ וויסטע ווינטערוויזגע / פאַרפראָרן האָט די קנאָספּן פון מיין דור". ווייל ס'איז געווען די תקופה בעת „ביי דער מיל פון צעמאָלענע באַגערן / ווי אַ פערד אַ בלינדער ס'דרייט יעדער זיך / אין ראָד פאַרחתמעטן קרום. / ווי פאַר סטראַשילדע די קראָ, אין פעלד, / איין מענטש זיך פאַר אַ צווייטן שרעקט". / (ז. 10). פון דער אַ זעלישער און אויך אידעישער שרעק, פון דער אַ בלינדער „פאַרחתמעטקייט", איז אַנטשטאַנען די באַפרייטע, נייע מאָס פאַר איר פּאָעטיש וואָרט. און דאָס איז געשען דעמאָלט בעת זי האָט דערזען די „הערצער — וויינקעלערס צעפלאַצטע מיט געוויינען" (ז. 10) און „מיר דוכט אַצינד: איך בין פון גלאָק / די אויסגעפליקטע צונג / מיט קלאַנגען נישט דערקלונגענע / געלעכץ פון נעכט וואָס ציען זיך צו ליכט / און פאַלן ביים טויער פון פאַרטאָג". (ז. 7).

נישט געקוקט אויף דער „מיל פון צעמאָלענע באַגערן", וואָס דרייט

זיך „אין ראָד פון פאַרחתמעטן אַרום", ווו די דיכטערן זעט זיך ווי „פון גלאָק די אויסגעפּליקטע צונג" — האָט דאָרע טייטלבוים דאָך באַוויזן אויפצוהיטן אין זיך דאָס קרישטאָליקע אָנוסים־פייער פון אַ ייִדישער דיכטערין. פון איר פאַרפאַנצערטער שורה האָט געגומען אַרויסטליִען דער פאַרשטויסענער גוטער קערן פון ליריק. איצט איז ער געוואָרן פּאָעטיש־פריי דורך זיין אומגעצוווּנגענקייט און מענטשלעך־וואַרעם אין זיין ווידוי־דיקער אינטימיטעט. זי פאַרשווייגט בישט מער דעם שלוכץ פון אייגענ־בראָכנקייט און מענטשלעכער איינזאַמקייט. אויך איר שרייבערישע האַנט איז מער שוין נישט אַזוי זיגעריש געהויבן אין דער הייך, נייערט זי ליגט פאַרצווייפלט־צעבראָכן אויפן באַפרייטן האַרצן, וואָס נעמט אויף טראַגישער, טיפער, פּאָעטיש־אמתדיקער די וועלט, דעם מענטש און אויך דעם אייגענעם פאַרבלאָנדזשטן איך מיט זיין פאַלן און דערהייבונג. אַזעלכע שורות ווי: „איבער לאַנגע קאָרידאָרן / דעם גרינעם יאוש פון מיין יוגנט געפירט, / נאָר מיין קול / און פּנים / נישט פאַרלאָרן. / ... אַ צאָן איך בין / אַן אויסגעהאַקטער פון מיין דור." אָדער: „גיי אַרום אין זיך אַליין / ווי אין אַ הייל". — דערציילן פון אַ דיכטערינס הייל־וואַנדערונג, פון וואַנען זי איז אַרויס נצחונדיק און מיט באַנייטן גלויבן אין איר פּאָעטישן מעדיום, מהמת: „מיט ווייַ ס'איז פול מיין קרוג". (ז. 13, 15, 16), ביז זי האָט דערזען „פעלדער מיט געווירצן און קרייטעכצער — /ווי אַפּטייקן מיט סודות אין־סופיקע / אַלע מחלות פון לעבן צו היילן". (ז. 25).

אין דער פּאָעזיע איז די ליריק דער סוביעקטיוויסטער אויסדרוק פון דער שאַפערישער נשמה. דאָס מיינט: וואַרעמע אינטימיטעט, ווידווידיקע תפילה, פאַרזיגלטקייט פונעם איינזאַמען געפיל, דער גלי פון די זילבן, דאָס דינע געפּליסטער פון ליבשאַפט און שנאה, גלויבן און כפירה, שטאָלצקייט און געפאַלנקייט, שמייכל און געוויין, האָפענונג און ייִאוש. ביי אַזאַ סענסיטיווער דיכטערין ווי דאָרע טייטלבוים דערהייבן זיי זיך צום עיקר־מאָדעל פון איר וועלט, כדי „אַלע מחלות פון לעבן צו היילן". דאָס בוך איז פול מיט השתפכות־הנפש־ליריק, וואָס פרישט־אָפּ ווי אַ שפריירעגן די צעבראָכענע דאַליע פון אַ פאַרפייניקטן „פייער־דור". מען

וואָלט באַדאַרפט ציטירן גאַנצע לידער, כּדי נישט צו מינערן זייער שלימות, די פאַרביקייט פון וויזיע און דעם קלוגן טייטש פון איר פּערז, וואָס איז קערנדיק און פאַלקסטימלעך־זיס.

פאַר די לעצטע 20 יאָר איז אַ צאָל יידישע פּראָגרעסיווע דיכטער אין דער גאָרער וועלט דורכגעגאַנגען אַן אידעיִשן איבערברוך. דער קלאַפּ איז געווען שטאַרק און טראַומאַטיש־ווונדיק. און ווי יעטוועדע טראַומע האָט זי אויך פאַרלאַנגט אַ טעראַפּיע פון אַ שטילן און שווייגנדיקן חשבון־הנפש, אַזאַ היילונג, וואָס אַנטפּלעקט אויפסניי די וועלט אין איר כּישוף, קלאָרפולקייט און נייע האָריזאָנטן. נישט אַלע פּראָגרעסיווע דיכטערס זענען בייגעשטאַנען דעם נסיון פון אַזאַ אינערלעכער, געדולדיקער גענעזונג. זייער פּאָעטישער אומגעדולד האָט נישט איינעם געפירט צו מכשולים און צו אַ פּאָעטישן מידבר. אָבער דאָס, וואָס איז געשען ביי דאָרע טייטלבוים איז דער ערלעכער אויסדרוק פון אַ זוכנדיקער און בלאָנדזשענדיקער פּאָעטישער נאַטור. זי האָט געהאַט אויסדויער און דיכטערישן געדולד. און געדולד איז דער אייביקער שמידער פון שלימות. איר ליד איז געוואָרן אַנדערש צייטיק, צייטיק מיט דיכטערישער דורכגעלויכטנקייט, מיט אינערלעכער מוזיקאַלישקייט, מיט ווייבלעכן טרויער און רייץ און מיטן אַנטפּלעקטן פּאָעטישן אמת. אָט זינגט זי, למשל, אין ליד „פון אַלע רייד״: „אַלע גרענעצן איך שווים אַריבער / און דיין שאָטן וועך איך. / אַ כוואַליע בלוי דיין געשטאַלט / און ס'גייט דיין בליק אין מיר אַרום / ווי דער פרילינג אין אַ וואַלד״. אָדער אין ליד „לאָמיר שווייגן״: „זאָג, אַצינד מיר גאָרנישט. / ריידן איצט מען טאָר נישט. / שוין אַלץ געזאָגט. אַלץ געטאָן... / קוק מיך שווייגנדיק בלויז אָן / ווי ים דעם ברעג אין צופלוס שעה, — מיט אַלע סודות אויפן דנאָ, / מיך פון פאַלן און פון שטייגן. (ז. 70, 71).

דאָרע טייטלבוימס ניי לידערבוך איז אַ פּריידיקער ווענד־פונקט פון איר פּאָעטישער שורה און פון איר יידיש לשון, וואָס איז פאַלקסטימלעך־קערנדיק. הינטער די לידער שטייט איצט אַ דיכטערין מיט אַן אָפּגעדעקט פּנים און מיט אַן אומרויִק האַרץ צו די פּראָבלעמען פון יידישן „פייער־דור״. ווי פריִער איז זי אויך איצט פאַרוועבט מיט איר ליד אין די

סודות און רעאַליטעט פון ייִדישן קיום. נאָך וועלקן דאָ און דאָרט צווישן אירע לידער די לעצטע טרוקענע בליטן פון אַלטע חרובע גערטנער. אָבער אין די דאָזיקע חרובע גערטנער האָט די דיכטערין באַוויזן אָפּצוהיטן איר אייגן פּיצל ערד, פאַרגאָסן מיט אייגענעם ליכט און פאַרפלאַנצט מיט אייגענעם חלום. פאַר איר דיכטונג איז געווען נייטיק די טעראַפּיע־בריק פון דיכטעריש שווייגן און פון אייַנזאַמער ווידוי. נישט יעדער האָט די אַ בריק געפונען. דאָרע טייטלבוים האָט דעם וועג צו זיך פונעם כאַאָס יאָ געפונען. זי וואַנדערט אויף אים באַרוועס, פאַרהילט מיט אַ גאַר אַנדערן לבוש, מיט אַ געפיל פון אַ מין — כ׳וואָלט געזאָגט — זיגערישן בזיון, וואָס זאָגט: דער בראָך האָט מיך געגעזן. און מיר פילן דעם פּאָעטישן אמת פון אירע אויסגעהיילטע שורות: „אַ ווילדער ווינטן־וואַלד — איך בין / מיט וואָרצלען פון ווירוואַרן. / וואַקסן זיי אין מיר / און מיין ברוסט צעשפּאַרן. / כ׳בין דער זון נאָכגעפאַרן, / נאָר די פרילינגס אויסגעמיטן, / ווו געגעכטיקט נישט געטאָגט, / ווו געזייט נישט געשניטן. / ווי דער נאָכט נישט באַשערט / דעם באַגין צו דעריאָגן.״ (ז. 118).

אָבער דאָרע טייטלבוים האָט יאָ געשניטן פון איר פאַרזיי — פאַרפלאַנצט מיט טרערן און טרערנדיק געשניטן אַ נייעם חלום. איר וואָרט איז יאָ באַשערט געווען אָנצויאָגן דעם באַגין נאָך אַ לאַנגער קאָשמאַריקער נאַכט. זי איז טאַקע אַרויס „מיט וואָרצלען פון ווירוואַרן״, אָבער שוין באַפרייט פון אַלע אַנגסטן און פאַרחתמעטקייטן, איצט קוקט זי אין דער זון מיט אַ שטאָלץ און אויפסניי אַנטפּלעקט דיכטעריש פּנים.

# דאַרשט נאָך המשך און שלימות

## לייזער אייכנראַנד

די וועלט פון אַבסטראַקציע, וואָס איז כּולל אין זיך באַגריפן פון ריינער מחשבה און פון איראַציאָנעלע אידעען, איז תּמיד געווען אַ גוטע עסענץ פאַר דער פּאָעטישער וויזיע אין אַלע ליטעראַטורן. די אַבסטראַקטע, אָדער אינטעלעקטועלע פּאָעזיע, האָט על פּי רוב געוואָרצלט אין אַ נייעם גערענגל פאַר אַ מער שלימותדיקן און מער דיכטערישן אויסדרוק. אויב אין דער ייִדיש־דיכטונג האָט במשך פון תּקופות געהערשט בעיקר דער חותם פון אַ מער ממשותדיק־רעאַל געזאַנג דורך באַנוצן דאָס פּשוטע פאָלקסוואָרט, איז עס געשען, אפשר, מחמת דעם ספּעציפישן סאָציאַלן מצב פון ייִדישן מענטשן אין דעם רוב לענדער, בעיקר אין מזרח־אייראָפּע ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה. און הגם די שאַפערס האָבן דאָ געלעבט, בדרך כּלל, אויפן ראַנד פון רעאַליטעט — איז דאָך די גראָע ייִדישע ווירקלעכקייט אַריינגעדרונגען אין דער פּאָעזיע מיטן געזאַנג פון סאָציאַלן פּראָטעסט און נישט אָן פּאַטאָס, חלום און האָפענונגען. נאָכן חורבן האָבן באַקומען אַ באַרעכטיקונג (אויב פּאָעזיע דאַרף בכלל האָבן אַ היתּר!), גאָר נייע פּאָעטישע קוואַלן — ניי אין נוסח מיט זייער איראַציאָנאַלקייט, דרייסטער וויזיאָנערישקייט און טיף־תּהומיקע חזיונות. די אַפּאָקאַליפּטישע חורבן־נאַכט האָט אומעטום געענערט דעם ייִדישן פּאָעט מיטן סם פון גרויליקן, אומזיניקן טויט, מיטן ביטערן אַש פון ייִאוש און צעפאַלונג נאָך אַלע שווערע נסיונות. די ייִדיש־שאַפערישע האָפענונג איז זיך צעפאַלן אינעם גאָטלאָזן, איראַציאָנאַלן גזר־דין און זי האָט געזוכט אינעם וואָרט אַ נייעם פּאָעטישן אויסדרוק פאַר דער יחידישער און אויך נאַציאָנאַלער פאַרצווייפלונג.

די אויביקע מחשבות באַגלייטן דעם לייענער שוין ביים עפענען דאָס לעצט־דערשינענע לידערבוך פון לייזער אייכנראַנד *). דאָס איז שוין די פיפטע לידער־זאַמלונג פונעם דיכטער — און, הגם זיין שאַפערישע פיזיאָגנאָמיע האָט שוין באַקומען מערווייניק איר כאַראַקטעריסטישן שטריך, — איז דאָך דאָס נייע בוך סיי אַ דערפרייענדיקע באַקרעפטיקונג פונעם פאָעטס אָפּגעגאַנגענעם וועג און סיי אַן ערנסטער אָנשטרענג טיילווייז אָוועקצוגיין, אין אַ גרויסער צאָל לידער, פון זיין ביז איצט אויסגעטראָטענער פּאָעטישער פאָרמולע און דערמיט עפענען אַ ניי קאַפּיטל אין פאָרעם און אין תּוכן, אָבער בעיקר — מיט דער קלאָרקייט פון זיין געצוימטער, וואַרעמער ליריק. איך באַנוץ דאָס וואָרט וואַרעמע, מחמת ביז איצט האָט דאָס רוב לידער אייכנראַנדס געהאַט אין זיך, לפי דעתי, אַ מין קרישטאָלענע, פאַרגליווערטע קילקייט — אָבער גלייכצייטיק נישט אָן אַ מאָדערניסטישן, פּאָעטישן פּלי. אין דאָזיקן נייעם לידער־בוך טרעפן מיר זיך אָן אויף אַ ניי שאַפעריש פייער, וואָס וואַרעמט מיט פשטות און מיט ריינעם לירישן צימצום.

דאָס בוך איז איינגעטיילט אין 9 אָפּטיילן, אָדער ציקלען. דער ערשטער ציקל באַשטייט פונעם איין־איינציקן גרעסערן ליד „געזאַנג צום געזאַנג" און דאָס בוך שליסט זיך אויך מיטן איין־איינציקן ליד פונעם ציקל „געזאַנג פון אַנטפלעך". אין דער־אַ בוך־קאָנסטרוקציע איז שוין פאַראַן דעם דיכטערס פּאָעטישער רמז. אַלע לידער אין די ציקלען זענען געגעבן אָן „קעפּלעך" און עס פעלט אויך די אינהאַלט־פאַרצייכעניש. צי איז דאָס געשען בכיוון — אָדער צוליב אַ טעכנישן פאַרזען? מחמת דעם לייענען זיך די באַזונדערע לידער־ציקלען ווי לענגערע פּאָעמעס און לגמרי נישט ווי באַזונדערע לידער. צו דעם העלפט־צו, אָן ספק, אייכנראַנדס איינהייטלעכער מעטאַפאָר, זיין כאַראַקטעריסטישער אימאַזש און אויך די שטרענגע דיסציפּלין פון זיין פּאָעטישער פאָרעם.

מיט זיין איצטיק בוך לידער עפנט ל. אייכנראַנד אויפסניי פאַר אונדז זיין טריבע פּאָעטישע וועלט, וואָס איז בדרך כּלל דורכגעזאַפּט מיט

*) לייזער אייכנראַנד: „דאָרשט נאָך דויער", לידער, פאַרלאַג י. ל. פּרץ, 1970, 166 ז"ז.

ניהיליזם און מיט טראַגיש־יידישער דערקענטעניש. די שווערע נסיונות ווערן אינדיווידואַליזירט מיט אַ ביזאַרן קלאָריט פון דיכטערס איינזאַמקייט, פון געשלאָגענעם גייסט און פון אַ ייאוש־פולן טויט־קאָמפּלעקס אין אַן אומהיימלעכן האַפּעגונגסלאָזן קלימאַט. אַפּגעצוימט אין זיין טראַנס־צענדענטאַל ליד ווערט דאָס אייביקע שטאַרבן און דער אייביקער האַס אין דער אַבסורדאַלער וועלט זיין אינטימסטע, פּאַעטישע ספּרוזשינע. „דאָס טרערן־בלאָ פון אַלע דורות" ווערט צו אַ טיף־מענטשלעך געוואַלד פאַר „די אויסדערוויילטע תלמידים אין גאָטס חדר" (ז. 75). אין דער־אָ אַבסורדאַלער וועלט פון אַפּגעריסנקייט און פאַרלוירנקייט איז שווער דעם מאָדערנעם דיכטער אַפילו צו באַשטימען דעם אַטריבוט פון גוטס און שלעכטס, זינגט ער אינעם ליד (ז. 116) :

מיר ווערן מיד אין שוויים, וואָס רינט
און טריקנט אויס אין זון און ווינט ;
אין אונדזער בלוט עם מדברט־אויף
דער קאַלטער טויט, דער שטערנלויף
און צייטיקט־אויס דעם בליק אונדז בלינד,
ביז ער צעפאַלט אין וויי־און־ווינד.
פאַרשטיינט פון האַס מיט טעג און נעכט,
ווייס קיינער נישט, וואָס גוט, וואָס שלעכט...

דאַרשט נאָך דויער — נאָך המשך — נאָך אַזאַ דויער וואָס זיינע עלעמענטן זענען דער גזר־דין פון אומאויפהערלעכן שטאַרבן, — זעט מיר אויס צו זיין ביי ל. אייכנראַנד נישט סתם אַ פּאַעטישער מאָדעל און נוסח, נייערט אויך, בעיקר, אַ מענטשלעכע טראַגעדיע פון אַ מאָדערנעם יידישן, פאַראייבזאַמטן שאַפער, אין אַ וועלט פון גלייכגילט, רויב און שנאה. זינגט ער יי׳אושדיק :

„בלינד קוקן די שטערן אויף וועגן אויף קרומע
פון שלאַנגען פון שטומע, וואָס ציען נאָך רויב...
(ז. 52)

אָדער:

...פון די פינגער שלאַנגען ציען
שלאַנגיק־שטיל די בלוטן אויס;
וויקלען זיך אין גאַנג אין פריען —
און דער גאַנג פון טויט ווערט גרויס.

(ז. 51).

נישט געקוקט אויף דעם אָ מינאָרן טאָן — קרייזן דאָך דעם דיכטערס מחשבות און שטרעבונגען צו באַנייונג, צום אייביקן זכּרון פון ייִדישן פאָלקס־גורל... דאָס איז צו זען פון די ביבלישע מאָטיוון אין די ציקלען „שאול" און „פונעם דויער", ווו

דאָס פאָלק, דאָס פאָלק — געקרוינט מיט אַלע זיינע שטראָפן,
פון אָנהייב אינעם זיין צום אָנהייב אָן אַ סופן,
שטייט ווידער ניי, אין איינשטראָם פון דער צייט, פאַרהאַלטן
אין זיך אַליין, אין פייערקרייז פון די געבאָטן...

(ז. 83)

אָן אויסנעם צווישן די לידער־ציקלען זענען די חורבן־לידער „אַש און זכּרון", מיט זייער נאָסטאַלגישער, אינטימער ליריק, בעת דער דיכטער באַקלאָגט זיין אומגעקומענע משפּחה... דאָ זעט ער אויפסניי „...דער מאַמעס שטראַלנדיק געשטאַלט / אויף אירע שמאַלע פינגער / ווערן אַלע רגעס שוואַרצע פּערל / גאָט וויל זי דריאַגן / אינעם וויגט פון אירע תּפילות" (ז. 64). און וועגן טאַטן: „אַ נעסט פון ברכות איז געוועזן זיין געלע באָרד" (ז. 63). די קינה־לידער באַקומען ביי ל. אייכנראַנדן אַ מער קאָנדענסירטע און האַרמאָנישע אבלות. דאָס באַווייזן די אייגענע היים האָט אויך אַ מער ממשותדיקע און רעאַלע געפיל־לאַדונג בעת זייער עקספּרעסיע איז נאַציאָנאַל נענטער ווי דער יִיאוש אין זיינע אינטעלעקטועלע לידער.

פאַראַן ביי ל. אייכנראַנד אַ גרויסע צאָל אימאַזשן, וואָס זעען מיר אויס צו זיין צו פיל אַבסטראַקט און עפּעמעריש. למשל, צי וואָלטן די לידער נישט געווונען אין זייער צימצום, ווען דער דיכטער באַנוצט נישט אַזעלכע פאַרגלייכן ווי: אויף די וועגן פון לעגענדעס; אויף די וועלדער פון זיין חלום; אויף די וועגן פון דיין שכל — און אַנדערע אין דעם נוסח. אָבער די אַלע ציטאַטן פאַרמינערן לחלוטין נישט די פּאַעטישע האָמאָגע־נישקייט פון אייכנראַנדס ליד, וואָרעם די וועלט איז פאַר אים אַ תהום, אַן באַשייד, באַזיניקונג און האָפענונג. שעקספּירס פערז The rest is silence: חזרט זיך איבער אין אַ ליד ווי אַ רעפריין (ז. 57), ווו אַלץ גראַוויטירט צו „דער פאַרשטיינטער רו". און בעת ער זינגט אויס אינעם לעצטן לידציקל (ז. 166) זיינע סטראָפן:

דו פילסט מיך אָן מיט גלי פון ווייטע זונען,
צעהעלסט מיר ווידער מיינע טונקעלע טריט,
און טראָגסט מיך הויך אין רגעם צו געפינען
וואָס פון באַשאַף ליגט אייביק גרוים צעבליט.

(ז. 165)

ווער אין תהומען לעבט — מוז דיך באַרירן
דורך נאַכט און טרויער פון דעם ווייטסטן אָרט,
און מיט דיין שווייגן קענסטו אים דערפירן
צו דעם באַשאַף, וואָס ליגט אין יעדן וואָרט.

(ז. 166)

איז דאָס אַ שיינער אַקאָרד פונעם לידערבוך און איינצייטיק נישט עפּעס אַנדערש ווי דאָרשט נאָך נאַציאָנאַלן דויער און אויך אומגעשטילטער דאָרשט נאָך דיכטערישער שלימות.

## יצחק גאָלדקאָרן:

### פּאָרטרעטן פון אומגעקומענע שרייבערס

פּאַראַן אין אונדזער ליטעראַטור אַ באַשטימטע קאַטעגאָריע פון ביכער, וואָס — נאָך איידער דו עפנסט זיי — ריינגלט דיך שוין אַרום זייער אַטמאָספער, וואָס ווערט באַגלייט פון דיסקרעטער שאַפערישער אינטימיטעט. אַלע גענעטישע יסודות, פון וואָס אַזאַ בוך איז אַנטשטאַנען, ווערן דיר באַלד נאָענט און וואָך. פאַר דיינע אויגן ציט אַדורך די געשילדערטע געשטאַלטן־גאַלעריע מיטן הייסן אָטעם פון לעבן, הגם דאָס פיזישע לעבן פון די געשטאַלטן איז שוין לאַנג אויסגעלאָשן. אממייסטן געשעט דער פאַל מיט יענעם מין עסייען־ביכער, וואָס דערציילן פון אַ תקופה, אין וועלכער דו אַליין ביסט אין איר געווען אַריינגעוועבט, זי דורכגעגאַנגען, בעסער געזאָגט: זי אימפּעטיק דורכגעלאָפן, מיט חלומות פון יונגטלעכן „שטורם און דראַנג" וואָס יעטוועדער שרייבער־דור טראָגט אין זיין בוזעם און וואָס יעטוועדע ליטעראַטור פאַרקריצט זי שפּעטער אין אירע געשיכטע־בלעטער.

נישט ווייניק ביכער אין פאַשידענעם זשאַנר זענען שוין ביז איצט דערשינען וועגן אומגעקומענע גאַנצע יידישע קהילות בעתן לעצטן חורבן. אין די אַ ביכער פאַרנעמט אַ גרויסן טרויעריקן חלק די פאַרשניטענע יידישע גייסטיקייט, צווישן איר — די יידישע ליטעראַטור און קולטור איןביידע שפּראַכן. אָבער אַ בוך, וואָס זאָל זיין אויסשליסלעך געווידמעט אומגעקומענע יידישע שרייבערס בלויז פון אַ באַשטימטער קהילה בעת דער אויסראָטונג־תקופה — איז, דוכט מיר, ביז איצט אַ זעלטענע דערשיינונג. דערפאַר שוין אַליין איז אַזאַ בוך, אפילו פון ריין קולטור־היסטאָרישן אַספּעקט, ווערט באַגריסט צו ווערן.

די דאָזיקע ווערטער האָבן אַ שייכות צום בוך פון יצחק גאָלדקאָרן „לאָדזשער פּאָרטרעטן" — אומגעקומענע יידישע שרייבערס און טיפּן — וואָס איז דערשינען 1963 אין פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב און איז אַרויסגעגאַנגען מיט דער מיטהילף פון יוסף ווינעצקי־פאָנדביים יידישן פּען־קלוב אין ניו־יאָרק.

דער מחבר יצחק גאָלדקאָרן, וועלכער לעבט אין קאַנאַדע, האָט אָנגעהויבן זיינע ליטעראַרישע שריט אַלס דיכטער מיט אַ זאַמלונג לידער „נאָקטורן" (1938). נאָך דער מלחמה זענען דערשינען: „ליטעראַרישע סילועטן" (1949), „לידער" (1950), „עפּיגראַמאַטיש" (1954) און אין פאַרגאַנגענעם יאָר 1963 — צוויי עסייען־ביכער: „פון וועלט־קוואַל" (קליינע עסייען וועגן גרויסע שרייבערס) און דאָס שוין־דערמאָנטע בוך „לאָדזשער פּאָרטרעטן", וואָס מיר באַהאַנדלען איצט.

דאָס בוך איז אַ זאַמלונג פון קורצע, רעליעף־געצייכנטע עסייען וועגן אומגעקומענע אין די היטלער־יאָרן יידישע שרייבערס, וואָס האָבן געלעבט, געשאַפן, געוועזן נע־ונד און דאָך פאַרשיכּורט מיט יידישער יצירה בעת דער תקופה צווישןביידע וועלט־מלחמות אין דער גראָער פאַרפלאָגטער — און דאָך אַזוי רייכער אין גייסטיקייט — אינדוסטריע־שטאָט לאָדזש. פון די 15 פּאָרטרעטן זענען 4 פון באַקאַנטע שרייבערס. וואָס יעדער האָט זיך זיין שטענדער אין דער ליטעראַטור; יצחק קאַצענעלסאָן, משה בראָדערזאָן, ישראל ראַבאָן און מרים אולינאָווער. די איבריקע 11 פּאָרטרעטן זענען וועגן שרייבערס, וואָס זענען פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען אויפן וועג פון דער ליטעראַטור, אַלס דיכטערס אָדער פּראָזאַיקערס. צו זיי געהערן: שמחה בינעם שאַיעוויטש, משה יאָסל סמאָלאַרזש, מישאַ טראַיאַנאָוו, אַלטער האָפמאַן, ישראל טראַנק, ירחמיאל נייבערג, אברהם הערש פלאַקסער, אברהם מרדכי וויינבערג, פייוול גאַרפינקל, מאָטל קאָזלאָווסקי און משה עקשטיין.

דווקא אין די 11 פּאָרטרעטן פון די טאַלאַנטירטע יונגע שרייבערס פילט זיך צום שטאַרקסטן דער עלעגישער טאָן פון י. גאָלדקאָרנס ליטעראַרישן עסיי. זיי זענען אַלע געצייכנט דיסקרעט־דין און טיף־שפּירעוודיק. ס'איז קאָנטיק דער גרויסער טרויער און צער נאָך די יונגע טאַלאַנטירטע

אָנהויבערס וואָס האָבן נאָרוואָס צעשפּרייט זייערע שאָפעריש פליגל. דער פערזענלעך לירישער דיגרעסיע־טאָן מאַכט ברייטער די עסייאיסטישע קאַנווע. יצחק גאָלדקאָרן איז אין זיין עסיי נישט שאַבלאָן־מעסיק. ער איז בצמצומדיק ביים אָרויסהייבן דעם ווייטיק, וואָס ווירקט שטאַרק בפרט אויף דעם, וועלכער קען די דאָזיקע סביבה. דער מחבר, ווי אַ דיכטער און עסייאיסט איז געפאַנגען פון די יונגע שרייבערס „גייסטיקער דערהויבנקייט און אינטעלעקטועלער רייכקייט", וואָס האָט אויסגעשטראַלט פון די נאָבעלע לאָדזשער געשטאַלטן. זיין כוונה ביים שילדערן די פאַרטרעטן איז געווען — ווי ער זאָגט עס אַליין — „צו גיין מיט שטילע טריט צו דער אדמת קודש און טון אַ ליטעראַרישן חסד של אמת... גאָר באַזונדערס — די יונגע ליטעראַרישע שפּראָצונגען, וואָס זענען אויסגעריסן מיטן וואָרצל אין אָנהייב פון זייער שעפערישן בלי".

י. גאָלדקאָרנס עסיי האָט אין זיך לירישע וואָרעמקייט, אל מלא רחמימדיקן צער און אַ סך פּיעטעט פאַרן שרייבער. אויפן פאָן פון די פאַרטרעטן וואַקסט אויס די עפּאָכע פון די דרייסיקער יאָרן אין פּוילן; אַן עפּאָכע, וואָס איז געווען איבערפולט מיט ביטערן גראַנגל און פאַרויס־אָנונגען פון אָנקומענדיקן שטורעם. ס'האָט טאָקע לאַנג נישט געדויערט ווי די גרויסע נאַכט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער יידיש־פּוילן. ווו לאָדזש, די צווייט־גרעסטע שטאָט מיט אַ יידישער באַפעלקערונג און אַזאַ רייכער יידישער גייסטיקייט — איז אַקעגנגעגאַנגען איר אומפאַר־מיידלעכן געחתמעטן גורל.

אַחוץ דעם ליטעראַרישן חסד של אמת, וואָס דער מחבר האָט געטאָן צו די פאַרשניטענע, עפנט דאָס בוך גלייכצייטיק ברייטער פאַרן קומענדיקן היסטאָריקער דאָס קאַפּיטל פון יידישער ליטעראַטור־שאַפונג אין פּוילן בכלל, ערב דער אומקום־תקופה. אַ שאָד וואָס ס'פעלן אין בוך די פאַרטרעטן פון שרייבערס: אלימלך שמולעוויטש, משה בערשטלינג, אלחנן נאַטאַל, אליהו באָרוכין, יעקב בער גיפּס, פּרץ אָפּאָטשינסקי, משה אונגער און פון די העברעישע: ברוך פאַבריקאַנט, אברהם פּיליצער א. א. די אַ אומגעקומענע פעך־מענטשן וואַרטן נאָך אויף זייער ליטעראַרישן חסד של אמת.

פאַר לאָדזשער איז י. גאָלדקאָרנס בוך פון דאָפּלטן ווערט, וואָרעם אַחוץ די שרייבער־פּאָרטרעטן האָט דער מחבר אויך אַריינגענומען אינעם בוך פּאָרטרעטן פון באַקאַנטע לאָדזשער „טיפּן". דאָס זענען אַלץ מענטשן פאַרבלאָנדזשעטע, נע־ונד שיינגייסטער, אינטעלעקטואַלן, פילאָזאָפן, אַנאַרכיסטן, טרוימער, וואָס יעטוועדע גרויס־שטאָטישע קולטור־סביבה איז מיט זיי רייך. געבוג בלויז צו דערמאָנען: דער „לאָדזשער סאָקראַטעס" חיים וואָדניק, הערשל „זוהר", משה מאַנדל, לייב „אַנאַרכיסט" און פיל אַנדערע.

מען פאַרמאַכט דאָס בוך מיט אַ זעלטן געפיל. דאָס איז דאָס צוריק אויפגעוואַכטע געפיל פון יענעם שווער געפּרוווטן שרייבער־דור ערב דער מאַרטיראָלאָגיע־תקופה. אַ דור, וואָס איז אַזוי שווער געפּרוווט געוואָרן און זיין איינציקע רעאַליטעט איז געווען: דער אימפּעט פון זייער שיינעם שאַפערישן חלום.

# חיים-לייב פוקס

## אַ דיכטער פון לאָדזש

דער ליטעראַטור־פאָרשער, און בעיקר דער ליטעראַטור־קריטיקער, וואָס וועט אַ מאָל וועלן געבן אַ גרונטלעכן קווערשניט פון דער ייִדיש־ליטעראַטור, פון איר פּאָעזיע און פּראָזע, וועט נישט קאָנען אויסמיידן איינעם פון די גאָר כאַראַקטעריסטישע און אפשר אויך עמאָציאָנעלסטע קאַפּיטלען אין דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון דער ייִדיש־יצירה: דאָס קאַפּיטל ל אָ ד ז ש אויף אַלע שטאַפּלען פון דער ליטעראַטור־אַנטוויקלונג. שוין היינט איז באַקאַנט, אַז גראָד ווי אַנדערע ייִדישע שטעט, וואָס זענען שפּעטער אַריין אין דער ליטעראַטור־געשיכטע ווי צענטערס פון ייִדישער שאַפונג (נישט בלויז אויפן שטח פון ליטעראַטור) — איז אויך לאָדזש, דאָס אַמאָליקע גרויסע ייִדיש־לאָדזש, מיט אירע אור־קוואַליקע כּוחות פון ייִדישער טראַדיציע, מיטן פייער פון וויבּרירנדיקער פאַלקסטימלעכקייט, מיטן ניגון פון זינגענדיקער אַלטער און יונגער שורשדיקייט, מיטן כּוח פון מעשׂים און תּפילה — אַז דאָס אַ לאָדזש (וואָס איז איצט אַזוי ייִדיש־פאַריתומט און ייִדיש־אויסגעוואָרצלט), איז געווען אַ מאָל אַ זייער פולסירנדיקער יצירה־כּרך — און געהערט שוין איצט צו די יצירה־ריינגען, וואָס האָט אויפגעהאַלטן די קייט פון ייִדישער שאַפערישקייט אַ גאַנצן יאָרהונדערט.

שוין בעת און נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך לאָדזש באַקאַנט געמאַכט מיט ייִדיש־שאַפערס, וואָס האָבן, אונטער דער השפּעה פון קריג און רעוואָלוציע און מיט אַ גרויסער לאָדונג פון ייִדישער עמאָציע און אויפוואַכנדיקע נייע גייסטיקע כּוחות, אָנגעהויבן אַריינצוטראָגן

אין דער ליטעראַטור זייער אייגנאַרטיקן, ספּעציפיש־גרויסשטאָטישן אָטעם, באַגלייט מיט ירושה־אידעען פון 19־טן יאָרהונדערט. אפשר דערפאַר נעמט זיך, אַז די יצירה אין כּרך לאָדזש איז קיין מאָל נישט געווען קיין ריין האַמאָגענע. אין איר האָבן זיך געטראָגן שטורמיקע אָפּהילכן פון מלחמה־ייִאוש און פון נאַציאָנאַלן ייִדן־טרויער, פון סאָציאַלן עלנט און פון מענטשלעכער מרידה קעגן בייז, שנאה און הונגער.

זינגט טאַקע ה. ל. פוקס:

אויף גאַסן פון מיין לאָדזש, אין בלי פון פינפטן יאָר,
מיין בלוט האָט שוין געפּלייצט אין מיט פון פרייען גאַנג,
ווען ס׳האָט געחתמעט זיך דאָס פּנים פון מיין דור —
האָב איך אין יידיש ליד געזונגען זיין געזאַנג...

(ז. 50)

אָט דאָס פּנים פון אַ שטורמיקן דור באַגלייט דעם זינגער־פּייטן פון זיינע ערשטע גייסטיקע דערקענטענישן און איז כאַראַקטעריסטיש נישט בלויז פאַר זיין ליד, נייערט אויך פאַר זיין ריין־מענטשלעכן און נאַציאָנאַלן חלום.

פון מיינע קינדעריאָרן זינגען מיינע בלוטן
לידער פון מרידה און באַנייען.
מיט מיין מאַמעס מילך האָב איך שוין איינגעזויגן
אַ בענקעניש צו זיין אַ מענטש אַ פרייער.

(ז׳ 82)

דווקא אין דעם דאָזיקן כּרך פון נויט, אַרבעטער־עלנט און גראָער האָפנונגלאָזיקייט איז אויך אויפגעשטאַנען אַ פּלעיאַדע זינגערס פון לירישן, קוים הערבאַרן ליד, פון אַ דממה־דקהדיקער פליסטעריי מיט ציטערנדיקע טענער פון תּהילים. אַזעלכע שוין איצט האַלב־פאַרגעסענע פּאָעטישע נעמען ווי: דוד זיטמאַן, חיים קרול און פון אַנדערע ליריקערס,

האָבן דאָס ייִדישע ליד צעטראָגן ווייט איבער די גרענעצן פֿון כּרך לאָדזש. צו די ערשטע זינגערס פֿון דער גרופּע געהערט אויך ה. ל. פֿוקס, איינער פֿון די, וועלכע זענען שאַפֿעריש געוואַקסן אין לאָדזש און יאָרן שפּעטער זײַן ייִדיש וואָרט אויסגעטראָגן און דורכגעטראָגן מיט אַנגסטן און מיט ערלעכער, פּשוטער האַרעוואַניע.

פֿון זײַן ערשט לידערבוך „דורשטיקע לעמער" (1926) ביזן לעצט־דערשינענעם באַנד „די טעג בייגן די קעפּ", ליגט אַ תּקופֿה פֿון טראַגישע ייִדישע גורלות, וואָס האָבן אויך דעם דיכטער געשלאָגן רײַן־מענטשלעך און אַפֿילו געצווונגען די שאַפֿערישע פֿען אַוועקצושליידערן פֿון זיך. און אויב עס זענען געווען שטומע, פֿאַרפּלאָגטע יאָרן אין ה. ל. פֿוקס פּאָעטיש שווייגן, איז דאָך דאָס ליד אין אים פֿאַרבליבן דאָס הייליקסטע, די אינטימיסטע תּפֿילה, די שטענדיקע בענקעניש. פֿאַרן דאַזיקן ליד האָט זײַן אומרו תּמיד געזוכט אַ באַפֿרייונג. ער איז געווען תּמיד דורשטיק, תּמיד אויסגעהונגערט נאָכן ליד, ווי איינער, וועמענס צונג ווערט געשטראָפֿט מיט שווייגן. מען דאַרף נישט אַריינשרייבן אַ טוץ לידער־ביכער כּדי צו ווײַזן זיך אַלס דיכטער. עס גענוגט טייל מאָל איין איינציק ליד. און אינעם לעצטן בוך פֿון ה. ל. פֿוקס זענען פֿאַראַן אַזעלכע לידער, וואָס זאָגן עדות, אַז דער פּאָעט האָט אין זיי באַקומען אַ תּיקון — אַז ערלעכן, פּשוטן, תּפֿילהדיקן תּיקון פֿאַר זײַן לאַנגן פּאָעטישן שווייגן.

**אלוקי,**<br>**גיב מיר צוריק די ווערטער, וואָס זענען אַוועק**<br>**דורך די טעג**<br>**פֿון מיין מויל —**<br>**כ'זאָל נאָך קענען דאַווענען אַ ליד.**

(ז' 7)

דער פּראָצעס פֿון אָנשרייבן אַ ליד איז ביי ה. ל. פֿוקס אַ ריינער אַקט פֿון תּפֿילה. ער דאַוונט אויס זיינע לידער מיט היץ און יראת הכּבוד פֿאַר יעדער זילב און הגם זיינע שורות זענען נישט תּמיד תּפֿילה־זכּהדיק ווערן זיי אָבער אויסגעדאַוונט ווי פֿון אַ בעל־תּפֿילה. דאָס שטערט

לחלוטין נישט צו דערפילן די אוממיטלבאַרע, פּאָעטיש מענטשלעכע ווענדונג פון זיין ליד, ווי ,למשל, אינעם ליד „תּפילה״ (ז׳ 72).

לאָז מיך אויסגיין אין מיין ליד,
דיין שענסטע מתּנה צו מיר,
מיין גאָט!
ווי אַ פאַרנאַכטיקע תּפילה, וואָס זומט זיך אַליין,
זאָל אויסגיין מיין לעבן.
ווייל, וואָס בין איך אָן דיר,
אָן דיין חסד און חן,
אַ טרער —
וואָס האָט נישט צו וועמען צו וויינען איר געוויין,
מיין גאָט!

די ווערטער „אַ טרער, וואָס האָט נישט צו וועמען צו וויינען איר געוויין״ איז עפּעס מער ווי אַ שיינער פּאָעטישער פערז. אין זיי איז פאַרקלעמט אַ גרויסער יידישער טרויער, אַ תּהומיקער צער, אַ דיכטערישע איינזאַמקייט — און גלייכצייטיק די ווידוי נישט בלויז פון אַ יידישן דיכטער אין זיין ליד־בענקעניש, נייערט אויך די גרויליקע ווידוי פונעם אַשוועג־טשים־דור, וואָס האָט נישט צו וועמען צו וויינען זיין געוויין. אינעם בוך „די טעג נייגן די קעפּ״ געפינען זיך אַ סך לידער וואָס זענען פול מיט געוויין, טרערן און זיפצן. נאָר אין תּפילות ביחידות איז מען מסוגל זיי אַרויסצופּליסטערן — און נישט טראַכטן וועגן שירה. בלויז עטלעכע ציטאַטן: „דאָס געוויין פון לייד־יקע שטובן — פּאַרלאָזטע / איז אַריין אין מיר״ (ז. 39). „ווען דו ווערסט טרויעריק, מיין קינד, / און ס׳שווייגן די ליפּן דיינע פאַרשטיינט / ווער איך ווי אַ טאָן פון אַ פידל / וואָס באַוויינט זיך אַליין״ (ז׳ 38). אין דער „באַלאַדע פון מיין אַלטן פּאַלטן״ לייענען מיר צוו. א. : / ...און כ׳וויין מיט אים אין אים אַריין / זיין נישט־געשטילטן ווייל, מיין נישט געווײנט געוויין... (ז׳ 84).

אַמטיפסטן פילט דער דיכטער אָפּ דעם תּהומיקן צער פון „פאַרברענטע גראַמען און סטראָפן״, פון אַלע אָוועקגעגאַנגענע יידישע פּאָעטן און פון

די פאַרגעסענע — „די פרי־פאַרשטומטע ייִדישע פּאָעטן". אפשר דערפאַר וואָס ה. ל. פוקס האָט אַליין טועם געווען דעם ביטערן טעם פון פאַרשטומט זיין אַלס פּאָעט דורך אַ סך יאָרן — איז אין אים אַזוי פריש די ווונד נאָך אַלע פאַרגעסענע, פאַרשוויגענע און פאַרשטומטע.

די פרויען פון אוועקגעגאַנגענע ייִדישע פּאָעטן
טראָגן דעם טרויער פון זייערע מענערס לידער
אין די אויגן.
און פון זייערע דינע ליפּן
ווייִנט אַראָפּ נישט־געשטילטער צער
פון נישט־געשריבענע לידער.

(ז' 17)

ערלעך־אויפריכטיק און טראַגיש־שיין איז דאָס ליד „מיינע לידער זענען נעמען", וואָס איז אָנגעשריבן אויפן פּאָן פון זיין לאַנגיאָריקער אַרבעט ביים לעקסיקאָן פון דער נייער ייִדישער ליטעראַטור. אומצאָליקע נעמען פון ייִדיש־שאַפערס, פאַרלענדטע און פאַרגעסענע, ברענגען דורך ה. ל. פוקס צו אונדז אַ הויך פון אַן אַמאָליק יצירהדיק לעבן אין דער ווייטער און אויך לעצטער תּקופה. אַנשטאָט שרייבן זיין אייגן ליד — איז ער זיך מודה, אַז „מיינע היינטיקע לידער זענען נעמען / פון ייִדישע שרייבער / פאַרגעסן / דורך צייטן און יאָרן" (ז' 20).

פאַרשיידענע מאָטיוון זענען פאַראַן אינעם בוך: ארץ־ישראל, שטילע ליריק, אָפּהילכן פון לעצטן חורבן. אומעטום איז פאַראַן די דינע סטרונע, פון כליפּען איבערן אייגענעם גורל און איבערן פאָלקס־חורבן.

דאָס בוך „די טעג בייגן די קעפּ" איז אַ טרויעריק בוך, וואָרעם אַזאַ איז די תּפילה און דאָס ליד פון אַ דיכטער, וואָס זינגט: „שלאָף איין, מיין הארץ, שלאָף איין / און וואַך נישט אויף. / ווער אַ שטיין, אַ ווילדער פעלדז, וואָס וואַקסט / צו הימלען אַרויף" (ז' 19).

שטוינען און גאַפן — איז תּמיד געווען די פּאָעטישע עמפּינדונג און שפּירעוודיקייט ביי יעדן דיכטער. די וועלט, וואָס דאַרף אַריין אין דער פּאָעזיע, האָט אירע סודותדיקע געזעצן. דער וועג צו איר איז נישט

מיטן דרך המלך, נייערט דורך אָפּגרונטן און לאַבירינטן, וואָס זענען איבערפֿול מיט שטרודלונגען, ווי דער ים. אויך ח. ל. פוקס איז אַדורך אַ סך לאַבירינטן, כּדי ער זאָל קענען זינגען צום ים דיכטעריש־פֿאַרחידושט:

וואָס קאָן איך זאָגן צום ים.
איך פֿאַרשטיי נישט זיין לשון.
איך ווייס נאָר, מיין טאָג גייט אַוועק
ווערט אויף אייביק פֿאַרלאָשן.

אָבער דו, דו ים, בלייבסט ווידער מיט גאָט
ווי אין שעה פֿון ערשטן באַשאַפֿן —
איז וואָסזשע קען איך שוין זאָגן צו דיר —
סיידן בלויז שטוינען און גאַפֿן.

(1969)

„די טעג נייגן די קעפּ״ — לידער, פּאָעמעס און באַלאַדעס — ארויסגעגעבן ביים אַלוו.. ייִד. קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק 1969.

## נח גריס — דער שרייבער-קריטיקער

### צו זיין ווערן אַ בן שבעים

מיין שמועס מיטן שרייבער נח גריס פון פּאַריז איז פאָרגעקומען אין די סוף־יולי־טעג אין אַ קליין פּאַסטאַראַל קוראָרט־שטעטעלע ראַגאַץ, אין דער שווייץ. דאָס אָרט ליגט איינגעקלעמט אין אַ טאָל, צווישן די תּמיד־פאַרשנייטע אַלפּן און איז באַצירט מיטן זאַפטיקן גרין פון וועלדער און באַרגלאַנקעס. דאָס קוראָרט איז טאַקע „גרויס ווי אַ גענעץ״ — אָבער דערפאַר פאַרמאָגט עס אומפאַרגלייכבאַרע אַטריבוטן אויך פאַר שרייבער: אַ זעלטן־גרינע, ווייכע שטילקייט, פאַרחלומט־שוועבנדיקע, דורכזיכטיקע נעפּלען מיט אַ סך זויערשטאָף פאַר די וואָס זוכן דאָ היילונג. ס׳רוב — טוריסטן פון אַלע עקן וועלט, העלפן זיך אַרויס ביים גיין מיט צוויי שטעקנס. אויב מיר האָבן אויסגעקליבן דאָס אָרט איז עס אוודאי געווען מחמת די שוין־דערמאָנטע אייגנשאַפטן, וואָס זענען אויך פאַרן גייסט גראָד אַזוי נייטיק און רעגענערירנדיק לכל הפּחות ווי דער זויערשטאָף פאַר קראַנקע. בעתן שמועס זיצן מיר בײדע ביי אַ שטיינערנעם, כראַפּעוואַטן טיש, אַרומגערינגלט מיט דער גראַנאַטענער וואַלדשטילקייט צופוסנס די אַלפּן. יונגע וועוויאַרקעס — ברוינע און טונקעלע — זוכן, אָן פּחד, פיטערונג פון אונדזערע יידישע הענט. אויך קאַליריקע וואַלד־פייגעלעך אויף די צווייגן הערן זיך הונגעריקע צו — אוודאי נישט אָן חידוש — צו אונדזערע שטילע, יידישע ווערטער.

איך מוז זיך מודה זיין, אַז נישט אַזוי גרינג איז פאַר מיר געווען צו האָבן דעם שמועס מיט ד״ר נח גריס. די סיבה: תּמיד פלעגט פאַלן פון זיין מויל: „איך האַלט זיך נישט פאַר אַ שרייבער — אין בעסטן

פאַל — בין איך בלויז אַ קריטישער לייענער". דעם דאָזיקן אַפּטן רעפריין אינעם מויל פון איצט 70־יעריקן שרייבער — האָב איך נישט אויפגענומען ווי אַן אומאויפריכטיקע עניוות־מטבע, אָדער מאַניער, וואָס וויל פון דיר הערן דווקא דאָס היפּוכדיקע. ד״ר נח גריס איז אַ שטיל־רעדנדיקער און זעלטן־באַשיידענער מענטש. דאָס איז איינע פון זיינע שענסטע שרייבערישע מעלות. פון הינטער די ברילן קוקן אויף דיר זיינע ווייכע יידישע אויגן מיטן גלאַנץ פון טרויער און שטילער חכמה. מיר דוכט זיך, אַז אויך זיינע רייד זענען ווייסע, קלאָרע, אָן יעטוועדן שמץ פון אָרנאַמענטיק.

שוין יאָרן ווי איך פאָלג נאָך די גרויסע צאָל פון זיינע ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען מיט זייער כאַראַקטעריסטישן עסייִסטישן געבוי, קריטישן אַנאַליז און ברייטער אינטערפּרעטאַציע. פון זיינע אַרבעטן האָבן ערגעץ ווו אָפּגעהילכט אין מיר שיינע אַקאָרדן פון אונדזער עסייִסטיש־פּובליציסטישער קריטיק, מיט איר טראַדיציאָנעלער אחריות פאַרן ריינעם יצירהדיקן וואָרט. אָבער — וויפל מיר זאָלן נישט אַליין וועלן באַאורטיילן אַ שרייבער, בלויז אויפן סמך פון זיין פאַרעפנטלעכט וואָרט, פאַרבלייבט דאָך זיין אַרויסגעזאָגט וואָרט דער אָדעקוואַטסטער און מקורותדיקער קוואַל צו דערקענען די שאַפערישע פיזיאָגנאָמיע. איידער מיר וועלן זיך צוהערן צו די אינטערעסאַנטע תשובות פון דאָזיקן נחבא־אל־הכלים־שרייבער, איז כדאי צו דערמאָנען עטלעכע ביאָגראַפישע פּרטים.

נ. גריס איז געבוירן 1902 אין קילקיוו, גאַליציע. אין 1920־21 געפינט ער זיך ווי אַ חלוץ אין א״י ביים שאָסייען און הייזערבוי. ער קערט זיך אָבער צוריק קיין פּוילן, ווו ער שטודירט געשיכטע אויפן קראָקעווער אוניווערסיטעט. בעת די מלחמה־יאָרן — אַ פּליט אין ראַטנפאַרבאַנד. נאָך פּוילנס באַפרייונג קערט ער זיך צוריק און ווערט מיטגרינדער און סעקרעטאַר פון דער צענטער. ייד. היסט. קאָמיסיע אין פּוילן. ערב דעם אויפקום פון מדינת ישראל קומט ער אויפסניי קיין א״י, ווו ער איז באַשעפטיקט אין „על המשמר", שפּעטער אַלס סעקרעטאַר פון „די גאָלדענע קייט". צווישן די יאָרן 1955־63 געפינט זיך שוין נח גריס אין פראַנקרייך אַלס לערער אין פאַריזער פּוילישן ליצײ. זינט 1963 איז ער לייטער פון דער ייִד־העברעישער סעקציע אין דער פראַנצויזישער

נאַציאָנאַל־ביבליאָטעק און גלייכצייטיק אויך אָנפירער פון דער אוניווער־סיטעט־ביבליאָטעק אינעם אינסטיטוט פאַר מזרח־שפּראַכן.

ביז איצט זענען דערשינען זיינע פאָלגנדיקע פּובליקאַציעס: „אַ יאָר אַרבעט פון דער צענטער. ייד. היסט. קאָמיסיע" (1945), „קינדער־מאַרטיראָלאָגיע" (1946), „קינדער באַשולדיקן" (1946), „צווישן פריינד — זכרונות פון ראַטנפּאַרבאַנד" (1953), „די פּוילישע שול אין פּאַריז" (1962), „קאַראַלעגקאַ און די יידן" (1971). דר. נח גריס איז באַטייליקט אין דער ענציקלאָפּעדיאַ יודאַיקאַ (ירושלים 1971), אין דער גרויסער לאַרוס־ענציקלאָפּעדיע א. א. ער איז אַ געוועזענער מיטאַרבעטער פון די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלעטער" און פון אַ גאַנצער ריי טאָג־צייטונגען און פּעריאָדיקעס. אויך האָט ער סטאַביל פאַרעפנטלעכט זיינע אַרבעטן אין אַ ריי פּוילישע פּובליקאַציעס ווי: „פּשעגלאָנד הומאַניסטיטשני", „קוואַר־טאַלניק קלאַסיטשני", „זשיטשע ליטעראַצקע" א. א. ער איז ביז איצט אַן אַקטיווער מיטאַרבעטער פון: „ייוואָ־בלעטער", „די גאָלדענע קייט", „צוקונפט", „ישראל־שטימע", „מבפנים", „על המשמר". ער איז איניציאַטאָר פון די „פּאַריזער העפטן" און גרינדער־מיטאַרבעטער פון „אויפסניי". אין סך הכל — אַ פּרוכטבאַרער שרייבער מיט עטלעכע הונדערט פאַרעפנטלעכטע קריטישע אָפּהאַנדלונגען (אַ חוץ די שוין דערמאָנטע ביכער) וועגן ליטעראַטור־און קולטור־פּראָבלעמען אין די שפּראַכן: יידיש, העברעיש, פּויליש, פראַנצויזיש, רוסיש.

לאָמיר זיך איצט צוהערן צו די אינטערעסאַנטע תשובות אויף די געשטעלטע פראַגעס.

— איך האָב שוין פון לאַנג, פריינד גריס, געזוכט אַ געלעגנהייט מיט אייך צו שמועסן וועגן אייער שרייבערישער טעטיקייט. די לעצטע יאָרן טרעפט מען אַלץ אָפטער אייער נאָמען נישט בלויז אין יידישע און העברעישע צייטשריפטן, נאָר אויך אין אַנדערע שפּראַכן. ווי אַזוי קומט איר, וועלכער איז באַקאַנט בעיקר פונעם בוך „קינדער־מאַרטיראָלאָגיע" צום שרייבן קריטישע אָפּהאַנדלונגען און זיך אָפּרופן אויף יעדן כּמעט דערשינענעם בוך אין יידישע שפּראַכן?

— איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך דריק זיך אויס לייכטער אין

שריפט ווי אין גערעדטן וואָרט. איך האַלט, אַז אַרויסזאָגן אַ קריטיש וואָרט איבער אַ בוך אָדער ליטעראַטור־געשעעניש, איז אַ נאַטירלעכע קולטור־דערשיינונג. היות ווי כ׳האָב ליב ביכער — און בעיקר גוטע ליטעראַטור — דרינגט שוין ממילא אַרויס דער ווילן צו אַ שרייבערישן אָפּרוף. דער אופן ווי אַזוי זיך אויסצודריקן — איז שוין אַן ענין פון סוביעקטיוון טעמפּעראַמענט, אָדער טאַלאַנט. אמת, מיין ערשט בוך איז טאַקע געווען אַ דאָקומענטאַציע־זאַמלונג וועגן דער מאַרטיראָלאָגיע פון יידישן קינד בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, אָבער אַ ליטעראַריש ווערק איז פאַר מיר פערזענלעך אומגעוויינטלעך אַזוי הייליק ווי יעדע גרויסע הומאַניסטישע טאַט. דער שילדערונג־כּוח, די שיינקייט פון די אַרויסגעגעבראַכטע מחשבות, די היסטאָריש־געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען — זיי זענען דער מאַגישער כּוח, וואָס צווינגט מיר צו רעאַגירן עפנטלעך אין שריפט.

— פאַר וואָס איז אייער קריטיש וואָרט ביז איצט — אויב כ׳מאַך נישט קיין טעות — געווידמעט בלויז פּראָזע־שאַפונגען? צי וויל עס זאָגן, אַז פּאָעזיע רעדט נישט צו אייך?

— פּאָעזיע רעדט צו מיר אויך מיט אירע סודות און וויזיאָנערישקייט — אָבער נאָר גוטע און ערלעכע דיכטונג. ס׳איז מיר שוין אויסגעקומען צו שרייבן וועגן דיכטונג אויך — אָבער ווייניק. אפשר נעמט זיך עס דערפון וואָס אַ ליד — אפילו דאָס בעסטע אָדער דאָס ערגסטע, — איז אַן אויסדרוק פון אַן אינטים־סוביעקטיוון מצב, אין וועלכן דער קריטיקער האָט נישט קיין רעכט (כ׳מיין עס אין ברייטערן עטישן זין) זיך אריינצומישן, בעת פּראָזע פאַרמאָגט שוין אַ מער געזעלשאַפטלעך־סאָציאַלע פונקציע, וואָס לאָזט זיך דורך דער קריטיק פאַרשיידנאַרטיק אינטערפּרעטירן.

— אָבער מיר שיינט, אַז אויך דיכטונג האָט איר געזעלשאַפטלעכע פונקציע גראָד ווי פּראָזע. צי איז עס נישט ביי אייך גיכער אַ ריין־סוביעקטיווער צוגאַנג מחמת אייער היסטאָריש־פּעדאַגאָגישער אויסבילדונג?

— מעגלעך, אַז דאָס איז די סיבה. ס׳זענען אָבער דאָך פאַראַן פּאָעטישע ווערק, וואָס פאַרמאָגן אַ סאָציאַלע און היסטאָרישע קאַנווע.

אַזאַ דיכטונג האָט מיך תמיד געריישט — און וועגן אַזעלכע האָב איך געשריבן. זייער שפּראַך־מוזיקאַלישקייט, די וואַרעם־מענטשלעכע ליריק, דער השתּפכות־הנפש גיט זיי צו חן און קינסטלערישע דויערהאַפטיקייט. אָבער דער וואָרט־צימצום אין פּאָעזיע, וואָס איז, ווי מיר ווייסן, איר ערשטער דיכטערישער געבאָט, איז אויך איינצייטיק אַ באַריערע פאַר דער רעאַליסטישער פּראָבלעמאַטיק גופא. מיך באַשעפטיקן בעיקר היסטאָרישע, סאָציאַלע פּראָבלעמען, דעם מענטשנס אַלטעגלעך געראַנגל און גורל. די דאָזיקע אידעען ווערן, לדעתי, לייכטער פאָרמירט אין דער פּראָזע ווי אין דער פּאָעזיע.

— צו וועלכער שול וואָלט איר פאַררעכנט אייער שרייבמעטאָד? כ׳וויל דערמיט זאָגן: צי זעט איר זיך ווי אַ נאָכגייער, אָדער וויטערשפּינער פון אונדזער אָפיציעלער ליטעראַטור־קריטיק, אָדער אייער שרייב־נוסח איז מער געניייגט צום עסיי — אַזוי ווי ער האָט באַקומען, למשל, זיין אויסדרוק ביי אַזעלכע עסייִסטן ווי: גלאַטשטיין, מינקאָוו, טאַבאַטשניק, ביקל א. א..

— מיך ווונדערט אַ ביסל צו הערן וועגן מיין „שרייבמעטאָד" און אויך צו הערן אויסגערעכנט מיין נאָמען נאָך די באַרימטע נעמען אין דער ייִדישער עסייִסטיק. כ׳ווייס נישט צי יעדעס קריטיש־געשריבענע וואָרט איז בכלל מחויב צו האָבן אַ שול אָדער ריכטונג, איך פּערזענלעך האַלט זיך נישט ווי אַ צוגעהעריקער צו אַ וועלכער עס איז קריטישער שול. דאָס דאַרף מען איבערלאָזן פאַר דער ליטעראַטור־געשיכטע, וואָס מאַכט תמיד איר סעלעקציע און גערעכטן אָפּקלייב. איך בין פול מיט פּיעטעט פאַר אַזעלכע קריטיקערס ווי: בעל מחשבות, ניגער, מוקדוני, טאַבאַשניק, גלאַטשטיין, ריבקין און אַנדערע. אָבער זאָגן, אַז כ׳בין זייערס אַ נאָכגייער, אָדער וויטערשפּינער — וואָלט געווען איבערגעטריבן. איינער פון די גרעסטע שונאים פון דער ליטעראַטור און אויך פון דער קריטיק איז די גוזמא. כ׳אַנטלויף פון דעם ווי אַ שד פאַר ווייַרויך. יעדער שרייבער־קריטיקער דאַרף זיך אַליין זען אין דער געהעריקער פּערספּעקטיוו און אויך קענען זיינע גרענעצן.

— איר לעבט אין פראַנקרייך שוין בערך אַ צוויי צענדליק יאָר. ווי

איז אייער בליק אויף דער צוקונפט פון ייִדיש און ייִדיש־שאַפן אין דער גאַרער וועלט ?

— ס׳איז זינלאָז צו זאָגן נביאות. שפּראַכן און פעלקער האָבן זיך זייער דאַליע. ס׳איז שווער פאָרויסצוזען די צוקונפט פון ייִדיש־לשון. ווי פון יעדער נאַציאָנאַלער קולטור־דערשיינונג איז עס אָפּהענגיק פון פיל גורמים. איך דערמאָן זיך אַ בריוו־אויסטויש צווישן ניגערן און לייוויקן וועגן דעם ענין. כ׳געדענק די ווערטער כּמעט בעל־פּה, ווייל זיי זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר ניגערס היסטאָריאָזאָפישע באַטראַכטונגען וועגן „ייִדיש־אונטערגאַנג״, אין וועלכן ער גלייבט נישט, פּשוט דערפאַר, ווייל „מיר זענען שוין אונטערגעגאַנגען״. איצט לעבן מיר אין עולם התוהו, ווו מען קען אָפּלעבן אַן אייביקייט... אונדזער „געשטאָרבן־זיין״ — דאָס איז אונדזער סוד הקיום. זאָלן מיר זיך צונויפקלייבן אין „אייגן לאַנד״ וועלן מיר אין הונדערט יאָר אַרום זיין נישט צו דערקענען. איצט זענען מיר אַ לעגענדע, אַ מיטאָס... עס איז נאָך נישט געענדיקט. ווער ווייסט וויפל דורות וועלן זיך מייִאש־זיין און... האָפן״. פאַרגעסט נישט, אַז די דאָזיקע ווערטער זענען געשריבן מיט 51 יאָר צוריק. מיר רוכט זיך, אַז זיי זענען נאָך הײַנט אַקטועל.

— ווער זענען אייערע באַליבטע שאַפערס אין דער וועלט־ליטעראַטור און אויך אין דער ייִדישער און העברעיִשער ליטעראַטור ?

— שווער צו ענטפערן. ווען איך וואָלט אַלץ געהאַט געלייענט — וואָלט איך אפשר געקאָנט האָבן אַ מיינונג. איצט איז מיר בלויז מעגלעך צו זאָגן וועלכע שרייבער האָבן אין אַ באַשטימטער תקופה פון מיין לעבן געמאַכט אויף מיר דעם גרעסטן איינדרוק. דאָס זענען געוועזן: דאָסטאָ־יעווסקי, גאָרקי, באַבעל, איבסען, שיללער, יוסף חיים ברענער, דויד בערגלסאָן, אַש, אָפּאַטאָשו. פון די הײַנטיקע בעלי־יצירה זענען מיר נאָענט די, וואָס שפּינען ווייטער די שיינע טראַדיציע פון אונדזער ליטעראַטור איןביידע נאַציאָנאַלע שפּראַכן. די ייִדיש־שאַפערס האָבן זיך מיט גאָרנישט נישט צו שעמען אַקעגן די גרויסע ליטעראַטורן אין אַנדערע שפּראַכן.

— צי האַלט איר אייער קריטיש וואָרט אַלס אַן אויסדרוק פון אַן

אינערלעך־שאַפערישן דראַנג — אָדער איז עס ביי אייך אַ פּראָצעס, וואָס

— זיכער איז עס אַ פּראָצעס פון דערוואָרבענער קולטור פלוס דרינגט אַרויס פון אייער ברייטער קולטור־באַזע ?

שאַפערישער דראַנג. צווישן שאַפערישן דראַנג און קולטור־באַזע איז תמיד צו געפינען דעם בשותפותדיקן גורם, וואָס געשטאַלטיקייט די וועלט פון שרייבער. און קריטיק געהערט דאָך אויך צו ליטעראַרישער יצירה. אויב זי איז נאָר אָנרעגנדיק־שאַפעריש, גרייכט זי אין די פאַרהווילנסטע איך־קעמערלעך פונעם שרייבנדיקן מענטשן.

— ווי איז אייער באַציונג צו דער יצירה פון דער חורבן־תקופה ?

— די אַזוי גערופענע „חורבן־ליטעראַטור" טייל איך איין אין צוויי קאַטעגאָריעס : קינסטלערישע און דאָקומענטאַציע. די ערשטע אונטערליגט די אַלגעמיינע ליטעראַטור־כּללים, בלויז דער סוזשעט אין איר איז אויס־נעמלעך־טראַגיש ; די דאָקומענטאַלע פאַרצייכענונגען פונעם חורבן און אויך די יזכּור־ביכער — נישט געקוקט אויף זייער אומגלייכן ניוואָ — גיבן אויך אַ בילד פון אונדזער פאָלקס־אומגליק אין פיל אַספּעקטן. ס׳וועט אייך אפשר אינטערעסירן דער פאַקט, אַז איך האָב אין דער פאַריזער נאַצ. ביבליאָטעק געשאַפן אין קאַטאַלאָג פון די יידיש־העברעישע ביכער אויך אַ ספּעציעלע רובריק „יזכּור" ווו ס׳געפינען זיך שוין בעמען פון הונדערטער חרובע יידישע ישובים אין מזרח־אייראָפּע.

— ווי אַ היסטאָריקער און פּעדאַגאָג — וועלכע טעמאַטיק איז אייך אַמנאָענטסטן אין דער יידישער און העברעישער ליטעראַטור ?

— אַלץ איז מיר נאָענט — אויב ס׳איז גוטע ליטעראַטור. מיך אינטערעסירט נישט די טעמאַטיק נאָר די קינסטלערישע רעאַליזירונג, דער „ווי אַזוי". מען קען די שענסטע טעמע פאַרפלאַכן. מאַכן באַנאַל — און די באַנאַלסטע געשעעניש קען מען דערהייבן צו אַ קינסטלערישן סימבאָל. אוודאי זענען באַשטימטע ווערק פאַר מיר, ווי פאַר אַ היסטאָריקער, נעענטער. דאָס מיינט נישט, אַז כ׳האָב זיך אויפגעשטעלט אַ צוים. אויב דער „ווי אַזוי" פונעם בוך איז רעאַליסטיש, קינסטלעריש־אמת און הומאַניסטיש — איז עס שוין פאַר מיר ליטעראַטור אין בעסטן זין פון וואָרט.

— וואָס האָט אייך געשטויסן אַרויסצוגעבן לעצטענס אין פראַנצויזיש אייער פּובליקאַציע „קאַראַלענקאָ און די ייִדן״ ?

— דעם אָנרעג האָב איך באַקומען פון אַ פראַנצויזישן פּראָפעסאָר (נישט קיין ייִד). ער האָט זיך געוווּנדערט וואָס, הגם ייִדן פאַרנעמען אַ וויכטיק אָרט אין קאָראָלענקאָס לעבן און שאַפן, איז די טעמע כּמעט ווי נישט באַרירט געוואָרן. כ׳האָב לכתּחילה אָנגעשריבן אַן אַרטיקל פאַר אַ פראַנצויזישן זשורנאַל. דער רעדאַקטאָר האָט מיר פאָרגעשלאָגן די טעמע אויסצובּרייטערן, כּדי די לייענער זאָלן בעסער פאַרשטיין דעם הינטערגרונט פון קאָראָלעקאָס ליט. געזעלשאַפטלעך לעבן. הײַנט צו טאָג, בעת ס׳זענען שוין באַקאַנט אַ סך נעמען פון די חסידי אומות העולם, וואָס האָבן זייער לעבן איינגעשטעלט פאַר אונדז אין דער אומקום־תּקופה — דאַרף מען אויך נישט פאַרגעסן יענע שרייבערס, וואָס האָבן מיט זייער לעבן און ווערק באַוויזן זייער הויכן הומאַניזם און ממילא אויך געקעמפט פאַר אויסבעסערן די שווערע דאָליע פון ייִדישן פאָלק.

— איר האָט אַוודאי ליטעראַרישע פּלענער אויף להבא ?

—מיך לאָקן עטלעכע טעמעס. איינע פון זיי : די „יזכּור־ביכער״. זיי זענען אַ דערגאַנצנדיק בילד פון אונדזער טראַגישסטער תּקופה. אויך אין זיי — ווי אין דער קינסטלערישער חורבן־ליטעראַטור — אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז דער ייִדישער אָפּטימיזם, אונדזער נאַציאָנאַלער העראָיִזם און ווידערשטאַנד־כּוח אין דער טיפסטער פינצטערניש. דאָס זענען אַלץ אַזעלכע וויטאַלע כּוחות, וואָס זענען נייטיק דעם פאָלק פאַר זײַן בעסערן, שענערן און ווייטערדיקן קיום.

— אַ דאַנק אייך, פרײַנד גריס, פאַר אייערע אויפריכטיקע, שיינע ווערטער. כ׳ווינטש אייך אריכות ימים און אַ סך שאַפערישע יאָרן.

*

בעת דער שמועס האָט זיך פאַרענדיקט, גייען מיר ביידע פון וואַלד אַרויס. פון די אַלפּן פאַלט פּאַוואָליע אַ מילדע, בלאַלעכע אָוונט־דעמערונג. אונטער אונדזערע טריט שאַרכן שטיל די דראָבנע, צעשיטע קיזלשטיינדעלעך. נישט ווייט פון סטעזשקעלע פּליסטערט זיין עלעגיש, אָוונטיק געפּרעפּל אַ פאַרבאַהאַלטן וואַסערל. די לאַנגע ביימער־שאָטנס שפּינען זיך פאַר

אונדזערע פּיס. צווישן זייערע שאָטנס ליגן נאָך די לעצטע ליכט־פלעקן
פון דער זון. איר לעצט פייער לעשט זיך הינטערן העכסטן אַלפּנשפּיץ.
און דאָ, אויפן שמאָלן סטעזשקעלע, אינעם שווייצער וואַלד, זענען נאָך
לאַנג געהאַנגען איבער מיר די ציזעלירט־אָפּגעהיטענע רייד פון אַ ייִדישן
שרייבער. מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך הער זיי, די רייד, אויפסניי אינעם
עלעגישן געפּליסטער פונעם פאַרבאַרגענעם וואַלדשטראָמל — די רייד פון
אַן איינזאַמען שרייבער, וואָס זענען דורכגעקלאָרט מיט אַ סך אינערלעך,
נאָסטאַלגיש ליכט. אפשר קומט דאָס ליכט פון דער אונטערגייענדיקער זון
און אפשר־גאָר — פון די ליכט פלעקן פאַר אונדזערע פיס אין דאָזיקן
פרעמדן, וואַלדיקן בין־השמשות?

יולי, 1972

## מרדכי חלמיש: „מכאן ומקרוב"

### (אַנטאָלאָגיע פון יידישער פּראָזע אין א"י, „ספרית פועלים")

ס'איז אָן ספק אַ פריידּ — און אַ זעלטענע פריידּ — און אויך אַ כבוד, — אַ כבוד קודם כל פאַר דער יידיש־ליטעראַטור, פאַר איר לשון, וואָס שטייט אין געראַנגל פאַר המשכדיקייט און קיום — און ס'איז אַ פריידּ — אָפּצומערקן און אפשר גאָר צו יומטובן, דאָס דערשיינען פון אַזאַ ווערק ווי ס'איז די אַנטאָלאָגיע פון יידישער פּראָזע און דערציילּ־קונסט אין דער העברעישער איבערזעצונג — „מכאן ומקרוב". די דאָזיקע אַנטאָלאָגיע, וואָס איז געוואָרן צוגעטראָגן דורך „ספרית פועלים" און מרדכי חלמיש, איר דערשיינען — באַגרענעצט זיך נישט בלויז צו דער פריידּ פונעם יידיש־שרייבער און פון די אַרויסגעבער. איך זע אין דער אַנטאָלאָגיע עפּעס מער, עפּעס אַזויגס, וואָס גייט אַריבער די גרענעץ פון אונדזערע געווייגטלעכע שאַפערישע מעשים. איך זע עס קודם כל מחמת בראשיתדיקייט פון דעם מין — און אויך מחמת איר היקף. בראשית־דיקייט און היקף, די דאָזיקע צוויי באַגריפן זענען אַזוי געראָטן אויך אַריינגעגלידערט געוואָרן אינעם נאָמען פון דער אַנטאָלאָגיע — „מכאן ומקרוב": — כאן — בראשיתדיקייט, מקרוב — היקף — און טאַקע דערפאַר וואָלט זיך געדאַרפט אפשר זאָגן אין שייכות מיט דער אַ נישט־טעגלעכער געשעעניש, אַז ס'איז ביי אַלעמען פאַראַן אַ געפיל פון פריידּ, פון שאַפערישן נצחון. וואָרעם די אַ געשעעניש, וואָס נעמט אַרום ביידע לשונות, סיי יידיש און סיי העברעיש, האָט אונדז אויפסניי צוריק־געפירט צום איינאייגציקן נאַציאָנאַלן יצירה־בוים, וואָס שטייט פאַר אונדז צעוואַקסן מיט זיינע צוויי באַזונדערע, בלי‌ענדיקע צווייגן. איך ווייס נישט ווי ביי

ווען — נאָר ביי מיר האָט די אַנטאָלאָגיע פון יידישער פּראָזע אין העברעיִש אויפסנייִ אַרויסגערופן דאָס אַלט־יונגע געפיל פון אונדזער געמיינזאַמען יידישן קולטור־גורל, פון דער בשותּפותדיקער דאַליע פון יידיש און העברעיִש, דער דאַליע פון צוויי שפּראַכן און איין ליטעראַטור, אַ פּראָצעס, וואָס ציט זיך מיט עליות און ירידות, מיט דערהייבונג און זינקונג, זינט עטלעכע דורות אין דער צוויי־שפּראַכיקייט פון אונדזער קולטור.

לאָמיר אויף אַ רגע זיך קלאָר מאַכן:

די אַנטוויקלונג פון דער יידישער און העברעיִשער ליטעראַטור, זייער גאַנג אין די לעצטע דורות, ווייזט אונדז קלאָר, אַז די צוויי ליטעראַטורן האָבן אין זיך גאָרנישט פון דעם, וואָס מיר זאָלן קאָנען אָנרופן קעגנזייטיקער, אידעיִשער געראַנגל אָדער סתּירהדיקע נאַציאָנאַלע צילן. דאָס מיינט נישט, אַז די שאַפעריש־קינסטלערישע כּוחות, אין דיביידע לשונות טראָגן נישט אין זיך זייער אייגנאַרט און באַזונדערקייט, זייערע אייגענע מקורות־זאַפּטן און די באַזונדערע קאַנוועס, סטילן, געשטאַלטן, אַטמאָספערן — אַלץ אָפּהענגיק פון די עלעמענטן: אָרט, צייט און מאַטעריע. אָבער דאָס, וואָס איז פאַר אונדז איצט דער עיקר, איצט, בעת מיר פייערן דאָס דערשיינען פון דער אַנטאָלאָגיע, איז דער אמת, וואָס מען קאָן אים נישט פאַרלייקענען, אַז סיי אינעם מאָדערנעם העברעיִשן שאַפונגוואָרט און סיי אין דער יידיש־יצירה — און לאַוו־דווקא אין זייער מאָדערנעם אויסדרוק — ליגט תּמיד דער זעלביקער ציל: אַרויסצוהייבן אונדזער שאַפערישע, נאַציאָנאַלע אידענטיטעט. אונדזער יידיש פּנים — מכּאן ומקרוב. מען וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז ביידע ליטעראַטורן האָבן געשאַפן אויפן שטח פון דורות די איינהייט, דעם מאַגיזם פון אונדזער גייסטיקן קיום. מען קאָן זאָגן, אַז ביידע שאַפערישע קוואַלן שטרעבן צו איין מאָניסטישן ליטעראַטור־סינטעז, צום זעלביקן יצירה־אויסדרוק מיט דער הילף פון די זעלביקע אותיות. ביידע ליטעראַטורן זענען פאַר אונדז אַ טרייע געשיכטע פון אַלע סאָציאַלע, מעטאַפיזישע און פּסיכישע טרייב־כּוחות. אַלע נצחונות און מפּלות פון אונדזער פאָלק, פון זיין פאַלן און אויפשטייען, פון זיין חלום און ביטערער רעאַליטעט

אין יעדער תּקופה — זענען פאַרקריצט אויף די בלעטער פון דיביידע ליטעראַטורן. אַנגעהויבן פון דער הויכער דיכטקונסט פון ר׳ יהודה הלוי און שלמה איבן גבירול, איבער די מאָנומענטאַלע געשטאַלטיקונגען פון מענדעלע, שלום עליכם און פּרץ, שלום אַש און עגנון, ברענער און בערגעלסאָן — ביז צו די דיכטער־גיגאַנטן ביאַליק און לייוויק, טשערני־כאָווסקי און מאַרקיש און הונדערטער שעפערס — פּאָעטן, עפּיקערס און עסייִסטן אין ביידע ליטעראַטורן — זיי אַלע זענען דאָך בלויז די אויסשטראַלונג פונעם זעלביקן ליכט־קערן, פונעם זעלביקן גענױס, וואָס זיין נאָמען איז: אונדזער גייסטיקע בשותּפותדיקע ביאָגראַפיע, אונדזער געמיינזאַמע אידעיִשע אידענטיטעט און אינטימיטעט.

וואָלטן די דאָזיקע ביידע באַגריפן: גייסטיקע ביאָגראַפיע און אידעיִשע אידענטיטעט נישט געדינט די אַרויסגעבערס פון דער אַנטאָלאָגיע ווי אַ ליכט אין זייער עיקרדיקער מידה און מאָס, אין זייער מחשבה צו שאַפן דאָס אַ ווערק, וואָלטן מיר אפשר נאָך היינט נישט געהאַט פאַר זיך דאָס אַ באַדייטנדיקע און ווערטפולע בוך. וויל איך דאָ ספּעציעל אונטערשטרייכן, אַז דווקא מחמת די אַ באַגריפן, מחמת דעם אַלטן אמת, וואָס די אַרויסגעבערס האָבן אין זיך געטראָגן, אַז יידיש האָט ווי אַ שפּראַך דורך דורות אויפגעהאַלטן אין זיך דעם נאַציאָנאַלן חוט־השדרה, אַז איר ליטעראַטור האָט אַזוי פיל צוגעטראָגן צום פאָלקס־רענעסאַנס, אַז די יידיש־קוואַלן האָבן אונדז געשטאַרקט און געשיצט פון גייסטיקער און נאַציאָנאַלער אַטראָפּיע — טאָקע מחמת די אַ גורמים האָבן מיר איצט פאַר זיך די אַנטאָלאָגיע. זי באַזיגלט בלויז און פאַרסכהכלט די אַלע אמתן, וואָס מיר אַלע טראָגן זיי אין זיך.

אין דער הקדמה צו דער אַנטאָלאָגיע זאָגט מרדכי חלמיש, צווישן אַנדערן, אַז „דער ציל פון דער אַנטאָלאָגיע איז צו געבן דעם העברעיִש־לייענער (און בעיקר דעם ייִנגערן דור) וואָס לייענט נישט קיין יידיש, אַן אָפּקלייב פון פּראָזע אין דער דאָזיקער שפּראַך, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן אין לאַנד און אין מדינת־ישראל, פונעם אָנהייב פון אונדזער יאָרהונדערט ביז די לעצטע יאָרן״. איך שטרייך אונטער די ווערטער „פון אָנהייב פון אונדזער יאָרהונדערט ביז די לעצטע יאָרן״. מיט דער

אַקצענטירונג פונעם צייטפּעריאָד — בין איך אויסן צו זאָגן, אַז דער צונויפשטעלער פון דער אַנטאָלאָגיע האָט דאָ, ווי מיר דוכט זיך, צניעותדיק און נישט אָן באַשיידנקייט פאַרשמעלערט דעם היסטאָרישן שטח, פון וואַנען דאָס יידיש־שאַפן איז אַרויסגעוואַקסן די לעצטע צוויי דורות. איך מיין, אַז יצירה אַליין מיינט — המשכדיקייט. המשכדיקייט פון דער פאָלקס־נשמה. המשך פונעם אורשפּרונג. נישטאָ קיין אמתע יצירה, וואָס רייסט איבער מיט איר שורש. יעדעס פּנים איז — ירושה, מכּל שכּן — דאָס גייסטיקע פּנים. יעדע גוטע, קינסטלערישע יצירה איז די ביאָגראַפיע פון אונדזער נאַציאָנאַלער באַשערטקייט. אויך די יצירות, וואָס זענען אַריין אין דער אַנטאָלאָגיע, ציען זיך אָן אַ שיעור ווייטער און טיפער — אין זיין היסטאָרישן שטח ווי בלויז „מראשית המאה ועד ימינו". יעדעס יידיש־שאַפן ציט זיך פונעם ברענענדיקן סנה אין מדבר ביז איבער די ברענענדיקע קאַלכאויוונס אין אונדזער מדבּרדיקן דור. און דערפאַר דוכט זיך מיר — האָט די דאָזיקע אַנטאָלאָגיע מיט אירע ווערק, געשאַפענע במשך די לעצטע 70 יאָר — אַ פּיל מער היסטאָרישן היקף. זיי זענען נישט בלויז מכּאן ומקרוב — נאָר מכּאן, מקרוב ומרחוק. די יצירות אין דער אַנטאָלאָגיע, אויף וויפל זיי זענען טיף־יידיש און קינסטלעריש עכט, טראָגן זיי אין זיך די פייערן פון צעבראָכענע רעגנבויגנס אויף אונדזער יידישן הימל, זיי טראָגן אויך אין זיך דעם טיפסטן אויפברויז פון פאַרבאָרגענע אור־וואַסערן, וואָס שפּיגלען־אָפּ מיט ליכט און שאָטן דאָס פּנים פון אונדזער נאַציאָנאַלער יצירה.

דער פאַרלאַג „ספרית פּועלים" האָט מיט דער אַנטאָלאָגיע רעאַליזירט דעם סיום פון אַ נישט־דורכשניטלעכן אַקט. דאָס איז אַ באַדייטנדיקע קולטור־געשעעניש, פון תּוכיקער קולטור־וויכטיקייט, וואָס צילט צו דערנענטערן ביידע ליטעראַטורן און זייערע שאַפערס. בדרך כּלל באַקומען אַזעלכע געשעענישן זייער גרינטלעכע אָפּשאַצונג און אויך נאַציאָנאַלן פּשט — ערשט אין לויף פון יאָרן, טיילמאָל גאָר נאָכן אָפּגאַנג פון אַ דור. דער גורל פון אַנטאָלאָגיעס איז טייל מאָל ענלעך צום גורל פון אַ קינסטלעריש בוך. ערשט די צייט — זי מאַכט פאַר אונדז רייף די אַלע סגולות, וואָס דאָס ווערק טראָגט אין זיך ווי אַ נאַציאָנאַל־שאַפערישע טאַט.

כדי די אַ טאָט צו רעאַליזירן, כּדי אונדז געבן אַזאַ פּובליקאַציע, זי אויסצוטראָגן און זי שלימותדיק צו פאַרענדיקן — האָט מען געדאַרפט האָבן אַן עקשנותדיקן גלויבן, אַ לויטערע אמונה, וואָס לאָזט זיך בישט דערשיטערן דורך די כּלערליי רייסנדיקע ווינטן, דורך דעם בייזן האָגל, וואָס פאַלט טייל מאָל אויף אונדזערע אייגנאַמע יידיש-פעלדער. מען האָט געדאַרפט דאָס אַלץ דורכטראָגן מיט אַ סך שאַפעריש געדולד — דורכטראָגן די אַלע ספקות פון די ווימלענדיקע שוואַרצזעער, זיין טויב צו די איוב-רייד פון די כּלערליי קלאָגווייבער, כּדי צו האַלטן אין זיך וואָך און פריש די וויטאַליטעט (און אפשר אויך די קדושה) פון יידיש-לשון — כּדי די שאַפונגען צוצוטראָגן, באַשיצט און אָפּגעהיטן, צו די יונגע ישראל-דורות. און די דאָזיקע אַרבעט איז געטאָן געוואָרן דורך מרדכי חלמיש, דורך ספרית פּועלים, וואָס האָבן אַזוי אָרום מאַניפעסטירט אַן עטישע פליכט, אַ שטאָלצע זאָרג פאַר יידיש און איר ליטעראַטור. די דאָזיקע מאַניפעסטאַציע איז אפשר די אַממייסטן פריינטלעכסטע אויסגעשטרעקטע האַנט מצד העברעיש-לשון צום יידישן שרייבער פאַר די לעצטע 70 יאָר. דאָס איז אַ מאַניפעסטאַציע נישט בלויז פון פאַסיוון גוטן ווילן, פון אַ קאָנקרעטער ממשותדיקער, יצירהדיקער טאָט פאַרן יידישן שרייבער, פאַר זיין ווייטערדיקן וועג, ווו ער זוכט די באַגייסטערונג פאַר זיין יצירה מכּאן, מקרוב און אויך מרחוק.

אין די פּראָזע-טעקסטן פון די 65 באַטייליקטע מחברים איז זיכער פאַראַן אַן אויטענטישער סימן פון שאַפערישער מסורה, פון אַ מקורותדיקער פאַרבונדנקייט, הגם דאָס קומט צום אויסדרוק אין די פאַרשיידענע סטילן און שרייבערישע טעמפּעראַמענטן. אַ פיל-קאָלירקייט פון פּייסאַזשען, אַ רייכע געשטאַלטלעכקייט פון די אַרויסגעפירטע טיפּן און העלדן, וואָס ראַנגלען זיך אין די פינצטערנישן פון אונדזער יאַרהונדערט, אין קלעם פון אַפּאָקאַליפּטישן חורבן — ביז זיי ווערן אַרויסגעפירט נאָך די שווערסטע יידישע נסיונות, צו אַן אייגן פיצל היימלאַנד. די נעמען יהואש און תלוש, אנוכי און י. ד. בערקאָוויטש, דוד פּינסקי און שלום אַש, זלמן שניאור און אליעזר שטיינמאַן — און די צענדליקער, צענדליקער יורשים זייערע — פון עלטערן, מיטעלן און פון יינגערן דור — זיי אַלע באַווייזן, אַז

ס׳איז קיין מאָל נישט אויסגעגאַנגען דער יצירהדיקער פלאַם פון דער ייִדיש־פעדער, אַז ס׳האָט זיך אויך קיין מאָל נישט איבערגעריסן איר פאַרקנסונג מיטן פאָלקס־גורל דורך אַלע דורות ביז היינט־צו־טאָג.

אַזאַ אַ ספר ווי די דאָזיקע אַנטאָלאָגיע וואָלט אפשר געדאַרפט דערשיינען מיט יאָרן צוריק. אָבער גראָד ווי קיין שום שרייבער לעבט נישט בלויז אויסשליסלעך אין זיין היסטאָריש־ליטעראַרישן חלל, נאָר איז אַ רינגעלע פון אַ לאַנגער ירושה־קייט פון נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע און אַלגעמיין־מענטשלעכע געשעענישן, אַזוי איז אויך מיט פובליקאַציעס פון דעם מין, זי קומט איצט צו מאַניפעסטירן אַ ווענדונג, וואָס פאַרבינדט און קערט־אום אויפסניי דאָס לויז־געוואָרענע ייִדיש־רינגעלע צו אונדזער קולטור־ירושה. ס׳איז קלאָר, אַז מיר דאַרפן נישט דערוואַרטן קיין קולטור־רעוואָלוציעס אין אונדזערע ליטעראַרישע סביבות נאָכן דערשיינען פון דער אַנטאָלאָגיע. וואָרעם ווען האָבן עס ליטעראַטור־געשעענישן יאָ אַרויסגערופן רעוואָלוציעס ? מען וועט אָבער נישט קאָנען נעגירן די קולטור־וויכטיקייט, די אָפּרישנדיקייט פון דער דאָזיקער געשעעניש, דעם צוריקגאַנג צו די אַלע אמתן וועגן דער צווייִשפּראַכיקייט פון אייִן ליטעראַטור, אַזוי ווי עס האָבן עס פאַרשטאַנען אַ מאָל בעל־מחשבות, און מענדעלע, שלום־עליכם און ביאַליק.

די אַנטאָלאָגיע „מכאן ומקרוב" מוז אַרויסרופן דרך־ארץ ביי יעדן קולטור־מענטש און לייענער שוין מחמת דער ריזיקער גייסטיקער ענערגיע, וואָס זי שטעלט מיט זיך פאָר. די גרויסע צאָל שרייבער — און איבערזעצער — האָבן אויפגעשטעלט אַ קאָלעקטיוון בנין פון שאַפערישן וואָרט. אָבער די עיקר־אַרבעט, די אחריות פאַרן מאַטעריאַל־אָפּקלייב, דער בוי, די אידעע און די פאַרווירקלעכונג פון דעם אַלץ — איז געלעגן אין די הענט פון מרדכי חלמיש. ער האָט עס געטאָן לויט זיין בעסטן וויסן און אויך ליטעראַרישן געוויסן. מרדכי חלמיש, ווי דער רעדאַקטאָר־צונויפשטעלער פון דער אַנטאָלאָגיע, האָט זיך אויך אוודאי אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז ער טראָגט אַריין, דאָס ערשטע מאָל איז דער ליטעראַטור־געשיכטע, אַ ווערק פון אַזאַ פאַרנעם, אַ ווערק, וואָס וועט אַרויסרופן אַ קריטישן אָפּהילך נישט בלויז לגבי די צענדליקער מיטבאַטייליקטע

שרייבערס נאָר אויך לגבי דער האַנט, וואָס האָט דאָס אַלץ אויף אַזאַ און נישט אַנדערן אופן, מיט מי און זאָרג, צוגעטראָגן דעם העברעיִש־לייענער.

ס'איז קלאָר אַז אַ קריטישער אַנאַליז פונעם מאַטעריאַל און אַן אָפּשאַצונג וועגן זיין באַטייט פאַר דער העברעיִש־ליטעראַטור — גייען אַרויס פונעם גדר פון מיינע איצטיקע באַמערקונגען. ס'איז אויך שווער איצט, אויף דער הייסער מינוט, נאָך פאַרן גרינטלעכן באַקענען זיך מיטן גאַנצן מאַטעריאַל, אויך צו זאָגן אויף וויפל ס'איז אויפגעהאַלטן געוואָרן אין דער אַנטאָלאָגיע אַ באַשטימטע מאָס פון דיסציפּלין בנוגע דעם איבערגעזעצטן מאַטעריאַל. איך ווייס אויך נישט צי פאַרן ציל, וואָס עס האָבן געהאַט פאַר זיך די אַרויסגעבערס פון דער אַנטאָלאָגיע, איז בכלל געוועזן נייטיק אַ שטרענגע סעלעקציע. דאָס איז שוין אַן ענין פאַר דער העברעיִשער און אויך פאַר דער יידישער קריטיק, וואָס וועט דאָס טאָן. וואָס עס זאָל נישט זיין דאָס קריטישע וואָרט וועגן די פאַרעפנטלעכטע יצירות (און לאָמיר האָפן, אַז דער מאַטעריאַל וועט באַקומען זיין ערלעכע און ריכטיקע אָפּשאַצונג פון ביידע צדדים), וועט די קריטיק איינצייטיק אָבער נישט קאָנען אַדורכגיין דעם עצם פאַקט, די וואָגיקע, אחריותפולע טאַט, וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן מיט אַ סך שרייבערישן פייער און ליבשאַפט דורך ספרית פּועלים. די אַנטאָלאָגיע איז פיל, פיל מער ווי אַ ריין־קאָמפּילאַטיווע אַרבעט. אַזאַ טאַט — ווי ס'איז די אַנטאָלאָגיע — איז אַ שיינע, מאָראַלישע דערהייבונג פונעם שאַפערישן וואָרט אין יידיש. דורך איר וועט דער העברעיִש־לייענער דערקענען אַלע שיינע יידיש־וואָרצלען, אַלע לאַנדשאַפטן און געשטאַלטן, וואָס זענען מער נישטאָ — און אויך די נייע יידיש־וועלטן וואָס ראַנגלען זיך פאַר דערהייבנדיקע און מאָראַלישע ווערטן, פאַר דער שיינקייט און אידעיִשקייט, אַזוי ווי זיי זענען תמיד געקומען צום אויסדרוק אין אונדזערע ביידע ליטעראַטורן.

ס'איז מעגלעך — ווי ס'געשעט אָפט מיט אַנטאָלאָגיעס, אַז ס'זענען אַדורכגעלאָזט געוואָרן נעמען פון שרייבערס, וואָס האָבן יאָ געדאַרפט אַריינגיין אין אַזאַ אַנטאָלאָגיע. אויף איין נאָמען דערלויבט מיר אויף אַ רגע זיך אָפּצושטעלן. איך מיין: די פאַרשטאָרבענע שרייבערין רקודה

פאַטאַש. אמת, ביז צו איר טויט האָט זי אין בוכפאָרעם נאָר פאַרעפנטלעכט לידער. אָבער די לעצטע יאָרן האָט זי מיט אַ סך ליכט, מיט עכטער פאַרב און אָריגינעלקייט אויסגעשילדערט יידן־טיפּן און געשטאַלטן פון אַלט־ און ניי־ירושלים. דאָס איז פאַר דער שרייבערין געווען אַ נייער, זייער געלונגענער (לויט מיין מיינונג) ליטעראַרישער זשאַנער, און ס׳איז אַ שאָד וואָס איר נאָמען געפינט זיך נישט אין דער אַנטאָלאָגיע.

דאָס געביט פון אַנטאָלאָגיעס פון יידיש־לשון אין דער העברעיִשער ליטעראַטור איז געווען ביז איצט אַ נישט־גענוג פאַראַקערט פעלד... אַ שטייניקער, איינזאַמער וועג. כדי צו גיין אויף דעם דאָזיקן וועג, וואָס ס׳האָבן אויסגעקליבן מרדכי חלמיש און ספרית פועלים, האָט מען באַדאַרפט האָבן נישט בלויז שרייבערישן מוט און אויסדויער, נאָר אויך ליבשאַפט, אחריות און איבערגעגעבנקייט צו אַ טאַט, וואָס קאָן אָפּגעשאַצט ווערן נאָר מיט דער טאַט גופא. מרדכי חלמיש איז געגאַנגען אויף דעם דאָזיקן שווערן וועג און אויף דעם אַ וועג האָט ער אויפגעשטעלט אַ ווירדיקע, שיינע אכסניה. דאָס איז זיין גרויסער פאַרדינסט. מיט זיין געזונטן חוש פאַר יידיש־העברעיִשע קולטור־פּערספּעקטיוון האָט ער אַריינגעפירט אין דער אכסניה פיל שאַפערישע האַב־און־גוטס פון לשון יידיש. און אַט האָבן מיר פאַר זיך, אַ דאַנק אים, איבערגעגאָסן אינעם העברעיִשן בעכער די וואָכעדיקע טרערן און אויך דעם שבתדיקן וויין פון יידישן פּראָזע־שרייבער. מרדכי חלמיש האָט מיט דער אַנטאָלאָגיע מאַניפעסטירט זיין שרייבערישן מוט, זיין גלויבן, זיין כבוד און ליבשאַפט צום געשאַפענעם וואָרט אין יידיש.

(עסיי געלייענט אין יידישן שרייבער־פאַראיין אויפן אָוונט לכבוד דעם דערשיינען פון דער אַנטאָלאָגיע.)

ישעיהו שפּיגל

# די אויטאָביאָגראַפיע פון ייאוש

## (וועגן זש. פּ. סאַרטרס „ווערטער")

אויפן סמך פון אויטאָביאָגראַפישע ווערק, וואָס ווערן צוגעטראָגן דורך גרויסע שרייבערס, איז פאַר אונדז מעגלעך נישט בלויז אַריינצוגיין אין דער פאַרצוימט־סוביעקטיווער וועלט פונעם שאַפער, צו זען די רויע מאַטעריע, וואָס וועט שפּעטער זיין ליים און ציגל פאַר זיין שרייבערישער פערזענלעכקייט, נאָר מיר זענען עדות פון אַ רעסטאַווראַציע און באַלעבונג פון אַן עפּאָכע, וואָס איז שוין לגמרי פאַרגאַנגענהייט. פון יענע היסטאָרישע מעשים מיט אַלע טונקלענישן און ליכטיקייטן פון פאַרגאַנגענעם דור. מען וואָלט אפשר געקאָנט זאָגן, אַז בעצם איז יעדעס גרויס עפּיש ווערק (און אפשר אויך דאָס מינדסטע ליד) אַ פעלד פון אויטאָביאָגראַפישע פּאָטענצן אין דעם זין, וואָס דעם שאַפערס ערשטע וועלט־עמפּפינדונגען — פון זיין קינדהייט און יוגנט — זענען די דעטערמינירטע יסודות, די ראַם און די גרענעצן, וואָס באַשטימען דעם שאַפערס שפּעטערדיקע באַציִונג צו דער וועלט און צו דער קונסט.

אין פיל אויטאָביאָגראַפישע ווערק זענען רעאַליטעט און אוטאָפּיע אַזוי שטאַרק צוזאַמענגעוועבט, אַז ס'איז שווער פונאַנדערצושיידן — אַפילו פאַרן שאַפער גופא — וואָס איז געווען אַ מאָל „אמתע" רעאַליטעט און וואָס איז געוואָרן בלויז אוטאָפּישע שילדערונג — אַ נישט־רעאַלער אָפּשיין פון יענע געשעענישן און מעשים, וואָס באַקומען צוריק, מיטן כּוח פונעם שאַפערס פעדער, די כּלומרשט פאַרשווונדענע רעאַליטעט.

איינע פון די לעצט דערשינענע אויטאָביאָגראַפיעס, וואָס האָבן דערשיטערט די ליטעראַטור־וועלט מיט איר גרויזאַמקייט און גרענעצלאָזן

יִיאוש, וואָס דער שרייבער טראָגט אין זיך ביז עקסטרעמער האָפענונגלאָזקייט, אכזריות און אומגלויבן אין אַלע לעבנסווערטן (אַפילו פון זיין אייגענער פּען גופא) — איז דאָס מאָנומענטאַלע בוך פון זשאַן פּאָל סאַרטר — דאָס אויטאָביאָגראַפישע ווערק „ווערטער". דאָס בוך האָט אַרויסגערופן אומצאָליקע וויכּוחים און אַנאַליזן, וואָס רירן אָן די טיפסטע היינטצייטיקע ליטעראַטור־פּראָבלעמען. דעם שרייבערס שאַפערישן עול, זיין פּאַרבלאָנדזשעטן רוף אינעם געזעלשאַפטלעכן תּוהו ובוהו, פון סאָציאָלאָגישן און פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט האָבן מיר אין דער דאָזיקער אויטאָביאָגראַפיע אַ מין היינטצייטיקע, דערשיטערנדיקע רוסאָ־ אָדער טאָלסטאָי־ווידוי. זשאַן פּאָל סאַרטר שטעלט זיך נישט אָפּ צו ווייזן דעם תּהום פונעם שרייבערס אינטימער מחשבה, זיינע מכשולים, מפּלות און פאַרלוירנקייט אין דער קעגנוואַרט, וואָס האָט פאַר אים, ווי פאַר אַ שאַפער, (לאָמיר צוגעבן: פון גרויסע קינסטלערישע און פילאָזאָפישע פּאָטענצן), גאָרנישט נישט צו ביטן אַזוינס, וואָס זאָל אים מאַכן גליקלעכער, האָפענונגפולער און לייכטער דאָס מענטשלעכע לעבן. פונעם פראַנצויז סאַרטר ביזן טשעכיש־יִידישן קאַפקאַ ציט זיך די זעלביקע ליניע פון זייער וועלטבליק. דאָס איז נישט די האָפענונגפולע הימל־ליניע, וואָס שפּילט פאַר אונדז דאָס אייביקע, טראַגיש־שיינע שפּיל פון זונפאַרגאַנג און זונאויפגאַנג — און בעיקר נישט פון אמונה, אַז מאָרגן וועט די זון אויפגיין מיט ליכטיקערע בשורות פאַר אַלע מענטשן. דאָס איז די פינצטערע ליניע פון אַן אויסגעלאָשענעם הימל־תּהום, וווּ ס'איז בלויז אָפן די טיר צום גיהנום — די כאַאָטישע, צעלאָזע, פאַרצווייפלטע, אַבסורדאַלע, אייביקע עקזיסטענץ.

סאַרטרס קינדהייט איז נישט געווען אַ קינדהייט פון דחקות, ווי ס'טרעפט אָפט ביי די גרויסע. להיפּוך: אַלע זיינע קינדער־יאָרן זענען געווען באַגלייט מיט מאַטעריעלער שפע. גאָר פרי האָט ער אין זיך איינגעזאַפּט שייכע ליטעראַטור — די עסטעטישע וועלט, וואָס איז פריי פון געראַנגל פאַרן קיום. אויך האָט זייער פרי אין אים געריפט די פילאָזאָפישע אָבסערוואַציע, די אַנאַליטישע און קריטישע מחשבה. געשטויסן פונעם יוגנטלעכן שווונג און פון הונגער נאָך אַ האַרמאָניש לעבנסגעפיל. דער דאָזיקער עטישער הונגער און די מאַטעריעלע שפע

האָבן אים (גראַד ווי אַ צווייטן גרויסן שריפטשטעלער — מאַרסעל פּרוסט) — געפירט צו זוכן דעם זין פון מענטשלעכן לעבן אין „געיעג נאָך דער פאַרלוירענער צייט”. לויט דער פילאָזאָפיע פון סאַרטר קומט דער מענטש אויף אַ וועלט, וואָס איז פול מיט אַבסורדן, פאַרוויקלטע סתירות און אומזיניקייטן, ווו ס׳איז נישט פאַראַן די מינדסטע לאָגישע געזעצמעסיקייט פון גוטס אָדער שלעכטס. וואָרעם אַלץ, וואָס געשעט — געשעט, לויט סאַרטר, אין אַ וועלט פון פאַרנעפּלונג, פון אייביקע רעטענישן און דעטערמינירטער אויסגאַנגלאָזיקייט, וואָס איז פאַרזיגלט מיטן בלינדן גורל.

ס׳איז נישט שווער אויסצוגעפינען די געגעזע פון אַזאַ טראַגישער וועלט־אַנשויונג ביי איינעם פון די באַדייטנדיקסטע היינטצייטיקע שרייבער־פילאָזאָפן. זיין עקסטרעמע עקזיסטענציאַליסטישע פילאָזאָפיע ציט זיכער אירע ביטערע וואָרצלען — אַחוץ פון ריין־סוביעקטיווע נטיות — אויך פון מער ראַציאָנעלע רעגיאָנען, פון אַ מער רעאַלער ווירקלעכקייט. פון יענער אומגליקלעכער תקופה פון פראַנצויזישן פאָלק, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער מפּלה אין 1940, מיטן זיג פון היטלעריזם. פיר יאָר איז דער דור פון זשאַן פּאָל סאַרטר (געב. 1905) געשטאַנען אַנטקעגן אַ וועלט, וואָס האָט צעשמעטערט אַלע חלומות און אַלע לוחות פון הומאַניזם. וואָס אַזוינס האָט געמיינט קולטור, עטיק, אמונה אין מענטש און גאָט — אַנטקעגן דער רציחהדיקער פויסט פון היטלעריזם? דער הומאַניזם איז אַראָפּ אין אונטער־ערד, אָדער לחלוטין פאַרשווונדן. ווי ווייט עס איז אַוועק דער געפּרעדיקטער הומאַניזם פון אַ ראָמען ראָלאַן, טאָמאַס מאַן און אַנרי באַרביס! דער נייער הומאַניזם האָט געפאָדערט טאָט, רויען אכזריותדיקן ווידערשטאַנד קעגן שלעכטס. דאָס האָט געמוזט זיין אַזאַ ווידערשטאַנד, וואָס זאָל אומקערן דעם פאַרצווייפלטן מענטשן זיין גלויבן אינעם זין פון מענטשלעכן לעבן אויף דער ערד.

דער אויטאָביאָגראַפישער ראָמאַן „ווערטער” איז פאַרן שרייבער זשאַן פּאָל סאַרטר גופא גיכער אַן אַקט פון פילאָזאָפישער מעדיטאַציע און אַ פּרוּוו צו באַשיידן זיין אייגענע לעבנס־באַרעכטערונג, איידער שאַפן — אין אַ קינסטלערישער ראַם — אַ וועלט־אַנשויונג, וואָס זאָל

זיין אַנגעמבאַר אין אונדזערע טעג. ווען סאַרטר קלאָגט פאַרצווייפלט: „שרייבן — פאַר וועמען? פאַר גאָט? פאַר מענטשן? — כ׳האָב געשריבן בלויז פאַר זיך...״ און אויף אַ צווייט אָרט: „איך ווייס נישט וואָס צו טאָן מיט מיין לעבן...״ זענען דאָס רייד, וואָס קומען, אָן ספק, פון אייגענעם יאוש — אָבער דאָך אין אַ וועלט, וואָס שטייט דערוווייטערט פון יעדער הומאַנער, עטישער טאָט און ביים ראַנד פון האַפנונגלאָזיקייט. צי איז עס געגאַנגען סאַרטערן בלויז צוריק אויפצושטעלן זיין קינדער־וועלט, יענע עפּאָכע, וואָס פאַרפלאָנצט די ערשטע וואָרצלען פון באַוווסטזיין? זיין יצירה־אינטערפּרעטאַציע וויל אונדז לערנען, אַז די קונסט איז בלויז אַ זאַמדיקער מדבר פון הוילע, נאַקעטע ווערטער, אָן דער לאָדונג פון אומשטאַרביקייט און געטלעכקייט. בלויז ווערטער, ווערטער, ווערטער... אָבער דאָס, וואָס סאַרטר האָט דערגרייכט מיט זיין אויטאָביאָגראַפיש ווערק „ווערטער״, זענען נישט סתם ווערטער פון אַנעמיע, טרייסטלאָזיקייט און פינצטערניש. דאָס איז אַ טראַגישער רוף פון אַ פאַרשעמטער תקופה, וואָס האָט אויפסניי געמאַכט וואָך אַלע יסורים און בלאָנדזשענישן ביי אַ גרויסן גייסט. און הגם דער אַ מאַנענדיקער און וואַכנדיקער גייסט פון זשאַן פּאָל סאַרטר רעדט צו אונדז מיט טיפסטן יאוש און אומגלויבן, בלייבט עס פונדעסטוועגן בלויז אַ פּראַגמענטאַרישער אויסדרוק פון אַן עפּאָכע, וואָס האָט געהאַט פאַר אונדז געעפנט אַ טיר צום גיהינום.

די גיהנום־טיר איז געוועזן אָפן — אָבער זי איז נישט אויך איצט אויף אייביק פאַרשלאָסן. כדי די אַ טיר זאָל זיך מער נישט עפענען, ווערט זי דורכן שרייבער־פילאָזאָף סאַרטר גופא געהיטן דורך זיין וואָרט פון שרייבערישער טאָט. דאָס וואָרט, פול מיט געראַנגל אינעם יאוש, בלייבט דאָך, נאָך אַלע ספקות, זיין איינציק מענטשלעך וואָפן, וואָס פאַרניינט די אַבסורדאַלקייט פון לעבן. אויפן פּלאַנעט, וואָס האָט אונדז געבוירן, בלייבט דאָך דאָס גרויסע שאַפערישע וואָרט אַ הומאַניסטיש וואָפן קעגן יאוש און קעגן דעם, וואָס סאַרטר אַליין רופט אָן: „די אַבסורדאַלע אייביקע עקזיסטענץ״.

# אַ מאָלערין פון פּאָעטישן רעאַליזם

## (אימפּרעסיע צו רינה סוצקעווערס אויסשטעלונג)

דאָס איז געווען אין יאָר 1946, באַלד נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, אויף אַ גאַס נישט ווייט פון חרובן געטאָ לאָדזש, אין אַ דאָכשטוב. אַ בלאָס דאַר מיידעלע פון אַ קנאַפּ יאָר, געבוירן אין מאָסקווע, איז געלעגן אין וויגל, און דערנעבן — איר טאַטע, וואָס האָט שווייגנדיק אַריינגעקוקט אינעם כּמעט דורכזיכטיקן פּנימל פון קינד. איך בין נאָר וואָס געהאָט צוריקגעקומען פון נאַצי־גיהנום, אויסגעגראָבן מיינע באַהאַלטענע כּתבים פון אַ געטאָ־קעלער און געקומען איבערלייענען איינע פון מיינע נאָוועלן דעם טאַטן פון דאָזיקן קינד אין וויג, דעם פּאָעט פון יונג־ווילנע, אַברהם סוצקעווער, וואָס איז נאָר וואָס געקומען מיט פרוי און קינד פון מאָסקווע. איך האָב געלייענט מיינע שורות שטילערהייט, לעבן דרימלענדיקן קינד, בעת דער טאַטע האָט מיט איין האַנט באַוועגן די וויג מיט ריטמישע, אָפּגעמאָסטענע, ווייכע תּנועות. דערנאָך האָט דער פּאָעט אויך געפּליסטערט לעבן וויגל זיינע פּאָעטישע שורות. פון צייט צו צייט האָט דאָס קינד געעפנט די אויגן און אונדז ביידן לאַנג אָנגעקוקט. צי האָט דאָס מיידעלע שוין דעמאָלט געזען דאָס געלייענטע? צי האָט דער זיסער הויך פון פּאָעזיע שוין דעמאָלט געפּלאָטערט איבערן וויגל ווי אַ גוטער מלאך? צי האָט מען געקאָנט פאָרויסזען, אַז דאָס דאָזיקע בלאַסע איין־יעריקע מיידעלע אין וויגל — רינה — וועט מיט דרייסיק יאָר שפּעטער, נאָך אַלע בע־ונדן, ווערן רינה סוצקעווער, אַ גאָר טאַלאַנטירטע ייִדישע מאָלערין אין מדינת ישראל?

*

און אָט איז מאַי 1977. אין דער בילדער־גאַלעריע פון לייוויק־הויז.

פון די ווענט ליכטיקן אַראָפּ די פּאָרטרעטן און שטיללעבנס פון רינה סוצקעווער. אויב ס׳איז אפשר אמת, אַז גוטע פּאָעזיע איז אויך גוטע מאָלעריי און אַז גוטע מאָלעריי איז אויך גוטע פּאָעזיע — דערפילט מען עס באַלד אויף דער איצטיקער בילדער־אויסשטעלונג. פון בילד צו בילד נעמט דיך אַרום די הערמעטישע שטילקייט פון אירע געמעלן. די באַשיידנקייט פון דער מאָלערין איז אַ שיינער שטריך פון איר קינסטלערישער וועלט. דער אמתער קינסטלער האָט אין זיך תּמיד אַ גרויסע מאָס פון ערלעכער תּמימות. דער דאָזיקער שטריך איז אויך פאַראַן אין די בליקן פון אַלע געמאָלטע געשטאַלטן, אין זייערע אויגן, וואָס זענען אַזוי נאָענט וואָרעם און דאָך טראַגיש איינזאַם. די פאַרכּישופטע בליקן פון די פרויען־געשטאַלטן דערציילן פון אומרויִקער, ווייבלעכער דערוואַרטונג, פון אונטערדריקטן ייִאוש און פאַרבאַגענע חלומות. דער רייך קאָלירירקער הינטערגרונט פאַרדעקט נישט דעם סובטעלן, ליִרישן טאָן און טייל מאָל אויך נישט דעם טראַגיזם פונעם געמעל. להיפּוך: דער עשירות־פאַרביקער פאָן דערהייבט, פאַרכּפּלט די מאָלערישע אידעע. דאָס בולטסטע, וואָס לאָזט זיך תּיכּף אָפּפילן אין אירע אַרבעטן איז זייער קאָלאָריסטישער רייך. דווקא אין די שטיללעבנס, אין די צעקרימטע, פאַרייִאושטע זעלנערשיך, וואָס דערציילן אַזוי פיל פון וואַנדערונג איבער מדבר־זאַמדן און פעלדזיקע שליאַכן, אין די אויסגעוואַקסענע, געשלענגלטע פלאַנצן פון די ציבעלעס־זקנות, אין די שוין לאַנג אויסגעדינטע פאַרזשאַווערטע טשאַיניקעס, אין די צעבראָכענע, אויסגעקרימטע נאָפט־מאַשינקעס, אין די איינזאַמע האַלבע ציטרינען און אין די נאַר וואָס רייף געוואָרענע כּלערליי פּירות — איבער זיי אַלע שוועבט די פּאָעזיע פון פאַרב, ריח און באַזיניקטער מאָלערישער מחשבה. דאָס זענען אין מיינע אויגן קליינע, קורצע אימאַזשן־פּאָעמען, וואָס זייער פאָרעם איז די איידעלע ליניע און דער תּוכן — דער אייביקער שטאָף פון גוט אָפּגעפּילטן פּאָעטישן רעאַליזם. איר „טויטע" נאַטור איז די געמאָלטע פּאָעזיע פון קורצע פערזן און סטראָפן, וואָס פליסן האַרמאָניש פון אַלטע קונסט־קוואַלן. פאַראַן אַ ריטמישקייט אין איר פּענדזל, גראַד ווי דאָס בילד וואָלט געווען ליד און די ריטמישקייט צוימט אויך אירע פאַרבן אין די דינסטע ניואַנסירונגען.

די בילדער פון רינה סוצקעווער זענען ווייט צו זיין דעקאָראַטיוו. דאַקעגן פאַרמאָגן זיי אין זיך דאָס ריין קאָמוניקאַטיווע, די אוממיטלבאַרע בריק צום געמיט. איר אויטאָ-פּאָרטרעט, למשל, האָט אַ סך וואַלאָרן פון מאַלערישער רייפקייט און איינצייטיק — אַ באַצווינגענדיקע קראַפט, וואָס פליסט פון אירע צעפּראַלטע אויגן. זי באַנוצט גאָר אָפט דאָס ברענענדיקע ליכט אין דער סביבה פון די שטיללעבנס. דאָס איז אפשר איר גייסטיקער און סימבאָליש-מאַלערישער גאַנג: וואַרפן קינסטלעריש ייִדיש ליכט אויף אַן אָפּגעצוימטן „טויטן" שטח — דאָס ליכט פון פּאָעטישער עמאָציע, איבערגעגעבן מיט די סודות פון פאַרב, געצוימטער דימענסיע און מאַלערישער באַגייסטערונג.

פאַראַן, אָן ספק, אין אַט די בילדער פון רינה סוצקעווער גוטע סימנים פון אַ געבוירענעם טאַלאַנט, וואָס וועט נאָך שלאָגן טיפע, שיינע וואָרצלען אין דער מאַלעריי. די אייל-פּאָרטרעטן, די פּייסאַזשן און דוממים באַקומען זייער אינדיווידועלן אויסדרוק פון איר מאַלערישער מענטאַליטעט און מענטשלעכן כאַראַקטער. דאָס וואָס באַשטימט ביי איר די עכטקייט פון מאַלערישן זען און עמפּינדן, איז די אָפּגעצוימטע, שטילע פּאָעטיש-לירישע באַגייסטערונג. זי פאַרמאָגט נישט קיין מאַניער און אויך נישט די שרייענדיקע פיגוראַטיווע קאָמפּאָזיציעס. איר וועלט איז די פאַרצוימטע יחידישקייט, די וועלט פון שווייגן. נישטאָ ביי איר די אומזיכערקייט פון מאָדערנער עקספּערימענטירונג. דאָס וואַרעמע ליכט פון איר געמעל איז איר אייגנס, גענומען פון די אייגענע קינסטלערישע ד' אמות. מען זעט, אַז איר אויג האָט אויפגעכאַפּט דעם עיקר: דאָס געזעץ פון קינסטלערישער ריינקייט און שטילער דערהויבנקייט. איר טאַלאַנט ווייסט וואָס זיך צו ווידמען און וואָס אויסצוקלייבן פון דער וועלט, וואָס רינגלט זי אַרום. פאַראַן אַ כמעט פּאַסטאָראַלע האַרמאָנישקייט צווישן איר מאַלערישן איך — און דער אַרומקייט. ביידע באַאיינפלוסן זיך קעגנזייטיק און ס'איז צו זען ווי די גרענעצן פון אירע מעגלעכקייטן ברייטערן זיך אַלץ מער אויס מיט יעדן נייעם פּייסאַזש, פּאָרטרעט און דומם.

אַ גראַציעזע עקסטאַטיק, פאַרבאָרגן אין דער ווייכער פיל-פאַרביקייט פון די האַלב-בלומען און צעבראָכענע שאָטנס פון גרינס, רופט זיך איבער

מיט די דוממים און מעלאַנכאָליש־ראָמאַנטישע פּרויען־פּנימער. בעיקר איז דאָס צו זען אין פּאָרטרעט פון דער קינסטלערינס שוועסטער, ווו פּאַרב און ליניע שאַפן דעם מיידלשן טרויער, איינגערעמט אין דער מחשבה פון חלום און גורל־דערוואַרטונג. אָדער דאָס בילד „צווישן הימל און ערד", ווו שוועבנדיקע וואָלקנס פאַרהילן נישט בלויז די ערד, נייערט אויך דאָס זעלטן טרויעריק שיינע מיידל־פּנים, אַרומגערינגלט מיט רויזן און דערנער. שעהען קאָן מען שטיין ביים דאָזיקן בילד, אַריינקוקן אין די אָפּגרונטן פון די כמעט מאַדאָנישע אויגן און שעפּן קינסטלערישן געָנוס פון דער זעלטן שיינער קאָמפּאָזיציע.

עס דערמאָנט זיך געטעס אַ זאָג צו עקערמאַנען וועגן מאָלעריי: „כדי צו זען די נאַטור דאַרף מען האָבן אַ באַשטימטע אינערלעכע ריינקייט, וואָס ווערט פון גאָרנישט געשטערט און נישט פרע־אָקופּירט". איך ווייס נישט צי די מאָלערין איז אַ סך שולדיק אירע לערערס, וואָס האָבן זי געלערנט דעם מאָלערישן אַלף־בית. איך גלייב, אַז אַ מאָלער, גראָד ווי אַ פּאָעט אָדער ווי יעדער אַנדערער בעל־יצירה, איז גיכער שולדיק אַ חוב יענע אַלטע אומבאַקאַנטע מייסטערס, וואָס האָבן מיט אַ סך דורות צוריק אַנטפּלעקט די נאַטור אין זיך גופא, דורך דער אייגענער פּריזמע און אויגן־אַרביטע, מיטן בלוט־פּלוס אין די אייגענע אָדערן און מיטן אייגענעם האַרציטעם. די יונגע מאָלערין באַזיצט שוין די דאָזיקע „אינער־לעכע ריינקייט" און מאָלערישע אומאָפּהענגיקייט.

גאָר כאַראַקטעריסטיש זענען די נעמען פון אירע בילדער. למשל: דערוואַרטונג, דער פאַרלאָזטער קרוג, דאָס צאַנקענדיקע ליכט, דער קאָרב פון ציבעלעס, דער דומם און דאָס ליכט, דער קאָרב פון ברכה, דאָס ליכט און די פּירות, בין־השמשות, די רו פונעם קעמפער, פרילינג, ציטרינען אויפן טיש. אין די אַ נעמען שפּיגלט זיך שוין אָפּ די מאָלערישע קאָנצענטראַציע און אַטמאָספער פון דער קאָמפּאָזיציע. אַ שטאַרקן איינדרוק מאַכט דאָס בילד „די רו פונעם קעמפער", וואָס איז אַזוי קרעפטיק און פּסיכאָלאָגיש אויסגעדריקט דורך די טויט־מידע, אָפענע זעלנערשיך. און הגם מען זעט נישט אויפן בילד קיין שום לעבעדיקן סימן פונעם קעמפער, פילט מען דאָך, אַז אָט־אָט איז ער נאָר וואָס אַרויס פון די סאָלדאַטסקע

שיך און זיין אויסגעמאַטערטער גוף שוועבט נאָך לעבן נידעריקן טישל. דאָס איז אַ בילד געמאָלן מיט דער אַטמאָספער פון „קריג און פרידן". ס'זענען געגנוג די פאַרפייניקטע זעלנערישע שיך כדי אָפּצופילן דעם טראַגיזם פונעם יונגן ישראל־דור און זיין בענקשאַפט נאָך רו און פרידן אין אונדזער אומרויִקער תקופה.

ס'קאָן זיך אפשר אויסדוכטן, אַז די מאַלערין איז אָרעם אין מאָטיוון. די אומצאָליקע פירות, שטולן, האַלבע טישן, די שוין אָפּגעלעבטע אַלטע טשאַיניקעס — זיי זענען עס ס'רוב איר מאָלערישע טעמע. אָבער אין דער זעלבסט־צוימעניש פון רעאַליען ליגט די נאַטור פון ערלעכן טאַלאַנט און דאָס פּאָעטישע געמיט. דאָס איז איר סוביעקטיווער אָפּקלייב, וואָס דרינגט אַריין אין דער פאַרשלאָסענער „טויטער" נאַטור, כדי אַרויסצוהייבן פון איר דעם הימל פון שיינקייט. אין דער מיניאַרער טונקלקייט פון איר פּאַרבן־געמיט גליט אַ פּעמינאַלע זאַפטיקייט און דינע רוחניותדיקייט. דאָס איז איר פּאָעטיש־רעאַליסטישער ניגון, אַרויסגעבראַכט מיט פינעזיע דורך ליכט און שאָטן. בעת איך קוק אויף די פירות, אַרויסגעשיטע פונעם „ברכה־קאַרב", גייט אויף די מחשבה פון לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי וועגן די רעאַליען אין דער מאָלעריי. אויב דאָס געצייכנטע האָט נישט אַזאַ קרעפטיקע שאָטירונג, אַז מיר זאָלן עס קאָנען נעמען אין די הענט אַריין, האָט דער מאָלער נישט קיין טאַלאַנט. און וועלכע פירות פון רינה סוצקעווער בעטן זיך נישט: נעם, בייס מיך איין, געניס! אפילו די אַלטע, אויסגעוואַקסענע ציבעלעס מיט זייערע אַרויסשטייגנדיקע גרינע שטענגלעך ווילן אויך נישט שטאַרבן און רייסן זיך צו די הייכן. דאָס איז דאָס תּפילהדיקע געפּליסטער פון דער „טויטער" נאַטור, פון אַלע פלאַנצן, פירות און קעגנשטאַנדן און אויך פון קינסטלער גופא, וואָס ער זעט אומעטום, דורך האַרמאָניע פון פאַרב און ליניע, דעם פישופדיקן לעבנסרייץ און דאָס ליכט פון אומשטאַרביקייט.

*

אַז כ'האָב פאַרלאָזט די בילדער־גאַלעריע און אַרויס אינעם בייזן גאַסן־געטומל פון דער שטאָט, האָב איך לאַנג נישט געקאָנט זיך באַפרייען פון דער פאַרבן־עשירות און פון דער שטילקייט אינעם שיינעם קונסט־

אינדזעלע — די בילדער־קאָלעקציע פון דער יידישער מאָלערין רינה סוצקעווער. און כ׳האָב נישט געוווּסט פאַר וואָס און ווי אַזוי איז פאַר מיר ווידער אויפגעשווומען יענע הילצערנע וויג מיט דער קליינער, איין־יעריקער רינה, מיט איבער דרייסיק יאָר צוריק, בעת די האַנט פון איר פאָטער האָט זי געהוידעט אינעם ענגן דאַכשטיבל. אַלע קאָלירן, פּירות, פּנימער, און שטיללעבנס פון אירע לייוונטן האָבן לאַנג וויברירט איבער דער וויג און פאַר מיין פּנים. דאָס געפיל פון צייט און אָרט, פון עבר און איצטיקייט, האָט זיך אין מיר לחלוטין פאַרווישט. איז דאָך אַוועק זינט דעמאָלט שוין מער ווי אַ דור נאָכן חורבן און אַ נייער יונגער דור איז אויפגעקומען מיט זיינע שפּעטערישע חלומות און געראַנגל אין גאָר אַנדערע פאַרהעלטעניש פון לאַנדשאַפט, מענטשן און אידעען. און אפשר, ווער ווייסט, צי איז עס נישט טאַקע דער געגנעטישער, סודותדיקער חומר פון גייסט, וואָס גייט איבער פון דור צו דור, פון הארץ צו האַרץ, כדי ס׳זאָל קיין מאָל נישט אויסגיין דאָס פייער פון שעפערישקייט? און אפשר איז עס גאָר די אויפגעוואַכטע יידישע ערד ווו ס׳איז איבערגע־פלאַנצט געוואָרן דער אַ נייער ברכהדיקער וואָרצל, כדי ער זאָל אויפגיין אַזוי עקספּרעסיוו און שיין מיט נייע קינסטלערישע כּוחות און מעשים וואָס ווען דאָ מער נישט וועלקן?

ישעיהו שפּיגל

# מיין קינה-און הספד-וואָרט
# נאָך אומשטאַרביקער דיכטונג

## (צום צענטן יאָרצייט פון יעקב פרידמאַן)

ווען איך קום איצט מספּיד זיין יעקב פרידמאַן ע״ה, וואָלט איך באַדאַרפט, ראשית, זיך אָנטאָן טלית-און-תּפילין, אַרויסגיין אויפן פעלד, איידער ס׳גייט אויף דער ערשטער אָוונט-שטערן פונעם צעשאָטענעם שטערן-נעפל, זיך אַוועקשטעלן לעבן אַ פאַרחלומטן בוים, אויפהייבן מיינע הענט צו די הימלען און אַזוי תּפילה טאָן:

אַב הרחמים, טאַטע זיסער אין די הימלען, האָסט פון אונדז אָפּגענומען איינס פונעם האַרציקסטן, שענסטן געזאַנג פון דיינס אַ מנגן, די גילדענע פלייט פון דיינס אַ געטרייען און פאַרבלאָנדזשעטן פאַסטעך; האָסט פאַרשניטן די קלאָר-אומשולדיקע קאַליר-פליגל פון אַ זיסן גן-עדנשן סאָלאָוויי; האָסט פאַרשטומט דאָס מתיקותדיקע קול פון אַ בעל-תּפילה אַ מתבודד, וואָס האָט אין זיינע הימלישע און ערדישע כוונות געדאַוונט, געריסן פאַעזיע-קריעה טאָג און נאַכט, נישט בלויז פאַר זיך, נייערט פאַר אַלע און אַלץ, אויף וואָס ס׳רוט נאָר דיין חסד: ער האָט געבעטן מיט יעטווועדן פאַרשלאָסענעם, שטומען דומם, מיט יעטווועדן קוים-אויפגייענדיקן שפּראָצלינג, פאַר איטלעכן בעל-חי און פאַר איטלעכן, חלילה, גוסס, וואָס קלאַמערט זיך, אין זיין אויסגייענדיקער נשמה-פלאַטערניש, אין די רחמים-פאַלדן פון דיינע פאַרזיגלטע סודות; פאַר וואָס, אַב הרחמים, האָסטו נישט איבערגעלאָזט פאַר אונדז, דיינע בידנע, פאַרלוירענע שאָף, כאָטש אַן אָפּשפּיגלונג, אַ פליגל-פלאַטער פון זיין ערדישן שאָטן, פון זיינע כישוף-

פינגער אויף די הענט און פיס, וואָס האָבן געפּלאַטערט אַרום אונדז אַזוי פויגלדיק, קוים־קוים. ער איז געגאַנגען אַרום אונדז און מיר האָבן אים כּמעט נישט געזען, ווארעם ער האָט געפלאַטערט מיט זיינע שורות אויף די ליפּן, זיך געקוויקט מיט זיינע פאַטישע סודות ווי אַ שוואַלב אַ הונגעריקע קוויקט זיך מיט אַ זשערנדל, מיט יעדן וואָרט, מיט יעדן אות, וואָס האָט געכליפּעט, געחלומט, געוואַנדערט צו דיינע פאַרהוילענע וועלטן. ער האָט געפלאַטערט אַרום אונדז, כּדי צו דערבליקן דיינע גרויסקייטן, דיינע ליכטיקייטן, אויך דיינע גרויזאַמקייטן און ועל־כּולם — דיין אייביקן, טאַטישן רחמים, כּדי אויפצוגעמען דיין פאַטערלעכן הייסן קוש, וואָס האָט שוין לאַנג געוואָרט בסתר אויף דיין אויסדערוויילטן בעל־תפילה — ביז ער איז משורריש געפאַלן, געזונקען אין דיינע צו אים אויסגע־שטרעקטע, טרייסטנדיקע, פאַטערלעכע הענט. וויי, וויי, פאַרנעם, באַשעפער אייביקער, מיין אָרעם קינה־וואָרט, דעם מיזמור ליעקב בן שלום־יוסף, עליהם השלום.

ווארעם הייליק איז געווען דער מענטש, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען: יעקב. יעקב דער איש־תּמים. ער איז געווען דורכזיכיק־ריין ווי יעקבס ווייסע מלאכים. קוואַליק־פּערלדיק ווי יעקבס ברונעם. הימליש־גנאָדיק ווי יעקבס חלום, פול מיט זאַלבונג, עצבות און פייער, ווי דאָס קלאָגוואָרט פון בעל־תּהילים, דעם גרויסן משורר, וואָס ווייסט, אַז דער געזאַלבטער מיזמור איז גאַרנישט אַנטקעגן דעם לעבעדיקן, שוואַכן זיפץ פון אַ געבוירן מענטש־עופעלע, אָדער פון אַ געבוקט גרעזל, וואָס די אַלמאַכט באַצירט עס מיטן זיסטן געזאַנג פון זיינע באַהאַלטענע סודות. און ער איז געווען באַהאַלטן פאַר אונדז, מיט יראה אין זיין בדידות, באַהאַלטן אין זיין פרישות מיט זיין ייִדיש־תּפילה. ער איז געווען ממעמקימדיק מיט זיין האַלב רעדן, מיט זיין אימפּעטיק לויפן און אַנטלויפן, מיט זיין נאַקעט וואַנדערן און הימלאָזן ייִדיש־געזיפץ, מיט זיין חלומען, אויסחלומען און איינצייטיק: נעמען פאַר גוט, וואַרבעמען אַלע שאַרפע חלפים, די דינסטע בייטשן, די פייערריטן און גליאייזנס פון דיין הימלישער קוניע. ער האָט זיך געבויגן, לויפנדיק צו דיין פאַר־שטומטער גרויסקייט, צו דיין אייביקן חסד, וואָס האָט געקילט דאָס פייער

פון זיין שירה, גראָד ווי פרישע קוואַלן קילן אַ ברענענדיקן וואַלד פון סאַסנעס, בזשאָזעס און יאַדלעס. אַלע האָבן זיי געברענט מיט אַן אַנדער פייער, גראָד ווי זיינע מיזמורים. ער איז טאַקע געווען אַליין אַ שיינער, פיל־ביימערדיקער, שפּראָצנדיקער, ברענענדיקער וואַלד. יעדער בוים אין אים האָט געזאָגט שירה, האַרציק געכליפּעט ביז אין זיינע טיפסטע וואָרצלען אַריין, ביז פאַרלענדונג פון שיינקייט און שׂרפה. יעדער קוסט איז געווען אין זיינע מיזמורים אַ סנה. און דאָרטן, לעבן דעם אַלטן אומפאַרלאָשענעם סנה, איז אונדזער פּאַסטעך יעקב געזעסן אַן איינגעבוי־גענער, פאַרבאָרגן, פאַרזיגלט מיט זיבן זיגלען פון סוד און חלום, זיך איינגעהאָרכט ווי אַ מוראַשקע בסוד צום גרויסן ווונדער־פייער פון דיין יצירה, וואָס פאַרלענדט זיך אַליין, אָבער אַליין איז ער, דער פּאַסטעך, נישט פאַרלענדט געוואָרן, נישט זיין שטורעמדיק־פּאָעטיש האַרץ און נישט זיין אויסגעוויינטע תּפילה. די פייערווינטן האָבן געבושעוועט אַרום אים, אַלע שׂרפה־שטורעמס זענען געגאַנגען איבער זיין ייִדישן קאָפּ. זיי האָבן פאַרוואָרפן מיט סמיקע נעצן זיין האַרץ — אָבער זיי זענען נישט בייגעקומען אין אים, דעם מנגן, זיין כּישופדיקן, גילדענעם פּאַסטעך־פייפיאַל.

איצטער, בעת ער איז שוין אַזוי העט־העט ווייט פון אונדז — און ווי העט־ווייט איז דאָס נישט־זיין פון אונדזער יאָ־זיין — דאָס ווייסט נישט קיין ילוד־אישה זינט מעשׂה־בראשית. אפשר איז ער גאָרנישט אַוועק פון אונדז. ער זיצט נאָך מסתמא, ווי תּמיד, ביי דער גילדערנער כּישוף־סאָזשלקע פון זיינע אַנוועטערדיקע ניגונים. ער האָט געהאָט זייער אַ סך ניגון־און־ברכה־אינטערוואַלן צווישן זיינע יאָ אַרויסגעבראָכטע ניגונים. אויך די אינטערוואַלן האָבן אין אים געתּפילהט. אפשר זיצט ער גאָר איצט מיט מיר, לעבן מיין אַלטן פאַרבויגענעם שאָטן, איבער מיין האַלב־צעבראָכענער פען, וואָס געפינט נישט קיין קלאָגוואָרט אויף זיין פּלוצעמדיקן נישט־זיין. וואָס הייסט נישט־זיין? ער איז צווישן אונדז, לעבעדיקע, וואָס זינגען נאָך מיט פּחדים ווען ניסתּר און ניגלה. ער איז אויך צווישן די, וואָס זענען מער נישטאָ צווישן די פאַרשאָטנטע און אַנפּחדימדיקע. זיין פּאָעטישע מחשבה איז אַוודאי געווען: נישטאָ קיין

דאָ און נישטאָ קיין דאָרטן. ס'איז פאַראַן דער גילדענער סוד־קרייז פון דער אייביקער יצירה־מחשבה, וואָס שוועבט צווישן הימל און ערד, צווישן שקיעה און זריחה. גאָטס אייביקע גלגלים, די פייערדער פון אַלע רעיונות, לייכטן איבער אים און איבער אונדז. אַזוי לייכט דאָס געהיימע שטראַלנליכט און שיצט איטלעכע מחשבה אין איר שפּראָצונג און וויאַנען. ער איז מיט אונדז, דער פאָסטעך, לעבט אין אונדז, עטעמט מיט אונדז, עסט נאָך דאָס קרישקעלע פּאַטשע ברויט, בלויז דאָס האַרץ זיינס, גראַד ווי אונדזערס, איז ווי אַ קרישטאָליקער שבת־בעכער, אָן אָנגעפילטער מיט וויין און טרערן אויף אונדזער טיש. די צייט מיט אירע ווילדע צויבערווינטן וועט נישט פאַרווישן דאָס זינגענדיקע און לייכטנדיקע האַרץ פון אונדזער פּאָסטעך — דעם זון פון מילניצער רבין, רב שלום־יוסף, עליהם השלום — אויף אַלע אייביקייטן.

ווען די השגחה וואָלט מיך געוועזן געהאַט באַשאָנקען מיט דער דינסטער שמיעה פון אַ פאַרווונדיקטער און געפאַלענער הירשין — וואָלט איך אַלץ נאָך נישט געווען מסוגל אויפצונעמען מיטן אויער, אַריינגיסן אין מיין קינה, די קוים־קוים צו הערן דינסטע וויבראַציעס, די פאַליענדיקע תפילה־זיפצן, די ערב־ציטערנישן פון דאַזיקן פּאַסטעכהאַרץ, וואָס האָט זיין ניגון געטראָגן סיי צו די פאַרזיגלטע הימלען און סיי צו די תמיד אָפענע שערי־רחמים. ער איז געווען אַ זינגער נישט פון הי, נישט פון אונדזער פאַרוואָגלטער חומר־וועלט, בייערט זי, די פאַרוואָגלטקייט אַליין, האָט אין אים געגעסטיקט ווי אַ קראַנקע שוואַלב אין איר צעבראָכענער נעסט. ער האָט געטרילערט אויך אָן ווערטער, תמיד שווער־פאַרווונדיקט פון דער וועלטס אומבאַנעמיקייט און חידוש־סודות, פון אַלע אירע טרויעריקע רזין־דרזינדיקע שיינקייטן. באַלד איז ער אויך געוואָרן געגעזן מיט דער רפואה פון שימחה, וואָס פאַלט אויף דער נשמה אין דער רגע פון אַנטפּלעקערישער, פּאַטשעשער שירה. דער טונקל־ביזאַרער סוד פון גרויסער יצירה און אויך דאָס ליכט פון שימחת־החיים, פון דערהערן און דערזען דאָס וואָס לאָזט זיך נישט הערן און לאָזט זיך נישט זען איז געהאַנגען פאַרכישופט אין זיין פּאַסטעך־פּייפל. ער האָט דאָס אַ פּייפל קיין מאָל נישט אויסגעטאָן פון זיין האַלדז, ווי מען קאָן נישט אויסטאָן

פון זיך די אייגענע הויט. איך הער אים נאָך איצט, נאָר ביי נאַכט צו חצות, פון אַשמורה צו אַשמורה, וואָרעם נאָר אין דער נאַכט־שטילקייט איז מען מסוגל אויפצונעמען דעם דאָזיקן זעלטענעם באַזינגער און פאַרוואָגלטן ייִדישן פּאָעט־בעל־תפילה. און ווען ס'נעמט שאַריִען אויף טאָג, די זון גליטשט זיך אַראָפּ פון די ישׂראל־בערג צו די ישׂראל־טאָלן — זע איך אים נאָך אַרומפּלאָטערן — און ווי אַ פויגל אויספּיקן פון ניסתּרים די שענסטע קערנער פאַר זיינע פּאָעטישע ראַנגלענישן פון חדווה און תּפילה.

זאָל איך ציטירן פון זיינע לידערביכער? פון די תּפילות, געוואַלדן, שטומע ממעמקים־רופן? ניין, מען דאַרף נישט. דער נאָמען יעקב פרידמאַן איז אַליין אַ פּיל־זאָגעוודיקער, תּפילהדיק־עטישער ציטאַט. צי קאָן מען ציטירן דעם כּישוף־געפּרעפּל פון אַ זילבערנעם וואַסערקוואַל? צי קאָן מען איבערגעבן מיטן וואָרט די רעגן־בויגן־פּראַכט, וואָס צעפּאַלט זיך אין געשטאַרבנקייט? צי קאָן מען ציטירן די בעש"ט־תּפילה, וואָס איז שטום, אָן אַטעם און פול מיט נסימדיקן האַרצקלאַפּן? אונדזער יעקב איז נישט צום ציטירן. ער איז צום דאַווענען. בלחש. מיט השתּפּכות־הנפש, כּדי צו הערן דעם זינגענדיקן־וויינענדיקן מענטשן אויף דער שויס פון כּביכול. ער איז אויך אַליין די תּפילה. די טרער, וואָס טריקנט קיין מאָל נישט. ער איז דער פאַרשלאָסענער עיגול פון שיינקייט און ייִאוש. דער קרייז פון שירה איז אין אים הערמעטיש פאַרזיגלט. צי קאָן מען ציטירן דאָס געשריי פון פאַרזיגלטקייט? ער איז ווי אַן איינזאַמער וואַסערפאַל, וואָס נידערט פון די הייכן און ביים אַראָפּנידערן שפּיגלט ער אַלץ אָפּ: דעם פעלדז, דעם דורכזעיִקן וואָלקן, אַלע יונג־געבוירענע שטערן־לבנות, וואָס טרייסטן מיט זייער ליכט די נאַכט־פינצטערניש. אויך דער גוף פון יעקב פרידמאַן זוכט טרייסט אין דער פינצטער. ציטירן אים מיינט: אַרויסשעפּן פון אונדזער יעקב־ברונעם אַן עמער פון שפּרודלדיקער שירה. זיין אויג, זיין מויל, דער שטענדיק־פאַרכמורעטער ייִדישער שטערן — זעענען דאָס אורוויגל פון מענטשישן, ייִדישן געראַנגל. מען דאַרף נישט פאַרמיִנערן מיט ציטאַטן דעם גאַנצן פּאָעטישן הימל, אויך נישט דאָס שיינע ליכט פון אַלע זיינע האָריזאָנטן. זינט דעם בעש"ט און זיינע

מיטגייערס, זינט אבן גבירול און יהודה הלוי — האָט אונדזער יידיש־לשון נישט געהאַט אַזאַ פייערדיקן נשמה־גילגול אין דער פאַרקערפּערונג פון דער שדי־אידעע. ער זינגט, דער פּאָסטעך, פאַרחידושט פון אַלע רעטענישן, מחשבות און פון אַלע אייגענע התגלותן. ער איז געווען דער פּאָעט פון ליכטיקער פאַרבלאָנדזשעטקייט אין דער וועלט פון פינצטערע סתירות, פון פאַרשלאָסענע קאַמערן און איינצייטיק — פון אָפענע תפילה־באַלעמערס. ער איז געווען אַ הימלאָזער ווינט, וואָס אין זיין ווינטיקן הימלאָזן געלאַף גלייכט ער אַליין אויס צאַרט, גלעטנדיק און טרעריק־ווייך די הויכע שטאָלצע, טרויעריקע פעלדזאַנגען — דורך זיינע אַלע ניגונים, וואָס די הימלישע ווינטן האָבן צו אים צוגעטראָגן מיט גרויס חסד.

ווען אונדזער פּאָסטעך יעקב מיט זיין פאַרקלעמט גרויס־דיכטעריש האַרץ איז נסתלק־געוואָרן מיט צען יאָר צוריק — האָבן אַלע אמתע פּאָעטן געוויינט. איך האָב נישט געקענט אַרויסברענגען פון זיך קיין איינציקע טרער, מחמת אַן אָפּגרונטיקער עצבות, וואָס געפינט אַפילו נישט קיין טרייסט אין די פון גאָט צו אונדז געשיקטע טרערן. כ׳געדענק: כ׳האָב זיך אין חצות אַוועקגעזעצט איבער זיינע מיר געשענקטע ספרים, מתפלל געווען פאַר זיין עלית־הנשמה און אויך פאַר דער עליה פון זיינע שירים — די תפילות־יעקב, פאַר זיינע אַלע יידיש־ווערטער, וואָס האָבן געהאַט אין זיך די זוימען פון לעבן און שטאַרבן. איך האָב אַזוי מתפלל געווען אין זיי ביזן אויפגאַנג פון מאָרגן־שטערן. און אַז דער ישׂראל־דיקער מאָרגן־שטערן האָט אַריינגעבליכט אין מיין שויב ווי אַ פאַרשעמטע, קליינע רויז — האָב איך געוווּסט: דער פּאָסטעך איז אַרויס פון זיינע יידישע אותיות און געקומען מיך טרייסטן. ער איז עס געווען די תמימות־דיקע קיניגלעכע שטערנרויז פון אונדזערע טריבע, יידישע פּאָעזיע־הימלען. זי האָט עס געבליט אין זיינע דיכטערישע התגלותן און פאַרטרוימטקייטן. זיינע אויסגעזונגענע סטראָפעס זענען געווען פאַר אונדז ווי שלאָפע, טרייסטנדיקע רויזן, וואָס בלענדן מיט יידיש־שיינקייט און אויך מיט פּאָטערלעך־הימלישער נחמה אין זיין זינגעוודיקן, דיכטערישן יאוש.

ווען ס׳ווילט זיך מיר דערמאָנען זיינע אויגן — זע איך: זיינע בליקן זענען תמיד געווען אַריינגעשפּינט אינעם פרגוד פון יענערוועלטיקייט

דורך אַ שמייכלענדיקן גרימאַס, דורך אַ ביטערן ציטערנדיקן רמז און פּאַלקסזיפץ, וואָס ציט זיך דורך ייִדן־דורות. אַט דער אַ זיפץ האָט אונדז אַוועקגעטראָגן איבער די גרענעצן פון אַלע רעאַליען און ממשותדיקייטן. ער האָט געהאַט דאָס פּאָעטישע אויג־פאַרבלענדעניש, דעם שיינעם אימאַזש, דעם העלן מוח־געשפּין אין זיין רייַנסטן זיפץ פון אַ גרויס צעבראָכן האַרץ. די אַ גרויסע דיכטערישע צעבראָכנקייט איז צו אים געקומען פון דורות ייִדישן קלעם, פונעם פּראָסט־געשניצטן פּאַסטעך־פייפל, וואָס איז געהאָנגען אויף זיין האַלדז ווי פון גאָט אַ געשענקטע קמיע. אין דער אַ קמיע זענען געווען פאַרבאָרגן די סודות פון אַלע זיינע ווערטער־ניגונים צום הימלישן קיניגרייך. אָן איר וואָלט ער נישט געווען מסוגל צו זיפצן: „אוי, דו, גאָטעניו, טאַטע־פּאָטער, דו, דו" —. אין דער אַ קמיע, גראָד ווי אין אים אַליין, איז געלעגן דער שורש פון אַלע זיינע פּאָעטישע, תּפילהדיקע התגלותן. אויך דער שורש פון זיינע אומרויִקע געלאָפן. כ'האָב אים אָפט געזען לויפן, מיט פאַרזשמורעטע אויגן בעת מיט דער האַנט האָט ער אונטערגעהאַלטן זיין אַראָפּפאַלנדיקן קין, אין אַ ווייט־פאַרזונקענער מחשבה, גראָד ווי דער נאַקעטער סקולפּטירטער מאַן ביי ראָדען אין זיין געפאַנגענעם אייביקן רעיון. אים האָט געיאָגט די קמיע פון דער געשענקטער אַלמאַכט, ווי ער וואָלט זיך געבעטן ביי אונדז און גערופן: מיינט נישט אַז דאָס איז הייליקע שירה, פּאָעטישע באַגייסטערונג. כ'בין נישט קיין מענטש פון געזאַנג. כ'בין נישט קיין אַז ישיר יעקב. כ'בין אַ מענטש פון פּחד, פון פאַרגאַפונג, פון חסד און כ'טראָג אַ צעריסענעם טלית אויפן נאַקעטן לייב. מיין גוף גליט מיט ליבשאַפט צום באַשעפער און זיין יצירה. כ'בין אַ רינגעלע אין דער שווערער קייט פון אונדזער ביטער ייִדן־מזל, וואָס זוכט אַ טירעלע צו אונדזער פאַרלוירענעם גן־עדן. כ'בין אַ פאַר־ייִאושטער, פאַרשעמטער קוואַל מיט טריבע שטאַמלענדיקע רייד. כ'בין שוין בלינד פון זוכן די ליכטיקייט אין דער גרינער שויס פון אַלע מילכוועגישע נאַכטטראַקטן פון אייביקן הימל.

אַזאַ, דאַכט מיר, איז געווען זיין אינעווייניקסט שטום, און נישט־אויסגערעדט געזאַנג וועגן זיך, וועגן זיין איך. ער איז נישט געווען פאַר אונדז בלויז אַ פּאָעטישע, שיינע, אידעיִשע פיקציע. ער וואָרט קיין

מאָל נישט אויף דער השראה זי זאָל קומען בענטשן. ער טראָגט זי תמיד
אין זיך, אַפילו פאַרשוויגענערהייט. זיינע שירים זענען הייליקע שבועות,
געגעבענע אין געפענקעניש פון זיין איינזאַמער נשמה. זיינע שורות
זענען ווי לוחות פון גראַניט. זיי לייכטן מיט שאַרפע, יידישע געבאָטן.
ער באַגערט, אַז מיר זאָלן זיי טראָגן אינעם האַרצן, ווי מיר טראָגן דעם
פאַרזיגלטן גזר־דין פון אונדזער לעבן. ער זינגט צו אונדז מיט זיין
תפילה. ער בעט זיך מיר זאָלן צוזאַמען מיט אים מתפלל זיין: טאַטע
זיסער, שענק אונדז אַ כזית גוטן חלום אויף דיין ערד, ווו מיר בלאָנדזשען
ווי אומרויקע מוראַשקעס און עסן דיין ברויט מיט חלום, מיט אַ געזאָל־
צענער טרער אין אונדזער בענקעניש צו אַנטפּלעקן כאָטש אַ קליינעם
שטראַל פון דיין פאַרהוילנקייט.

יעקב פרידמאַנס מיזמורים פירן אונדז ווי מיט אַ סענקעוואַטן,
אביוניש שטעקן. דער אַ שטעקן ווערט פלוצעם אין אונדזערע הענט
פאַרגילגולט אין אַ גילדענעם סצעפּטער. ער הענגט אויף אונדזער האַלדז —
אַ טאַרבע־זעקל מיט חלום, וואָס ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ כישוף־קויש
מיט אַלע זיינע אינטימסטע תפילות. ביי אים זינגען שירה עקרהדיקע
פעלדער, פאַריתומטע לאָנקעס, האַלב־פאַרשטאַרבענע טייכלעך און די
פון יאוש־פאַרפרוירענע איילבערט־ביימלעך. אַלע שאָטנס, פויזענדיקע
אין חשכות, טראָגן שיינע קרוינען אויף זייערע שאָטנדיקע קעפּ. ווען דו
פאַרנעמסט איין מאָל דעם פרידמאַנישן ניגון־געשלוכץ, קומען זיי, די
ניגונים, נאַכט נאָך נאַכט אויף ס'ניי צוריק צו דיין געלעגער. זיי
שענקען דיר דאָס שענסטע שטערנליכט אין דיין שלאָפלאָזיקייט. זיי וואַכן
איבער דיר, מאַכן גרינגער דיין בדידות. עס זינגט צו דיר דער מיזמור
פון אַ פון־טויט־אויסגעלייזטער נשמה, באַפרייט פון אַנגסטיקייט און פחד.
זיין מיזמור פירט אונדז אַרויס פונעם פאַרכישופטסטן קיום־סוד: מיר
גייען מער נישט אין דער פינצטער. מיר זענען בייגעקומען דעם פאַרסמטן
זוימען פון אונדזער אייגענער פאַרשטאַרבנקייט. אין מיינע אויגן איז
ער תמיד ווי אַ פּאָעט אַן אַמאַק־לויפער צו אַלע פאַרהוילנסטע הימל־
ספערן. דאָס דאָזיקע געלאַף האָט אים געעפנט די אומצאָליקע טויערן
פון גרויסער פּאָעטישער שיינקייט, צוזאַמען מיט אַ נשמהדיקער אָנגעלאָדנ־

קייט צווישן די פּאָלוסן: צידוק־הדין און דין־הרחמים. דאָס איז, אגב, נישט קיין זעלטנקייט אין דער יידיש־פּאָעזיע. זי האָט אויך אירע געקרוינטע שליחים. טעמאַטיש און אידעיִש גייט זיין פּען צווישן ניהיליזם און אמונה. צווישן זינלאָזער וואָכעדיקייט און פייערלעכער דערהויבנקייט און יום־טוב פון אַלטאָג. דער נצחון ביי יעקב פרידמאַן איז זיין עטיש־לירישע רעליגיעזיטעט, וואָס לייטערט די מענשלעכע מחשבה פון סאָטאַ־נישער און תּהומיקער פאַרטומלטקייט.

אומצאָליקע שירים, פּאָעמעס און פאָלקסטימלעכע באַלאַדעס זענען געשריבן געוואָרן אין פרידמאַנישן נוסח. כמעט אַלע האָבן אין זיך אַ בלייכע טויטקייט. ס׳איז געגנוג אָבער איבערצולייענען איין־איינציקע סטראָפע פון יעקב פרידמאַן מיר זאָלן תּיכּף דערפילן דעם כּישוף פון אַ בעש״טישער פּשטות און התלהבות, די ברכה פון אַלט־יידישער פרומקייט און פון אַן אַן־פּסולתדיקער שיינקייט. אין אים האָט זיך אַנטפּלעקט אַזוינס, וואָס איז זעלטן אין אונדזער פּאָעזיע: די שיינע אַלטהיימישע תּמימות פון אַ וואַסער־טרעגער, וואָס איז איינצייטיק אויך אַ פון הימל־געבענטשטער שליח און דיכטער־למד־וואָווניק. בעת מיר דערמאָנען איצט זיין עיקר־זשאַנער — די נישט־דורכשניטלעכע פּאָעטיק — דאַרף מען אויך נישט פאַרגעסן — און אויך נישט פאַרשעמען — זיין פּראָזע־יצירה: די קורצע דערציילונגען, די קליינראַמיקע סקיצן און די אָריגינעלע פאַרצייכענונגען, פאַרעפנטלעכטע אונטערן פּסעוודאָנים נאַמדירף. זיי אַלע פאַרמאָגן אַן עפּישן חן, אַ דיכטערישן צימצום, ווו די מענטש־און־נאַטור־לאַנדשאַפט איז געגעבן מיט אַ רייכער פּאַליטרע פון ישׂראל־פאַרביקייט, דאָס זאָגט, אַז אַחוץ זיינע דאָמינאַנטע פּאָעטישע אידעען, האָט ער אויך געהאַט אַ נאַראַטיוון, וואַרעמען ניגון אין דער רעאַלער עפּישער שורה.

*

בעת כ׳האָב געזעגנט מיט צען יאָר צוריק ווי אַ הייפל גוטע־יידן, בלויז רבנים פון זיין אייגענער גזע, טראָגן אַרויס אין אַ פּשוטער מיטה־צודעק זיין אויסגעלאָשענעם דאַרן גוף צום לוויה־וואָגן, האָב איך מיר געזאָגט: אָט טראָגט מען אַוועק דעם פאַרשטומטן נסים־פויגל פון דער יידיש־פּאָעזיע. אָט טראָגט מען אַוועק, באַגלייט מיט פּסוקים תּהילים,

אין דער צייט־אייביקייט אַ זעלטענעם ייִדיש־ניגון, וואָס וועט שוין קיין מאָל נישט אויפהערן צו ציטערן אין אונדזער האַרץ. אָט ליגט פאַר אונדז די איבערגעריסענע פידלסטרונע, ווו ס׳איז געווען איינגעציטערט דאָס זיסע קול פון איינעם פון די אָריגינעלסטע און הויך־עטישסטע דיכטער פון דער ייִדיש־פּאָעזיע.

דער הייליקער זכות, דער פענאָמען פון אונדזער גרויסער ייִדיש־דיכטונג, איז אים געטריי בייגעשטאַנען. זאָל דער אָ זכות פון איינעם פון אירע צניעותדיקע באַשיינער און באַקריינער, ווי ס׳איז געווען יעקב פרידמאַן, אויך אונדז אַלעמען דורות־לאַנג פול מיט גנאָדיקייט ביישטיין.

נאָוועמבער 1982.

# משה שולשטיין —

## ליכט פון פּאָעטישער דערקענטעניש *

דער דיכטער משה שולשטיין איז איצט געקומען מיט זיין לידערבוך מיט אַ גאַר נייעם פּאָעטישן כּלי־זיין און מיט אַ פריש אַנטפּלעקנדיקן יצירה־קוואַל נאָך אַלע אידעיש־פּאָעטישע נסיונות. דאָס מאָל איז זיין שורה אויסגעגליט אין אַן אַנדער דיכטעריש פייער. מיר זעען אים איצט מער פון אינעווייניק, דורכן לויטערן אָטעם פון ריינער שירה, — און נישט בלויז פון דרויסן. צווישן „אינעווייניק" און „דרויסן" איז ביז איצט געווען פאַרקלאַמערט זיין פּאָעטיש וואָרט, וואָס האָט זיך אַלץ מערער געהאַט דערוויטערט פון אַ פרייער, דיכטערישער וויזיע. אינעם נייעם לידערבוך איז גאַר בולט דער שטריך פון איבערגאַנג. צווישן דעם פריִערדיקן וואָרט־און אידעע־פּייסאַזש און דער איצט פריי־מעדאַטיווער איך־וועלט, ליגט אַן אָפּגעדעקטער קוואַל פון אַפּרישנדיקע, נייע מקורות־דיקע פּאָטענצן.

וואָס איז דער דאָמינירנדיקער מאָטיוו פונעם נייעם לידערבוך ? מען וואָלט עס געקאָנט איינשליסן אינעם זאַץ : קלאָר־פּאָעטישע פשטות, יידיש־יצירהדיקע אינטימיטעט און לירישע געצוימטע שטילקייט. דעמאָלט, בעת משה שולשטיין קערט זיך צוריק אין זיין אָפּגעצוימטער, יחידישער וועלט, — דערוויטערנדיק זיך פונעם אַפּריאָרי זינגענדיקן קאָלעקטיוון נוסח — דעמאָלט ווערט פאַר אונדז בולט די שיינקייט פון אַ נייער פּאָעטישער וועלט, אַ וועלט מיט היימיש־יידישע, דיכטערישע ניגונים. ער האָט צוריק אָפּגעפונען אין זיך זיין אינעווייניקסטע וועלט, גראָד ווי ער וואָלט זיך אומגעקערט פון אַ טומלדיקן, שטויביקן און פרעמדן יריד. אַ מידער, אַ לעכצנדיקער פאַרנעמט ער איצט די אייגענע יידישע האַרצקלעפּ, כּדי זיי צו היילן מיט תּפילה, שטילקייט און גנאָד. וואַרעם פּאָעטישע קאָנטעמ־

*) משה שולשטיין : „דער מאָרגנשטערן אין מיין פענצטער", לידער און פּאָעמעס, פּאַריז, 1974.

פּלאַטיווע נסיעות זענען תּמיד אַ גוטע רפואה פאַרן טראַגישן גורל פון ייִדישן דיכטער אין אַלע צייטן.

אין איינעם פון זיינע לידער אין דאָזיקן בוך זענען פאַראַן כאַראַקטעריסטישע קרעדאָ־שורות, וואָס לייענען זיך אַזוי :

איך וועל אָפּזיצן אַזוי אַ דריי־פיר שעה
ביים ברעג אַן איינגעבויגענער, אַ שטילער.
כ׳וועל שווייגן ווי די פיש — אַ וואָרט אַ רעבדל.
גראָזן, ווינט און פייגל וועלן איינהאַלטן דעם אָטעם גלייך
ווען איך וועל שטיל די נעץ אַראָפּלאָזן צום דנאָ
אַ פולע מיט געבעט, חלומות און פאַרלאַנגען,
די ווענטקע־שנור פאַרוואָרפן אויפן טייך
און אַ שניט געבן מיט איר דעם הימל ווי אַ מעטעאָר.
און אויב וועל איך קיין פישעלע נישט פאַנגען —
וועל איך אַליין כאַטש זיין געפאַנגען
פון דער שטילקייט — און דאָס גאָר.

(„פישפאַנג״, ז. 37)

משה שולשטיין האָט זיין פּאָעטישע נעץ איצט פאַרוואָרפן איבער אַ בייעם יצירה־דנאָ „מיט געבעט, חלומות און פאַרלאַנגען״, כּדי צוריק צו קומען צו זיין ייִדיש־דיכטערישן גורל. ער געפינט זיך אָפּ אין דער אָפּגעצוימטקייט, אין דער שטילקייט און אין די אינטימע, ווידווידיקע שורות, ווו עס בליִען די שיינע „בלומען פון באַדויער״. נישט איינע פון די אַ בלומען־קווייטן טראָגן נאָך אויף זיך שפּיציקע דערנער פון ביטערן צער. אַ מאָל פלעגט זיין שורה זיך הייבן אין דער הייך, איצט קוקט זי אַראָפּ אין דער נידער. אַ מאָל איז זיין שורה, בדרך כּלל, אַנטלאָפן פון די „שטעטלדיקע שטיבלעך״ און געהאַט אין זיך אַ הילכיקן טעמבער פון צווייפלהאַפטיקן צאָרן און קריגערישן צייט־גייסט — און איצט ? איצט —

נאָר יעדע נאַכט אַן אומרו טרייבט מיך גיך —
פאַר יענע שטעטלדיקע שטיבלעך שטיי איך ווידער ;
ווי פאַר אַ היכל דאָרטן טו איך אויס די שיך
און איך פאַררייס מיין קאָפּ צו זייער נידער...

(ז. 17)

דאָס אַ ליד איז אַ רעמיניסצענץ־צוריקגאַנג צו די חדר־יאָרן אין דער אַלטער היים. די נאַכט מיט איר אומרו, וואָס טרייבט דעם פּאָעט צו בייגן איצט זיין קאָפּ צו דער נידער פון די „שטעטלדיקע שטיבלעך", איז מערער אַ סימבאָל ווי די סתם אויסגעחלומטע, פּשוטע קליינשטעטל־דיקע נאַכט. דאָס איז איצט די לאַנגע, טיפע נאַכט פון שווערע ייִדיש־פּאָעטישע נסיונות. דאָס איז די נאַכט, ווו עס שפּאַנט איצט יעטוועדער ייִדיש־דיכטער זיין נע־ונד־גאַנג אין אַ וועלט פון חורבן און אימה.

אין זיינע ביז איצט פאַרעפנטלעכטע ביכער האָט זיך תמיד צום שטאַרקסטן אַרויסגעהויבן דער סאָציאַלער מאָטיוו, די בונטאַרישע אַקצענטן, וואָס זענען געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ גרויסער גרופּע ייִדיש־שאַפערס נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. משה שולשטיין האָט עס געטאָן אין זיין יצירה מיט אַן ערלעך־יונגטלעכן אייפער און מיט פאַרליבטער אידעי־שער חדווהדיקייט. ווי פיל אַנדערע איז ער אַרויסגעוואַקסן פון טיפער ייִדישער אָרעמקייט. ער איז געוואָרן אַ גלייביקער זינגער פון מענטש־לעכן פּראָגרעס און סאָציאַלן יושר. די אַ תקופה האָט זיך געצויגן ביז אין די שפּעטע זעכציקער יאָרן. זי האָט געשאַפן אַן אייגנאַרטיקן זשאַנער און ניגון אין דער ייִדיש־פּאָעזיע. דאָס מיינט נישט, אַז אויך איצט זוכט ער נישט דעם וועג פון הומאַניסטישן און סאָציאַלן פּראָגרעס און ווי אַזוי זעט איצט אויס שולשטיינס פּאָעטישער ניגון ?

> דערמאָן מיך מער נישט יענעם ניגון,
> וואָס איז פון מיר שוין אַזוי ווייט.
> אין זיין רשות אַריינגעקריגן
> האָט ער מיין שיינע יוגנט־צייט.
> ווו בין איך אים נישט נאָכגעגאַנגען
> און גיין כ׳בין גרייט געווען עק וועלט.
> גיי ווייס, אַז ער מיט זיינע קלאַנגען
> האָט פיין־געשרייען גאָר פאַרשטעלט.

(דערמאָן מיך מער נישט, ז. 28)

זינט ס׳איז דערשינען זיין ערשט לידערבוך מיטן סימבאָלישן נאָמען „ברויט און בליי״ (1934) זענען פאַרביי איבער 40 יאָר. דאָס זענען געווען פאַר אונדזער ליטעראַטור בכלל 40 יאָר פון אינטענסיוון יידיש שאַפן, וואָס האָט איבערגעלאָזן רויטע זיגלען פון אַ קעמפנדיקן און אויך פאַרייִאושטן דור בעלי־יצירה ערב און נאָכן חורבן. 40 יאָר האָט אויך משה שולשטיין געדולדיק אויפגעשטעלט זיין בנין פון ליד, משל, עסיי און פּראָזע. פון זיי אַלע רעפלעקטירט אַ ברויזנדיקע עפּאָכע, אַ סאָציאַל און נאַציאָנאַל געראַנגל, מיט חורבן און ווידערגעבורט. עטלעכע פון זיינע ביכער האָבן אים פאַרשאַפט אַ ווירדיקן, שאַפערישן שכר. מעגלעך אַז זיינע אַלע ביז איצט דערשינענע ביכער זענען בלויז געווען שטאַפּלען צו אַ גאָר אַנדערער פּאָעטישער וואָר — צו דער אַ יחידיש־פאַרזיגלטער וועלט פון אינטימקייט, פון אַ ריינעם שאַפערישן געמיט, וואָס מיר געפינען אין זיין איצטיק לידערבוך.

מיט זיינע נייע לידער האָט משה שולשטיין געפונען דעם שטילן יחידישן וועג פאַר אַ ריינער, הומאַניסטישער פּאָעטיק. ער איז נישט דער איינציקער צווישן דער מחנה א. ג. פּראָגרעסיווע פּאָעטן, וואָס האָבן איצט זייער אינערלעכע וועלט געווענדט קודם כל צום אייגענעם שאַפערישן געוויסן. ערגעצוווּ, צווישן זיינע נייע פּאָעטישע שורות, שאַטענען נאָך אַרויס די טראַומאַטישע עכאָס, „וואָס האָבן אויפן דנאָ פון צייט זיך אַנגעקליבן״ (ז. 26). דאָס איז דער עכאָ־ניגון פון זיין אַמאָליק דיכטעריש לעבן און שאַפן, אַ ניגון, וואָס — „נאָך איצטער איז ער שיין, כ׳בין מודה, / נאָר ס׳טוט זיין שיינקייט אַזוי וויי.״ (ז. 28).

דאָס בוך באַשטייט פון 9 אָפּטיילן. אין אַלע לידער־ציקלען איז פאַראַן אַן עלעגיש־פאַרבענקטער אָטעם, אַ לירישער אַקצענט מיט לייכט־פליסנדיקע חן־סטראָפן. ווידער ווערט וואָך דער הייליקער זכרון פון אַלץ, וואָס איז געווען אַזוי מסורהדיק פאַרוואָרצלט אין אונדזער אַמאָליק יידיש לעבן. פאַראַן אין די לידער אַ באַזיניקטע אידעע־קלאָרקייט, אַ מאָלעריש פּייסאַזש־דורכזיכטיקייט, אַ ריינער פּאָעטישער הימל, ווו ייִאוש, חורבן, טויט ווערן בלאָס קעגן דעם שירה־קוואַל, וואָס האָט זיך אים איצטער געעפנט. זיין דיכטערישער האָריזאָנט איז ריין און וואָלקנלאָז. אַ שטילע

פרידלעכקייט, אַ הכנעהדיק פילן און איראָניש זען, אַ טונקעלע פאַרב פון אַ מינאָרן ניגון באַגלייטן דאָס וואָרט. פאַראַן אין די לידער נאָסטאַלגיע צו דער אַלטער היים, צו דער מאַמען, צו דער יונגשאַפט, צום גילדענעם קערן פון ייִדישער שאַפערישקייט, בעת ער שטעלט־אויף צוריק „די פאַרשוווּנדענע וועלט פון טלאָמאַצקע 13״. אָבער — ווי שטיל, ווי פּאָעטיש פאַרצווייפלט, ווי אָטעמדיק־איינגעצוימט און צײַנקריציק איז דאָ דער נייער שולשטיינישער פּערז. דאָס רוב לידער באַגלייט אַ רעזיגנירנדיק געמיט, אַן עלעגיש פאַרטראַכטקייט, וואָס פירן אָבער נישט צו ייִאוש. הגם די טויט־מחשבות זענען ביי אים איצט פון די שטאַרקסטע פּאָעטישע סטימולן, זעט אָבער דאָס דיכטערישע אויג נאָך פיל גוטע ווונדער אין לעבן, כאָטש זיי רופן אַרויס דעם טיפסטן צער און אָפּשייד־טרויער, מחמת ער ווייסט שוין —

> נישט באַווייזן אַלע ווונדערס צו באַוווּנדערן,
> נישט באַווייזן אַלע טרערן אויסצוווייבען,
> נישט באַווייזן אויסצושרייבן אַלע אותיות —
> אַך, ווי ווינציק צייט ס׳איז שוין פאַרבליבן.

(ז. 26)

דאָס ערשטע מאָל, דוכט מיר, איז פאַראַן אין די לידער דער מאָטיוו פון טרערן, פון פאַרגיין, פון זיקנה, פון „ווי ווינציק צייט ס׳איז שוין פאַרבליבן״. דער אַ מאָטיוו גייט צוזאַמען מיט אַ ריין־מענטשלעכן צער, בעת דאָס וואַרעמע ליכט פון יצירה ווערט שוין קילער, בין־השמשותדיקער. דאָס ערשטע מאָל רעדט פון זיינע שורות אַזוי איבערצייגנדיק, אַזוי מילד און טרויעריק — די מענטשלעכע שוואַכקייט און אומבאַהאָלפנקייט. דווקא די שוואַכקייט־ניגונים ווערן ביי אים אויסגעזונגען מיט אַן אַפּאָטעאָזישער פשטות, וואָס האָבן דעם אָטעם פון מענטשלעכער שטאַרקייט און פּאָעטישער קרעפטיקייט. ער גייט אַנטקעגן דעם ביסל פאַרבליבענער צייט מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, מיט שלווה, מיט גנאָד, אָבער נישט אָן מילדן ליכט פון פרידלעכער רעזיגנאַציע — „ווען קומען וועט די שעה — זאָל אונדז נישט זיין קיין שאָד: / מיר וועלן דאַרפן, אָן שום טענות,

נאָר מיט גנאָד / דאָס אַלץ, דאָס אַלץ פֿאַר אַנדערע אויך איבערלאָזן״.
(ז. 221).

פֿאַראַן אינעם בוך אַ באַטייטנדיקע צאָל לידער, געשריבן מיט דיכטערישער ריינקייט, און מיט פּליסנדיקער שיינקייט. די אַ פּאָעטישע שיינקייט, וואָס איז גאַרנישט עפּעס אַנדערש ווי זיין אינטימסטע גאַרונג נאָך פּאָעטישער שלימות, האָט לאַנג געענטפֿערט אינעם דיכטער ווי אַ פֿאַרשאָטענער זיסער קוואַל. איצט איז דער קוואַל אַרויס אויף דער אויבערפֿלאַך מיט אַפּפּרישנדיקע וואַסערן און מיט זיין נייעם האַרמאָנישן געווירבל. ס׳איז אפשר אַ בוך פֿון אַ חשבון־הנפשדיקן משה שולשטיין, וואָרעם ער שטייט פֿאַר אונדז איצט מיט אַ ניי דיכטעריש געמיט און לשון, מיט אַ פּעדער, וואָס גאַרט צו באַנייונג אין זיין ייִדיש־דיכטערישער בדידות.

אין איינעם פֿון זיינע שענסטע לידער־סאָנעטן „שלימות״ זינגט ער:

וואָס אויפֿגעבויט כ׳האָב נעכטן — וועל איך היינט צעשטערן
און מאָרגן אויך צעשטערן וואָס כ׳האָב היינט געבויט.
בלויז אַנדערשקייט און שינוי איז נישטאָ אין טויט —
אין לעבן קאָן אַלץ אַנדערש זיין און אַנדערש ווערן. (ז. 248)

ס׳וואָלט זיך אָבער געוואָלט דאָ צוגעבן איין איינציקע מחשבה: דאָס, וואָס משה שולשטיין האָט היינט אויפֿגעבויט — זאָל ער שוין קיין מאָל נישט צעשטערן. וואָרעם — דער תּמצית פֿון זיין ניי בוך לידער איז: דער מאָרגנשטערן באַקריינט מיט זיין נייער שיין די פֿאַרשווונדענע געשפּענסט־נאַכט. דער יונגער מאָרגנשטערן פּישופט מיט זיין גוט ליכט אינעם פֿענצטער. דער פּאָעט איז זיך אויך מתוודה: „דעם בוים דעם ייִדישן — איך זע ערשט איצט מיט פֿייגל ייִדישע און ייִדישן געצוויטש״ (ז. 111). דער מאָרגנשטערן פּישופט אויך אַרויס פֿון צווישן די שורות אינעם נייעם לידער־בוך מיט אַ ליכטיקייט פֿון נאַציאָנאַלער אין ייִדיש־פּאָעטישער דערקענטעניש ביים פֿיל געפּרוּווטן ייִדישן דיכטער משה שולשטיין.

ישעיהו שפיגל

# מיין פען-חבר, דער פאָעט משה שולשטיין

## (1981—1911)

### (רעמיניסצענצן)

מיר זענעןביידע אריין, דורך די ענגע טירן פון דער ייִדיש־ליטעראַטור, מיט אונדזערע האַלב־צייטיקע ערשטע יצירה־פּרוכטן, כמעט אין דער זעלביקער נויט־און־אומרו־צייט — אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן. דאָס איז געווען איינע פון די שווערסטע תקופות אין פויליש־ייִדישן קולטור־לעבן. די אָ תקופה האָט זיך געצויגן ביזן אויסברוך פון דער שוידערלעכער צווייטער וועלט־מלחמה, וואָס האָט געבראַכט צום גרעסטן ייִדישן פאָלקס־אומגליק: צו דער אומקום־תקופה.

אָבער די יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות האָבן דאָך געשאַרפט, און אפשר אויך אויסגערייפט, אונדזער יונגע שרייבער־פען מיט בונט און תפילה, מיט אַ הילפלאָזער, געביילטער דיכטער־פויסט, אָדער מיט גרענעצלאָזן ייִאוש פון דער פאַרהונגערטער, הכנעהדיקער ייִדישער נשמה. נישט איין שרייבער־אָנפאַנגער האָט געפּרוווט אויפהייבן זיינע יונגע שאַפערישע פליגל מיט אַ מער דרייסטערן, געוואַגטן פלי. איז אָבער דער פלי געקומען פון אַ מין פאַרגליווערטער, גייסטיקער פאַרצווימונג אין אונדזער סאָציאַל געקריוודעטער פאַרהונגערטער סביבה. אונדזער פלי האָט זיך געריסן צו אומקלאָרע, ראַזיקע האָריזאָנטן, דאָרט, ווו די נאַכט — אונדזער גרויסע, טיפע ייִדישע נאַכט — וועט אויף אייביק אָפּטרעטן. אויף איר אָרט וועט אויפשפּראָצן אַ יונגע, בייע זון, וואָס וועט קיין מאָל

נישט אונטערגיין. מיר, צוויי יונגע יידיש־שרייבערס־אָנפאַנגערס זענען, גראָד ווי פיל אַנדערע אין די ווייטערטע יידישע צעשפּרייטקייטן געוואַקסן פון די זעלביקע פּאַרטריבטע, פּאַריזאושטע יידישע־היימען: משה שולשטיין — פון קאַריוער, שפּעטער פון וואַרשעווער אַרבעטער־אָרעמקייט, און מיין ווייניקייט — פון לאָדזשער באַלוט־ערד, ווו הונגער, הילפלאָזקייט זענען געווען פאַרזיווגט מיט די זיסע בטחון־טראָפּנס פון יושר און הומאַנישקייט. ס׳איז געווען אונדזער שיינער חלום, אַז דאָס גוטס וועט אַמאָל קומען פאַר אונדזער זינקענדיקער יידיש־וועלט. דאָס גוטס וועט קומען נישט מיט דער פויסט, נישט מיט בליי, נייערט ווען ס׳וועלן זיך עפענען די אויגן פון דער רישעותדיקער וועלט און אומוועלט, ווו אונדזער יונג שאַפעריש פעלד האָט נאָר־וואָס אָנגעהויבן אַזוי שוואַך צו גרינען: די ערשטע, שוואַכע יצירה־וואָרצלען אויף דער פאַר אונדז דעמאָלט בייזער, און דאָך היימערד, פון יידיש־פוילן.

ביידע האָבן מיר געהאַט די זעלביקע וויגן: הילצערנע, קרומע און געשטאָגענע זענען זיי פאַרשאָטנטע אין פאַרשיידענע ווינקעלעך פון דער פוילישער ערד. איין מאַמע האָט אונדז ביידן געוויגט און געקאָוועט: די מאַמע פון אונדזער גרויסער יידישער נויט, די מאַמע מיט אירע הייליקע מילכלאָזע, איינגעקוואָרטע בריסטן, פאַרגאָסענע מיט ביטערן געזיפץ און שטראָמענדיקע טרערן. און אַז מיר זענען אויפגעוואַקסן, געוואָרן „רייפער״ מיט די נויט־און יצירה־יאָרן, האָבן מיר ערשט דערשפּירט ווי אונדזער גוף און נשמה זענען געוואָרן אַ קליינער בית־עלמין פון אַלע פאַריתומטע חלומות און שיינע, פאַרלוירענע וועלטן.

דורך די אַלע שפּעטערע יאָרן איז דער־אַ בית־עלמין געוואָרן גרעסער, באַפרוכפּערטער אויך מיט בעלי יצירה. אונדזער האָרץ איז נישט מסוגל ביז איצט אויפצונעמען דעם פאַרגרעסטערטן בית־עולם. אָט קומט־צו איינער, אַ צווייטער, אַ דריטער פון אונדזערע טייערע, געקרוינטע יידיש־שאַפערס. צי וועלן בלייען בלויז די אָבל־פעלדער מיט זייערע אויסגעלאָשענע בלאָע הימלען? צי וועלן זיך תמיד לעשן אונדזערע האָפענונגען און חלומות? צי וועט נישט דערהערט ווערן אַ מאָל דאָס נסימדיקע געזאַנג פון זייער פאַרשניטן יידיש־געזאַנג?

שויןביים אויפגאַנג פון אונדזערע יונגע יאָרן איז געלעגן פאַרזייט דער זוימען פון אומהיילבאָרן פּאַעטישן אומרו מיט טרויער און חלומות, אין פאַרחידושטן שטעלן די ערשטע ראַכיטיש־וואַקלדיקע שריט אונטער פּוילנס הימלען. זיי, די הימלען זענען געווען פאַר אונדז שווערער פון בליי און רחמנותלאָז מיט זייער שפּע־גויט אין כּמעט אַלע ייִדישע היימען. ווו האָט מען געקאָנט זוכן טרייסט? אַ טראָפּן האָפענונג? ווו איז געלעגן „דער אָרעם פון ליבשאַפט״? אַלע שוועלן זענען געווען פאַרצוימט. אַלע טירן — פאַרזיגלט. בלויז דאָס האַרץ האָט געפלימערט ווי אַ קראַנקע שוואַלב אין אונדזערע הייסע יוגנט־גאַרענישן. מער ווי דאָס איז נישט געווען. דאָס איז געווען פאַר אונדז דער בראשית פון דיכטערישן אלף־בית. אַ טייל פון די שרייבער־אָנפאַנגער איז דערגאַנגען אין דאָזיקן אלף־בית ביזן אות אלף, אָדער נאָך ווייניקער. ביי אַ טייל איז געקומען דער נס. דער גרויסער נס — די גוטע געבורט, הגם מיט אַ בלוטיקן קייזער־שניט. דער נס פון אמתע יצירה־ווייען, וואָס מאַכן פאַרגעסן אַלדאָס בייז און אויך יעטוועדע לאַסט און געשפּענסטיקייט.

מיטן דאָזיקן אומגעריכטן נס האָט זיך פאַר אונדז אויך אַנטפּלעקט דאָס גרויסע טרייסטנדיקע ערשטע פייער פון ייִדישער פאָלקס־פּאָעזיע: באַוושאַווער און עדלשטאַט, פרוג און מאָריס ראָזענפעלד, אברהם רייזען און דוד איינהאָרן. שפּעטער: די בונטאַרן, צוים־ברעכער און די שפּאַלטער פון נייע פּאָעטישע הימלען: פּרץ, לייוויק, מאַני לייב, משה לייב האַלפּערן, ראַלניק, סיגאַל, גלאַטשטיין, מאַנגער, מאַרקיש, גרינבערג, ראַוויטש, ליעסין, סוצקעווער, און הונדערטער נייע נעמען. ווי ברענענדיקע פייער־שטורקאַצן האָבן זיי געצונדן דאָס פּאָעטישע וואָרט אויף פאַרשיידענע שטחים. און געלויכטן האָבן די דאָזיקע שטורקאַצן וואַרעם און היימיש־ייִדיש אין דער לאַנגער נאַכט פון אונדזער אייגענעם פּאָעטיש־אָרעמען מדבר.

אין אַזאַ אַטמאָספער האָט משה שולשטיין דעמאָלט אָנגעהויבן סטראָיען זיין אָרעמע פּאָעטישע פידל. יעדעס פידל־סטראָיען איז קיין מאָל נישט שלימותדיק. ער האָט געפּרוווט די גאַמעס און ציטערנדיקע סטרונעס האָבן געטריי געפאָלגט זיינע אַרבעטסלאָזע פינגער מיט אַ קרעכץ און שלוכץ. בעת זיינע הענט זענען געווען אַרבעטסלאָז — זענען אָבער ביי אים דאָס

יונגע האַרץ און דער אומרויִקער מוח קיין מאָל נישט געווען אַרבעטסלאָז. תּמיד: אימפּעט פון מחשבה, גלי פון דיכטערישע זעונגען, כּישוף פון חלום, נערוועזע גייסט־אימפּולסן; דער גלעט פון שׂר היצירה, וואָס שענקט תּמיד פרייד אינעם איינזאַמען, אייגענעם האַרץ־געזאַנג, גראָד ווי אַ פרילינג־רעגן, וואָס ברענגט מיט זיך די ברכה פון בליִעכץ מיט זיין יעדן טראָפּן, כאָטש עד ווערט תּיכף פאַרזונקען אין דער נאָך נישט אויפגעגאַנגענער שוואַרצערד. אַזאַ איז אויך דער מיסטעריעזער שליאַך פון דיכטונג אין איר שוואַרצערד.

דער דאָזיקער פּסיכישער מצב פון זיין ערשטער פּאָעטישער יוגנט וועט שפּעטער, נאָך אַ סך יאָרן פון דורכגעגאַנגענע דיכטערישע גורלות, געפינען אַן אַדעקוואַטן, געטרייען אויסדרוק אין זיין אַרבעט „דאָס איבערגעריסענע געזאַנג פון פּרץ מאַרקיש", פאַרעפנטלעכט אינעם בוך „געשטאַלטן פאַר מיינע אויגן" (פּאַריז, 1971) און געשריבן אין יאָר 1965 — אַן אַרבעט, וואָס דעקט אונדז אויף, אגבֿ, דעם פאַרהאַנג פון שולשטיינס אייגענער פּאָעטישער געשטאַלט. אָט וואָס ער שרייבט דאָרט:

„ווען מען בלעטערט מאַרקישעס ירושה פילט מען ווי עס פיבבירט זיין פלאַמיק און אומרויִק האַרץ. מען פילט ווי עס האָט פון אים ממש געבושעוועט מיט שאַפן. עס פאַרבלייבן אין זכּרון די עיקר־סימנים פון זיין פּאָעטישער יצירה: זיין ברייטקייט און נישט — שפּאַרזאַמקייט פון בילד, פון מעטאַפאָר, וואָס ער האָט פאַרמאָגט אַ שפע... יעדעס וואָרט, יעדעס בילד, יעדער קלאַנג האָבן זיך ביי אים געכפּלט אויף אַנדערע ווערטער, בילדער, קלאַנגען... ווי רינגען אויף אַ וואַסער, וואָס אַ געשליי־דערטער שטיין האָט אים צערודערט און צעשטערט זיין שלווה".

די אַ אויביקע ווערטער וועגן דעם גרויסן פּרץ מאַרקיש זענען, ווי מיר שיינט, אויך צוגעפּאַסט צו כאַראַקטעריזירן שולשטיינס שרייבערישן וועג אין משך פון קנאַפּע 50 יאָר אין דער יידיש־ליטעראַטור.

דער נוסח פון אונדזער ביידנס שרייבן איז געווען, קאָן מען זאָגן, סיי האָריזאָנטאַל און סיי ווערטיקאַל גאָר אַנדערש, הגם אונדזער שאַפע־

רישער חלום איז געלעגן פֿאַרכּישופֿט אין אונדזערע געלביקע אָרעמע שוועלן און גײַסטיקע וועלטן. איך מיין מיט דעם צו זאָגן, נישט, חלילה, צו פֿאַרמינערן אָדער פֿאַרגרעסערן יעדן אין אונדז אײַנגעבוירענעם שרײַב־נוסח. גראָד ווי איך האָט ער ליב געהאַט דאָס שווייגן, ווי אַ שאַפֿערישן עלעמענט, וואָס שפּראַצט־אויף אונטערבאַוווּסטזיניק און אומזעעוודיק, ווי דאָס געשעט, למשל, מיט דער קלענסטער גרעזלפֿלאַנץ, וואָס איז נאָך צוגעדעקט מיט דער גוטער פֿרוכפּערדיקער ערד. בעת מיר זענען געווען צוזאַמען — (און דאָס איז, אגב, געשען אַפֿילו מיט אַן ערך 50 יאָר שפּעטער שוין אין מדינת ישראל, בעת זײַן באַזוך אין מײַן הויז מיטן שרײַבער אברהם זאַק — אויפֿגענומען אויף אַ טייפּ־לענטע) — האָט ער עקשנותדיק געשוויגן. ער האָט בלויז צוגעשאָקלט לײַכט און מילד מיט זײַן שײַנעם, רונדיקן דיכטער־קאָפּ. ער איז שוין פֿון די פֿריִע יונגטיאָרן געווען עלעגיש־האַרציק, נערוועז־צוריקגעהאַלטן און פֿאַרגינעריש־צופֿרידן אין באַצונג צו שרײַבער אין דער גאַרער וועלט. איך האָב קיין מאָל נישט, בעת זײַן גאַנץ לעבן, אויך בעת מײַן באַזוך בײַ אים אין שטוב אין פּאַריז (1972) אין אַ גאָר אינטימער אַטמאָספֿער — נישט געהערט פֿון זײַן מויל אַ שאַטנדיק, אומכּבֿודיק וואָרט וועגן אונדזער נישט־אַזוי־פּאַסטאָראַלער, ייִדישער שרײַבער־משפּחה. זײַן שווייגן, ווי אַ יצירהדיקער קאָמפּאָנענט, האָט אים באַגלייט אויך אין זײַנע לידער. זיי האָבן אונדז דערציילט וועגן דעפּרעסיע און דערהויבנקייט, וועגן מפּלה, און אויסגאַנגלאָזיקייט, קיין מאָל נישט וועגן אַ פֿלאַכן, אויבנאויפֿיקן אָפּטימיזם. מיט אַ ברענענדיקער טראַגיק זענען דורכגענומען זײַנע לידער פֿון דער אומקום־תּקופֿה. ער איז געווען אַ דיכטער מיט טויזנט אויגן און טויזנט אויערן — און איבער אַלץ האָט געשוועבט דער געלײַטערטער גלי פֿון אמתער פּאָעטישער באַגײַסטערונג, וואָס קומט פֿון אַ טיפֿער איבערלעבונג. טויזנטער וויבראַציעס האָבן געצויגן זײַן פּען: וויבראַציעס, רעאַלע, לירישע, סענטימענטאַלע, עפּישע, רעוואָלוציאָנערישע, עטיש־פֿילאָזאָפֿישע (זע: זײַנע משלים, למשל). אַרומגערינגלט מיט אַזאַ פֿײַערדיקן פֿליגל־פֿלאַטער פֿון זײַן נערוועזער מוזע האָט ער, טייל מאָל, אויך נישט אויסגעמיטן אַ וואָרט־שטרויכלונג פֿון אַן אידעיִשן אינהאַלט. דאָס איז געשען מיט אים גראָד

ווי עס געשעט בעת אַ שיין נאַכטפּלעמל מיניעט כּישופדיק פּאַר אַ
פאַרבלאָנדזשעטן און מידן וואַנדערער. אָבער די־אַ שטרויכלונג פאַרדעקט
נישט לחלוטין זיין באַטייטיקן, שיינעם ביישטייער צו דער יידישער
ליטעראַטור בכלל.

מיר דוכט זיך, אַז משה שולשטיין האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ סך
אימאַגינערע און אויך אמתע עוולות, וואָס זענען אים געשען, הגם ער
האָט זיך נישט געקאָנט באַקלאָגן אויף די אַלזייטיקע, גוטע אָפּרופן —
טייל מאָל גאָר באַגייסטערטע — וועגן זיין גאַנץ שאַפן. עפּעס האָט דאָך
געפעלט דעם מענטשן משה שולשטיין, כּדי ער זאָל זיך פילן פּאָעטיש
נישט אַזוי פרעמד און אומפאַרהיימישט אין דער סביבה פון אונדזער
ביסל ליטעראַטור־אַרעמקייט. וואָס איז געווען די סיבה ? אַן אידעיִשע ?
פּסיכישע ? אַ היפּערעמפּינדלעכקייט ? זעלישע שפּאַנונג פון נישט־אַרויסגע־
בראַכטע עקסטאַזן און אימפּולסן ? דוכט זיך : פון אַלץ אַ שמץ — און
אפשר מער ווי בלויז אַ שמץ. זיכער איז, אַז דאָס אַלץ געפינט מען ביי
אַלע ערלעכע גוטע פּאָעטן, וואָס זוכן די פולע שלימות צווישן וואָרט און
חלום, צווישן רעאַליע און מיראַזש. דאָס איז די זיסע דאַליע פון פּאָעטישער
באַגייסטערונג, וואָס קאָסט דעם בעל־יצירה מיטן בענטשן זיין פעדער
אויף יעדן שאַפונג־שטח. זי קאָסט אים הייס, מיט ליבשאַפט, וואָס
ברענגט אים נאָענט צו אַ זיס געקליפּ און איינגעצוימטן געוויין־געשלוכץ.

דאַ דאַרף מען דערמאָנען די טיפע סענטענץ פון ראָמען ראָלאַן :
„יעדע ליבשאַפט — זאָגט דער גרויסער ראָלאַן — טראָגט אין זיך אויך
דעם נעפּל פון טרערן”. די אַ פאַרשלוכצטע באַגייסטערונג געפינט מען
אין דעם אופן ווי אַזוי שולשטיין דעפינירט זיין אייגן ליד, אינעם
אַריינפיר־ליד פונעם בוך „דער אָרעם פון ליבשאַפט” (לידער און
פּאָעמעס, פּאַריז 1977), ווו ער דרינגט אַריין אין אַ סך פּאַנטעזיִסטישע
כּוחות און נאַטור־דערשיינונגען, וואָס זאָלן אים לערנען ווי אַזוי אויפבויען
זיין פּאָעטישן געביי. אָט איז זיין כּמעט תּפילה־ליד : זיך לערנען ביים
נעפּל, קוואַל, שטיין, בליץ און דונער. —

מיין ליד, זאָלסט זיך לערנען ביים נעפל דעם גרויען.
פאַרבאָרגן, פאַרהילט און פאַרהוילן צו זיין,
כ'זאָל סוד און כוונה דיר קענען פאַרטרויען,
פאַרשטעלטע מיט דיר ווי מיט פעסער דער וויין,
מיין ליד, זאָלסט זיך לערנען ביים נעפל דעם גרויען

מיין ליד, זאָלסט זיך לערנען ביים קוואַל ביי דעם קלאָרן.
ווי לויטער און דורכזיכטיק־ליכטיק צו זיין,
ווו זען זאָל מען מיך אין מיין מילדקייט און צאָרן,
מיט מינדעסטן פּרט, וואָס איז מיין און אויך דיין,
מיין ליד ,זאָלסט זיך לערנען ביים קוואַל ביי דעם קלאָרן

מיין ליד, זאָלסט זיך לערנען ביים שטיין ביי דעם האַרטן
ווי דויערדיק, שווייגיק און גבורהדיק זיין,
וואָס לעבט אויך אַריבער דעם טויט דעם דערוואַרטן ;
זיין שטאַרקייט און שטילקייט אין דיר נעם אַריין.
מיין ליד, זאָלסט זיך לערנען ביים שטיין ביי דעם האַרטן.

מיין ליד, זאָלסט זיך לערנען ביים בליץ און ביים דונער
ווי לייכטנדיק־בלענדיק און הילכיק צו זיין
און בוק זיך צו זיי מיטן פאַרכט פון אמונה —
צום אייביקן זיווג פון קלאַנג און פון שיין.
מיין ליד, זאָלסט זיך לערנען ביים בליץ און ביים שיין.

זיין ערשטער רבי אין דער ליטעראַטור איז געווען איטשע מאיר ווייסנבערג. צו אים איז שולשטיין, ווי אַ סך אַנדערע, געקומען מיט זיינע ערשטע אומרייפע לידעלעך, ווי מיט נאָך יונגע, אומרייפע, פוילישע סעדער־עפּעלעך. און הגם זיי האָבן נאָך אַ כראָפּעוואַטע הויט, האָבן זיי אָבער שוין געהאַט די זיס־זאַפטיקע קערעלעך פון דער שפּעדיקער גוטער מאַמע־נאַטור. שפּעטער האָבן זיינע לידער באַקומען אַ באַגלייטנדיקן בת־

קול פון שלום אַשס און ראָמאַן ראַלאַנס ראָמאַנען. פון זייער וואָרעמער, הומאַניסטישער אַטמאָספער האָט ער אַנגעהויבן צו ציִען, ווי אַ פלאַטערנדיקע בין, דעם כישופדיקן סאָק פאַר זיינע שפּעטערדיקע פּאָעטישע און אויך פּראָזע־פערזן, עפּעס, דוכט מיר, איז אין אים פאַרבליבן פון דיביידע דערמאָנטע גרויסע שרייבער: זייער טראַגיש־שיינע הומאַנישקייט און ראָמאַנטישקייט, פאַרוועבט מיט אַ תּפילהדיק־הימלישער פאַרחלומטקייט. ער האָט סוגעסטיוו־הערצ׳יש אין היפּנאָטיש אויפגענומען דעם וויבּרירנדיקן אַקאָרד פון בישט־דורכשניטלעכער יצירה. דער אַ אַקאָרד האָט זיך שפּעטער אָפּגערופן מיט אַ דינער הארמאָנישער דיסציפּלינירטקייט אין אַלע זיינע געשאַפענע ווערק.

משה שולשטיין איז געווען געבענטשט מיט אַ פּרוכטבאַרער, ברייטער גאַמע פון אידעען אין זיין שאַפן. די מינדסטע נאַטור־דערשיינונג, זיין אייגענע מענטשלעכע איבערלעבונג, די „טויטע נאַטור״, וואָס איז קיין מאָל נישט טויט אין דער פּאָעזיע, די מאַמע־ און היים־מאָטיוון, אַלץ, וואָס איז געווען חלום אָדער וואָר, האָט געשמייכלט, אָדער געוויינט אונטער זיינע שאַפערישע פינגער מיט די פאַרגליווערטע טרערן פון זיין מענטשלעכער און פּאָעטישער דאַליע.

פון יענער אַמאָליקער פּראַלעט־גרופּע איז משה שולשטיין געווען דער דערהויבנדיקסטער, דער אַממיינסטן צוזאָגנדיקער פאַר אַ באַטייטנדיקער פּאָעטישער צוקונפט. ער האָט די צוקונפט. דורך יאָרן געדולדיק און געטריי אויסגעהאַמערט מיט אומיוסשעפלעכע כּוחות, ביז ער איז טאַקע געוואָרן דער פּראָמינענטסטער פּאָעט פון יענער גרופּע — נישט צו פאַרמינערן, חלילה, די אַנדערע אַנגעהעריקע — מיט זייער בכּבודיק אַרט אין דער ליטעראַטור. אָבער משה שולשטיין האָט זיין באַזונדער, יחידישדיק אַרט, ווו עשירות פון וויזיע, טיפע דורכדרינגלעכקייט און קלאָרקייט פון וואָרט, זאָגן עדות פון זיין קאָלירררייכער, דינאַמישער, שאַפערישער פערזענלעכקייט.

אַז מען לייענט זיך אַריין אין זיינע 18 ביכער, וואָס ער האָט ביי זיין לעבן אונדז איבערגעלאָזט, דערזעט מען ערשט וואָסער גרויסער, כּמעט גיגאַנטישער, שיינער יצירה־געביי פון פאַרשיידנאַרטיקער אַרכיטעק־

טאַניק און כּלערליי זשאַנערן האָט דאָס דאַזיקע אַמאָליקע אָרעמע, נערוועזע ייִנגל פֿון קאַריוו געשענקט דער ייִדישער ליטעראַטור. איך זאָג בפירוש געשענקט — ווייל מיר האָבן נישט תּמיד זיינע ביכער אָנגענומען ווי אַ גרויסע, שיינע מתּנה פֿאַר דער ייִדיש־יצירה. וואָס איז אַלץ נישט געווען דער חומר פֿאַר זיין שאָפֿערישער באַגייסטערונג ? ליד, פּראָזע, עסיי, אויטאָביאָגראַפֿישער ראָמאַן, משלים, קריטישער אָפּשאַץ פֿון בעלי־יצירה, אימפּרעסיע־מאָטיוון פֿון דער נייער ייִדישהיים אין ישׂראל, די ברענענדיקע עקדה־עלעגיעס, פֿון דער אומקום־תּקופֿה. בעת זיין האַרץ באַוויינט די ייִדן־קרבנות ; די טריי־שיינע פֿאַעזיע־איבערזעצונגען פֿון פּויליש, פֿראַנצויזיש, דייטש — און איבער אַלץ האָט געהויכט משה שולשטיינס בצימצומדיק, עקאַנאָמיש וואָרט, וואָס האָט פֿאַרמאָגט אין זיך אַן אײדעלע געשניצטקייט, אַ לויטערע ליבשאַפֿט און פֿאַרערונג. אַן אידעישע אָנגעזעטיקטקייט, וואָס ברענגט דיך צו די ברעגן פֿון חלום, פֿון תּפֿילה און פֿאַרבאָרגענע נישט־אַרויסגעבראַכטע טרערן. אַלע זיינע לידער זענען פֿול מיט אַ לירישן, וואַרעמען נשמה־צאַפּל, מיט אַ געצוימטער פֿאָעטישער פֿאַרנונפֿט, באַוועגט זיין וויזיע מיט אמתער דיכטערישער הכנעה און יצירהדיקער חכמה. איך קאָן זיך נישט אָפּזאָגן, כאָטש פֿון עטלעכע ווערטער וועגן זיין לעצט דערשיינען בוך אַרויסגעגעבן — שוין נאָך זיין פּטירה — דורך דער אַלמנה מילכה פּעטשעניק־שולשטיין, דאָס אויטאָביאָגראַפֿישע בוך „דאָרט ווו מיין וויג איז געשטאַנען״ (פּאַריז 1982). דאָס ווערק איז אַ רירנדיקער מאָנומענט פֿון דעם פּאָעטס ייִנגלשאַפֿט, געשריבן מיט אַזאַ הייסער נאָסטאַלגיע, וואָס נאָר אמתע דיכטערס זענען מסוגל צו שרייבן, לעבנדיק אין אָפּגעצוימטקייט און אין אַ פֿאַרויסלויפֿנדיקער אייביקער איינזאַמקייט. ער האָט אויפֿסניי אויפֿגעשטעלט זיין וויג אין אָרעמען קאַריוו, מיט זיין טיף־רירנדיקער פּעדער צוריק אויפֿגעלעבט די ווייטע, אָרעמע ייִנגלשאַפֿט ווי אַ גראַניטענע מצבֿה אויפֿן חורבן פֿון גאַנץ ייִדיש־פּוילן. אַזעלכע ביכער געהערן צו דער קאַטעגאָריע ווערק וואָס נאָר אַ דיקענס אָדער גאָרקי האָט געקענט שאַפֿן. זיי האָבן אין זיך טראַגישן מענטשגורל און ליכטיקע צוואה, וואָס נאָר אַ פּראָמינענטער שרייבער איז מסוגל אונדז איבערצולאָזן פֿאַר זיין אַוועקגיין אין דער אייביקייט. דערפֿאַר

איז דאָס בוך פאַר מיר אַ קוואַל פון הייסע פּאָעטישע עמאָציעס, פון זעלטענער מאַלערישקייט און עפּישער, לירישער קינסטלערישער שילדע־רונג, באַהויכט מיטן הייסן אָטעם פון משה שולשטיינס געבענטשטער פּעדער.

דער פּאָעט האָט אָפט ליב געהאַט אַנצווואַרפן מאַלעריש די קאָנטורן פון זיין קאָפּ, אָבער תּמיד בלויז מיט אויפגעפּראַלטע אויגגלעדלעך אָן די שוואַרצאַפּלען און אויך אָן די אויגן־ווימפּערן, די צייכענונג האָט דערמאָנט אין די אַלט־רוימישע סקולפּטורקעפּ. איינע פון די קאָמפּאָזיציעס האָט ער אַריינגענומען אין זיין בוך: „דער מאָרגנשטערן אין מיין פענצטער״ מיט דער צושריפט: „געצייכנט זיך אַליין, פּאַריז 1973״. מיר האָבן פאַר זיך דאָ די קאָנטורן פון אַ שיין קיילעכדיק פּנים מיט דינע, צונויפגעפּרעסטע ליפּן — און ווידער אָן זיינע שוואַרצאַפּלען און בלויז מיט די אויפגעפּראַלטע אויגן־רעמלעך. איך זע אין זיין קאָפּצייכענונג ווי ער וואָלט איבערגעלאָזט אין איר אַ סימבאָל פון זיין פּאָעטישער און מענטשלעכער צוואה: „טייערע מיינע, אַלץ אַרום מיר איז סייווי בלויז קאָנטור, ברעגיק, רעמיק, שפּינוועבס, וויגנדיקער ווינט, וואַרצללאָז און פליסיקע כמאַרעס. דער עיקר: דאָס פייער פון מיינע פאַרלאָשענע אָבל־אויגן, פון מיינע פאַרטרערטע שוואַרצאַפּלען. איר וועט זיי ווידער אָפּגעפינען צווישן די שורות פון מיינע סטראָפן און אויך פּראָזע־שורות. זיי אַליין וועלן קוקן צו אייך עלעגיש־נאָענט, בעת איר וועט זיך בייגן איבער מיינע פאַריתומטע בלעטער... אָ, ליבע פריינד, ווען איך וועל שטאַרבן״...

משה שולשטיין האָט שטאַרק פאַרערט דעם גרויסן ראָמען ראָלאַן. ערגעצווו אין „זשאַן קריסטאָף״, אין דער הקדמה צו דער ערשטער אויסגאַבע פון ווערק, שרייבט ראָלאַן, נאָוועמבער 1906: „יעדן טאָג באַמיִען מיר זיך נעענטער צוצוקומען צום אמת. אַז מיר וועלן קומען צו אונדזער סוף, וועט איר קאָנען משפּטן וואָס איז ווערט געווען אונדזער אָנשטרענג. אָן אַלט שפּריכוואָרט זאָגט: דער סוף לויבט דאָס לעבן, דער אָוונט — דעם טאָג״.

משה שולשטיינס אַוועקגיין, זיין פיזישער סוף, הייבט־אָן ערשט איצט, באַד מערער ווי פריִער, צו לויבן זיין לעבנסטאָג, זיין גרויסן פּאָעטישן

אנשטרענג, זיין דערוואַרבענעם דיכטערישן אמת, וואָס וועט קיין מאָל נישט פאַרבלאָסן. אַזוי פאַרבלאַסט קיין מאָל נישט אַ שיינער, אויסגעחלומטער רעגנבויגן. צוזאַמען מיט אים וועל איך מורמלען זיינע הייליקע מאַמע־פערזן, די עלעגיש־לירישע שורות, וואָס קערן אונדז צוריק זיין פּאָעטישן חלום צוזאַמען מיט „מאַמעס קליידער״:

כאָטש די קליידער זענען שוין נישטאָ,
פלאַטערן זיי נאָך אַלץ פאַר מיינע אויגן.
כ׳ווייס נישט: די קאָליר איז רויט צי בלאָ,
כ׳ווייס נאָר אַז זי איז פון רעגנבויגן.

(„דער מאָרגנשטערן אין מיין פענצטער״ ז. 10).

איצטער, מער ווי תמיד, וועל איך אַראָפּבייגן מיין אַלט פּנים איבער זיינע פאַריתומטע בלעטער. אויפסניי וועל איך דערפילן אין זיי, אויפן הימל פון אונדזער גרויסער ייִדישער שאַפערישקייט, דאָס גוטע, אומפאַרלעשבאַרע פייער פון מיין פּען־חבר, משה שולשטיינס יצירהדיקן רעגנבויגן.

## משה יונגמאַנס געפאַלענער פּאָעטישער הימל

### צו זיין ערשטן יאָרצייט (1922—1982)

כ'ווייס נישט, צי ס'איז באַך פאַראַן צווישן דער אויפגעקומענער נאָכמלחמהדיקער דיכטער־גענעראַציע אַזאַ יונג־צייטיקער, ברכהדיקער פּאָעטישער בוים, וואָס האָט מיט זיין פאַלן אַרויסגערופן אין האַרץ אַזאַ בלוטיקן ריס, ווי דאָס איז געשען מיטן פּלוצעמדיקן טויט פונעם פּאָעט משה יונגמאַן. די סיבה איז אפשר די, וואָס בעת זיין קורץ, טראַגיש לעבן, האָט משה יונגמאַן אָפּגעשפּאַרט זיך, מיט זיין באַשיידן שאַפן, אַן אמתע, שאַטנלאָזע ליבשאַפט, אַ וואַרעמע פאַרערונג צו זיין יצירה — צו זיין פּאָעטיש, עניוותדיק פידעלע, וואָס האָט אַזוי יידיש־דיק געכליפּעט מיט שיינקייט, מיט אַלע פאַרפייניקטקייטן און אויך מיט פיל אַלט־יידישן בטחון. כ'ווייס נישט, צי דאָס זענען טאַקע די עיקר־סיבות פון דער אַ ליבשאַפט און פאַרערונג, וואָס מיר האָבן געהאַט צום דאָזיקן יונגן, אויפגייענדיקן פּאָעט, מן־הסתם האָט זי, די אָ ליבשאַפט, ווי יעטוועדע מענטשלעכע ליבשאַפט, געהאַט אין זיך וואָרצלען פון אַלכעמישע לעבנס־סודות, פון אַ גייסטיקער גראַוויטאַציע און אויך גייסטיקן מאַגנעטיזם, וואָס זענען געקומען פון זיינע אויסגעזונגענע שורות, פון די לידער, באַלאַדן און פּאָעמען, און אַזוי אַרום אויפגעוועקט מיט ליבשאַפט אונדזער אויג און האַרץ.ביידע — סיי דאָס האַרץ און סיי דאָס אויג — זענען תמיד דער אייביקער קוואַל, וואָס שענקט אונדז באַגייסטערונג פון יצירה. בעת מיר זעען דאָס געזונגענע, רופט עס תמיד אַרויס אַ שיין בת־קול אינעם האַרצן. אפשר זענען דאָס די פאַרהוילענע, פּאָעטישע ספּרוזשינעס פון יונגמאַנישן שאַפן, די סודות פון זייער זיסן קוואַל, וואָס איז איצט שוין אויף אייביק פאַרטרוקנט געוואָרן ?

מיט יעדן אָוועקגייענדיקן בעל־יצירה, בעיקר בעת ס׳פאַלט אַזאַ אויפֿ־גייענדיקער פּאָעטישער הימל, קומט־צו נאָך אַ שווערער ריס אין אונדזער אַזוי שווער־געטראָפענער ייִדיש־יצירה נאָכן חורבן. מיט משה יונגמאַנס פֿאַרשטומט ווערן איז אונדז פֿאַרלוירן געגאַנגען אַ לירע פֿון אַ באַזונדער אַלט־ייִדישן כּישוף און פֿרומען, איידעלן ניגון. דער כּמעט וואָלט וויטמאַ־נישער באַרימטער פּאָעט מלך ראַוויטש ע״ה, האָט אונדזער משה יונגמאַנען אָנגערופֿן נישט אַנדערש ווי: „די פּאָעטישע אַרכידעע". מען מוז מודה זיין, אַז די אַ גאָר אָריגינעלע, טרעפֿלעכע באַצייכענונג, ציט זיך אויס איבערן גאַנצן שאַפֿן פֿונעם פֿאַרשטאָרבענעם פּאָעט. עפּעס איז פֿאַראַן אַזאַ אַרכידעיִשע גראַציע און מילדע וואַרעמקייט, מיט צדיקישער עניוות אין משה יונגמאַנס גאַנצער פּאָעטיק. אויך אין מיינע אויגן — און נישט בלויז אין מיינע — איז דער נאָמען משה יונגמאַן געגליכן אין דער ייִדיש־פּאָעזיע צו אַ שיין געשניצט פֿידעלע, וואָס ציטערט־אויס תּפֿילהדיק, האַרמאָניש־ווייך, און מיט הייגט אַזוי זעלטן־באַגעגנטער עניוות, זיינע חלום־זיסע און אויך טרערן־טראַגישע רעגונגען און ציטער־נישן. זיי ברענגען אויפֿסניי צוריק, אין אַ שיינעם קרישטאָל־לשון, אַלע וואַרעמע האַרץ־ניגונים און אינטימסטע מענטשלעכע תּפֿילות און גורלות פֿון אונדזער אומגליקלעכן דור.

וויל מען צוקומען צו דער מענטאַליטעט פֿונעם מענטש משה יונגמאַן, מוז מען זאָגן, אַז ער איז געווען די אַנטיטעזע פֿון מענטשלעכער קנאה, פֿון הויכרעדעוודיקייט פֿון שלעכטער רמזימדיקייט, אָדער פֿון אומפּאַרגינע־רישקייט. די אַלע שטריכן, וואָס עס גיט זיי אַזוי טרעפֿלעך איבער דער העברעיִשער טערמין: צרות־עין. ער איז געווען אין דער יונג־ישראל־גרופּע דער פֿרישער קוואַל פֿון גוטער האָפֿענונג. ביי אים איז געווען עפּעס אַזוינס, וואָס איז אגב, אויך בנמצא, ביי אַלע ניי־געקומענע ייִדיש פּאָעטן, וואָס כ׳וואָלט אָנגערופֿן: די פּאָעטישע ווידוי־ליריק נאָך אַלע פֿאַרשוווּ־דענע, אָדער געשעענדעטע ייִדישע חלומות און ביטערע פֿורעניות, צוזאַמען מיט דער פֿרייד פֿון זיצן שוין באַפֿרייט פֿון אַלע דעמאָנען אויף אַ פּיצל שטיקל ערד. די אַ ווידוי־ליריק האָט משה יונגמאַן אַרייַנגעלייגט אין אונדזערע הענט ווי אַ קרישטאָליקן שבת־בעכער, אָנגעפֿולט מיט אַלט־

זיסן וויין צום שבת־קידוש און אויך פאַרן בלאָען הבדלה־פלאַם, וואָס ברענגט מיט זיך שוין די גראָע און דאָך קאָלירפולע ישראלדיקע אַלטאָגלעכקייט. דער קודש און חול האָט געטריפט צווישן זיינע שורות, ווי די זיסע ווייַנטראָפּנס סיי פון שבתדיקן קידוש־בעכער, סיי פונעם זילבערנעם, געטורעמטן הבדלה־בעכער.

בעת איך באַמי זיך צו דערגיין צום תוך פונעם מענטשן און פּאָעט משה יונגמאַן, קאָן איך בישט אויסמיידן אונדזער ערשטע באַגעגעניש. זי איז פאַרגעקומען ערגעץ אין סוף פון די פופציקער יאָרן, אין אַ פּאַסטאָראַל־אָפּגעלעגענעם קור־הויז אין טבעון, וווּהין איך בין געקומען זיך היילן מיט דער דאָרטיקער גרינער שטילקייט, מיט דער פאַרזיגלטער איינזאַמקייט און אויך זיך באַפרייען פון די נאָך אין מיר טלי׳ענדיקע ווילד־דעמאָנישע גיהנום־חלומות נאָכן פאַרגאַנגענעם חורבן. מיר דוכט זיך אַז פון די אַממייסטן דעצינדירנדקסטע — און אפשר אויך וויכטיקסטע — גורמים, וואָס לייגן זייער חותם אויף די צווישנמענטשלעכע באַציִונגען, בעיקר צווישן שאַפערישע נאַטורן, בלייבט תּמיד דער ערשטער צוזאַמענטרעף צווישן זיי. דער ערשטער איינדרוק, וואָס עס פּרעסט־אויס די ערשטע באַגעגעניש. זי איז געגליכן צו אַ בליץ, וואָס בלייבט פאַרשלאָסן און אומפאַרלעשבאַר, אין אונדזערע האַרץ־קאַמערן שוין אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן.

כ׳דערמאַן זיך: כ׳בין געזעסן דעמאָלט פאַרשפּינט מיט שטילקייט, אין אַ פאַריתומט אָרעם, קליין גערטנדל, פאַרבויגן איבער אַ בוך. אַרום מיר האָבן אומרויִק, פריילעך געפלאַטערט די קאָליריקע ערשטע זומער־ביינען, ווי דאָס וואָלט געווען אַ פלאַטערניש פון אומגעזעענע שליחים־מלאכים. זייער פלאַטערניש איז געווען נאָך אַ שטילער, לירישער צוגאָב־אַקאָרד צו דער גרינער שטילקייט אונטערן בוים־שאָטן. כ׳האָב פּלוצעם דערהערט אַרום זיך ווייכע טריט. זיי האָבן זיך דערנענטערט אַלץ מערער צום בוים־שאָטן און בעת כ׳האָב אויפגעהויבן די אויגן, איז פאַר מיר געשטאַנען אַ בחורל, וואָס דער שמייכל איז אַרויסגעשוווּמען פון הינטער זיינע ברילן־גלעזער, און איידער איך האָב געוואָלט אים עפּעס

פרעגן האָט דער אומבאַקאַנטער אויסגעשטרעקט צו מיר זיין קליינע, ייִנגלשע האַנט. ער האָט פאַרשעמט געפּליסטערט:

— זייט מוחל... איך בין משה יונגמאַן... פון יונג־ישראל...

כ׳האָב ביז דעמאָלט נישט געוווּסט, אַז אין טבעון וווינט אַ פּאָעט פון דער „יונג־ישראל״־גרופּע. די אַ גרופּע האָט אַרויסגערופן — און איך פאַרוווּנדערט — אַ סך גוטע האָפענונגען, מיט אירע אויפגעבליטע טאַלאַנטן. כ׳האָב מיין גאַסט דערלאַנגט די האַנט און זיך צוגעהערט צום ווייכן געפּליסטער פון זיין שיין, יונג מויל:

— כ׳בין צו אייך געקומען געבן שלום... שלום עליכם...

דאָס זאָגנדיק האָט ער געקוקט צו מיר אַ ביסל זייטיק, ווי פון עפּעס פאַרשעמט. כ׳האָב באַלד דערפילט, אַז פאַר מיר שטייט אַ יונגער דיכטער מיט אַ גרויסער מאָס פון עניוות. זיין ווייך קול האָט תיכף געשאַפן אַן אַטמאָספער פון האַרמאָנישער נאָענטשאַפט. איך האָב בלויז געענטפערט, האַלטנדיק נאָך זיין קליינע, וואַרעמע האַנט אין מיינער:

— משה יונגמאַן... כ׳בין דאָך נישט קיין רבי, וואָס מען קומט צו אים געבן שלום... סיידן...

ער האָט איבערגעריסן מיינע רייד און שמייכלענדיק געזאָגט:

— אמת... איר זייט טאַקע נישט קיין רבי... און אפשר — ווי פרץ וואָלט געזאָגט — אויב נישט העכער... ווייסט איר פאַרוואָס? איר זייט דאָך אַ ייִדישער שרייבער, וואָס איז געקומען פון גיהנום... פון סאַמע טויט... פון כּף הקלע... גיב איך שלום אַ ייִדישן שרייבער, וואָס איז אויפגעשטאַנען תּחיית המתים...

אַט אַזאַ איז געווען אונדזער ערשטע באַגעגעניש. אַ סך יאָרן שפּעטער וועל איך אין זיין יצירה אָפּגעפינען אַן אַדעקוואַטן אָפּקלאַנג פון דער אַ ערשטער אימפּרעסיע פון אונדזער טרעפונג. דאָס איז געוואָרן דער זיגל, וואָס האָט געחתמעט די גייסטיקע פיזיאָנאָמיע פונעם פּאָעט און מענטשן משה יונגמאַן.

וואָלט מען געדאַרפט איינזאַמלען זיין פּאָעטישן עזבון, וואָלט מען אים געדאַרפט געבן די ראַם פון אַ ווייך־געליישטן, סאַמעטענעם סידור, אָדער מחזור, ווו פּיוט, חלום, געזיפץ פון אַלט־דורותדיקער ייִדישקייט,

האָבן באַקומען זייער בעסט צווישן זיינע סטראָפן ווי מידע שוואַלבן נאָך אַ ווילד, בייז געוויטער. פאַראַן אין זיין לשון אַ באַצירנדיקע ווייכקייט גראָד ווי אין זיין פאַרשעמטן שמייכל. נישט פאַראַן אַפילו אין זיין פאָעטישער סימבאָליק דער מינדסטער רמז פון אַ בייזער רעאַליטעט, אָדער נאַטוראַליזם, וואָס שטויסן־אָפּ אַן אָרכידעישן פאָעט, הגם ער איז געווען פאַרקנופּט מיט אַלע שטורעמס, היסטאָרישע זאַוויערוכעס פון זיין עפּאָכע. ער איז פון די איינגעצוימטסטע יידישע פאָעטן אין אונדזער יונגער גענעראַציע, וואָס וויל נישט צו פיל וויינען. און דאָס געשעט נישט דערפאַר וואָס עס פעלן אים אינעם ליד דיכטערישע טרערן. ער האָט זיי שוין צופיל און זיי געמוזט דעריבער איינגליווערן אין זיין ווייכן שמייכל, אינעם אַראָפּגעלאָזטן, פאַרשעמטן בליק פון זיינע פאַרייזאָושטע אויגן־־אַפּלען. מען קאָן אפשר זאָגן, אַז משה יונגמאַן האָט איינצייטיק מיט זיין אָפּגעציטערטער, דיכטערישע באַגייסטערונג אויך געטראָגן אין זיך אַ שטומע, הייליקע בושה, הלמאי אים איז באַשערט צו זינגען פון זיין יונגן לעבנס־יאָך דווקא אין פאָעטישע פערזן. זיין גאַנצע שירה — די געציילטע לידער־ספרים, פון סאַמע אָנהייב ביז זיין אַזוי אומדערוואַרטעטן פלוצעמדיקן סוף, איז פאַר מיר געגליכן צו אַ מעלאַנכאָלישן, איינזאַמען ווערבע־בוים, וואָס בייגט זיך צום פאַלן באַכן הורבן. אָבער דיכטעריש פאַלן וועט אים נישט לאָזן דער אומבאַקאַנטער שומר און שׂר פון שירה. דעריבער קומט אָפּט צו דער האַלט־געפאַלענער און קוים וויינענדיקער ווערבע אַ מילדער הימל־ווינט, ליגד און ניגונדיק, אָדער אַ נאַכט מיט זינגענדיקע שטערן. זיי ברענגען צו אים דעם נס פון אמונה אין דער פאָעטישער מחשבה. דער אַ ניגונדיקער ווינט, די אַ זינגענדיקע שטערן — זיי אַלע רינגלען אַרום די ווערבע, טריקענען־אויס אירע ווערבע־טרערן פון די צווייגן — ביז די קנאָספּן הייבן ווידער אָן צו בליִען, שיין און עלעגיש, מיט גוטע חלומות־סטראָפן.

אין דער שריפטלעכער ווידמונג צו מיר, אין זיין לעצט בוך „מיין טאַטנס פּרנסות", געשיקט דעם 12.11.81, האָט ער אָנגעהויבן מיט אַזאַ ציטאַט:

> ווען ס'קייקלען זיך נעענטער צו ראַנדן די יאָרן
>
> הייבט אָן צו ריידן וואַלד פון זכּרון.

פאַראַן טייל־מאָל גרויליק־מיסטישעס, טראַגיש־גורלדיקס און מעטאַ־פיזיש־נביאישעס אין פּשוטע ווערטער פון אַ פּאָעט, וואָס ער רופט זיי אַרויס פון הינטער די פּרגוד־פינצטערנישן. צי האָט מ. יונגמאַן פאַרויס־געפילט ווי „ס׳קייקלען זיך נעענטער צו ראַנדן די יאָרן״ פון זיין יצירה? איז דאָך אין אים געווען תּמיד וואָך אַ זיכגעוודיקייט, וואָס האָט אַרומ־געפלאַטערט ווי אַ פאַרכישופטער פויגל פון דאַזיקן „וואַלד פון זכרון״. ער האָט יאָרן געהאַדעוועט דעם דאָזיקן וואַלד פון פּאָעטישן זכרון, כּדי אונדז צוצוטראָגן שפּעטער אַ שיינעם קראַנץ פון יידיש־יצירה.

איך קאָן זיך נישט אָפּזאָגן פון ציטירן כאָטש צוויי פראַגמענטן־לידער פון זיין אני־מאמין־ליד „מיין טאַטע״ (פון שוין דערמאָנטן בוך), וואָס איז, לדעתי, אַ שניירל פּאָעטישע פּערל, ווי זיין גאַנץ בוך — אין דער יידישער דיכטונג. דאָס איז גרויסע פּאָעזיע, אויסגעזיפּצעט מיט אַ פּשטות פון וואָרט און מיט מוזיקאַלישע, האַרציקע וויבראַציעס: —

אויף קיין אייזערנער בריק
האָט ער נישט אויסגעלערנט מיך גיין.
ווייס, ווי פּאַפּיר, זיין פּנים געווען.
און אויך זיין בריק
און געווער
געווען פון פּאַפּיר.

האָט ער מיך געפירט דורך זיין ווייסקייט.
ברייט נישט געווען — פלעגט ער שטענדיק
אָנבייגן זיין קאָפּ ווי אַ הון
און, פון פּאַפּיר, פאַר מיר
אַרויספּיקן אותיות,
וואָס האָבן געדאַרפט פאַרענטפערן אַלץ,
אַפילו זיין טויט. ווייס ווי פּאַפּיר
געלעגן איז ער צו די פיס.
אַלע זענען אויף אים אַריבערגעגאַנגען.
ער אליין —
האָט טראָגן זיך מער נישט געקאָנט.

(ז׳ 7, ליד א)

אָדער :

מײַן טאַטע —
ווי קלײן ער איז געווען,
האָט ער שטענדיק געקאָנט אויסשטרעקן
די האַנט צום הימל,
אַראָפּשאַרן אַ בינטל שטערן,
וואָס פלעגן סטײען
אויף אַ גאַנצער וואָך.

(ליד „מײַן טאַטע", ב, ז׳ 8)

דער פּאָעט, וואָס האָט זײַן ליבשאַפט געכאַוועט צום טשערמאַש, צו די קאַרפּאַטן, צו אַלע דעמבעס — און געזען אין פּוסטע העקן די יויזלעך מיט „גזלנים טשייקעס אומעטום", האָט דאָך אָפּגעהיטן אין זיך דין־שמעטערלינגיש און פרום־צניעותדיק, אַרומגעצוימט ווי מיט אַ שטײנערנער באַריערע, די ייִדישע מסורהדיקע רײנקײט. אים האָבן נישט אײַנגעבראָכן די גרוילן, די יאָכן, דער אײביקער פּרנסהלאָזער געזיפץ פון זײַן קלײנעם טאַטן, דעם בעל־עגלה, דעם לאַמעד־וואָווניק, וואָס האָט אָפּגעריכט גלות אין די קאַרפּאַטן. דער אַ וואַנדערנדיקער בעל־עגלה האָט געקענט אַראָפּ־שאַרן שטערן פון די הימלען און זײ איבערגעבן בירושה צו זײַן זון, וואָס זײַן עלנט האַרץ האָט שוין געטראָגן אין זיך דיכטערישע סודות, דאָס געזאַנג פון אײביקן פּאָעטישן נצחון.

— משה, משה׳לע, וואָס האָסטו אונדז אָפּגעטאָן? אונדז אַלעמען — דײַנע פּאַראַבלטע און פאַריתומטע? מיר האָבן נישט בלויז הויך געשאַצט דײַן געזאַנג, נײַערט אויך גאָר הויך געהאַלטן דײַנע שײנע מענטשלעכע מידות. האָסט מיטגענומען מיט זיך דײַן גאַנצן בליִענדיקן „וואַלד פון זכרון" — די שײנע בעריאָזעס, קליאַנעס, דעמבעס, טאָפּאָליעס, ווערבעס און אויך פאַריתומט די צניעותדיקע אַרכידעעס, וואָס האָבן דיר געשאָנקען אַזויפיל פּאָעטישן חן. צווישן דײַנע אַלע אויסגעזונגענע סטראָפן איז אונדז פאַרבליבן אויך דײַן קינדיש־פאַרשעמטער שמייכל. אַ גרויסע עוולה איז אונדז געשען, וואָס מיר האָבן פּלוצעם פאַרלוירן דײַנע קוואַלן פון

שיינקייט און שירה. כּדי ווידער דיך צו האָבן צווישן אונדז אַ לעבעדיקן, דיין „וואַלד פון זכּרון״, וועלן מיר שוין מוזן פון איצט אָן עפענען די טאָוולען פון דיינע ספרים. ווּעסט ווידער שטיין פאַר אונדז, מיט דיין פאַרשטאַרבענעם מאַנאַליזישן שמייכל, ווי אַמאָל. יאָ, בלויז די טאָוולען וועלן אונדז עפענען די סודות פון דיין פאַרשניטן לעבן און אומגעריכטן שטאַרבן. אין דער רגע קומט מיר אויפן רעיון דאָס ליד „עפן די טאָוולען״ פון דער פּראָמינענטער פּאָעטעסע מלכּה טוזמאַן תּבל״א. אָט זענען אירע שורות:

> עפן די טאָוולען פון אַ לידערבוך,
> לאָז אריין אַהין אַ ביסל ליכט.
> זאָלן ווערטער אין דער פינצטער נישט אַלייגען.
> לידער זענען קינדער, זיי האָבן מורא אין דער פינצטער —
> און זיי וויינען.

איצט איז שוין נישט די צייט פון וויינען, בעת מיר עפענען די טאָוולען פון דיינע לידער־ביכער. ס'בלייבט בלויז איבער: זוכן טרייסט און אָוועקלייגן אייניע פון די שענסטע קדיש־אָרכידעען צופוסנס פון דיין ערד־בערגל, פון וואַנען עס זינגט צו אונדז דיין אַזוי יונג־פאַרשני־טענער „וואַלד פון זכּרון״, אונטער אונדזער געפאַלענעם ייִדישן, פּאָעטישן הימל.

הימלען נאָכן שטורם

# דוד ספּאַרד

## דער דיכטער און קריטיקער

## (1905—1981)

דאָס אוועקגיין פונעם שרייבער דוד ספּאַרד האָט אויפסניי אויפגעוועקט אין אונדז די טראַגיק פונעם אַזוי אויך איינגעשרומפּענעם קרייז ייִדיש־שאַפערס אין דער גאַרער וועלט. איצט, נאָך די שלושים פון זיין פּטירה, איז כדאי זיך אָפּצושטעלן — אַפילו בקיצור — אויף די זיגזאַגישע וועגן פון דוד ספּאַרד דעם דיכטער, עסייִסט־קריטיקער, הומאַניסט, און אַרויס־הייבן דעם עיקר פון זיין דינאַמישער, הויך־באַוווסטזיניקער שרייבער־ביאָגראַפיע.

ווי באַקאַנט איז דוד ספּאַרד געווען דער זון פון אַ רב. דאָס מיינט צו זאָגן: בעת זיין קינדהייט און פרי־יוגנט־יאָרן האָט ער איינגעזאַפּט אין זיך אַ ספּעציפישן, פרומען נאַציאָנאַל־טראַדיציאָנעלן קלימאַט. דער דאָזיקער קלימאַט איז ביי אים לחלוטין שורשדיק נישט פאַרשוווּנדן. ער איז אָבער פאַרדעקט געוואָרן מיט שיכטן פון זיין שפּעטערדיק אימ־פּולסיוו, דינאַמיש־זיגזאַגיש לעבן, אונטער נייע הימלען. און גראָד ווי גוטע ערד, אַ פאַרדעקטע מיט הויכע שניישיכטן און שאַרפן פראָסט, היט־אָפּ אין זיך די פאַרפלאַנצטע גוטע זוימען, אַזוי אויך האָבן די ערשטע וואָרצלען פון זיין קינדהייט און פרי־יוגנט־יאָרן נישט געוועקלט. זיי זענען שפּעטער, נאָך לאַנגע יאָרן, אויפסניי אויפגעגאַנגען, שוין נאָך דעם ווי די דיקע שניי־שיכטן זענען זיך צעגאַנגען און דער שווער־פאַרקאָוועטער פראָסט האָט נאָכגעלאָזט און אויפגעטייעט.

ווי געזאָגט איז דוד ספּאַרד געקומען ווי אַ זון פון אַ רבנישער שטוב. ער איז אויך שפּעטער געוואָרן אַ געטרייער זון פון אַ ראַדיקאַל־

פראַגרעסיווער, הומאַנער, רײנער מחשבה, ווען ער איז שוין געקומען צו אונדז, האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך דעם גאַנצן יוגנט־קלימאַט, — די אײנגעבראַכענע פליגל פון זײן פּרומער, טראַדיציאָנעלער הײם — אָבער אײנצײטיק אויך די לעצטע צעריסענע רעשטלעך פון זײן באַלײדיק־טער ראַדיקאַל־פּראָגרעסיווער מחשבה. אויף אַזאַ אופן האָט זײן איך, ווי אַ מענטש און שרײבער, אויפסניי געזוכט די האַרמאָניע צווישן דעם אַמאָליקן זון פון אַ רבֿ — און די צעפליקטע צויטן פון אַ באַלײדיקטער, גרויסער אידעע.

דוד ספּארד האָט דעריבער געטראָגן אין זיך אַ מין דואַליזם: אַלט־ייִדישקייט מיט שײנער פאָלקס־טראַדיציע — און דעם פאַרשעמטן חלום פון אַ רעוואָלוציאָנערער וועלט־אידעע. ער איז פון דאָזיקן דואַליזם אַרויס בשלימות. וואָס שווערער ס׳איז אים געוואָרן אַראָפּצוּוואַרפן פון זײנע ייִדישע אַקסלען די טיף־דורכגעלעבטע, אַנטוישטע סאָציאַלע אידעען — אַלץ לײכטער איז אָבער אים געוואָרן דאָס באַנײען דעם אַלטן, וואַרעמען קלימאַט פון זײן טאַטנס ירושה. ער איז גיך צוריקגעקומען צו דער האַרמאָניע ווי אַ מענטש און שרײבער: צו דער אײניקײט פון מחשבה און טאַט. דאָס אַמאָליקע וואָרט האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם סטענסיל־און־סקאַרבאָווע־שאַלעכץ־נוסח און ער איז, נישט אָן שאַפע־רישע יסורים ווי אַ שרײבער, צוגעקומען צו זײן יצירה שוין אָן אָפּגעטובל־טער, מען קאָן אפשר זאָגן, ווי אַ בעל־תשובה, וואָס זעט אונטער די בײַע ייִדישע הימלען אַרומשווימען זײן אײגנטלעכע באַשטימונג, זײן גורל אַלס מענטש און שרײבער — אָבער דאָס שוין אין די שווערע, גראָע האַרבסט־יאָרן פון זײן ביז איצט דואַליסטיש לעבן.

בעת מען לײענט זײנע לידער־ביכער, זעט מען אַז זײן פּאָעטישע שורה האָט געהאַט אין זיך אַ הויכע מאָס פון פּראַגמאַטישער פאַרשטענד־לעכקײט, אויסגעדריקט אין אַן אַנטי־מאָדערניסטישן טאָן. פאַר די, וואָס זוכן אין דער ליריק פאַרשטענדלעכקײט, קלאָרקײט און פשטות — איז ער געוואָרן פאָלקסטימלעך־נאָענט און האַרציק־וואַרעם. פאַר די מער ראַפינירטע פּאָעזיע־געניסערס און קריטיקערס, וואָס געוויינלעך זיפּן זײ דורך יעדע שורה און אימאַזש מיט אַ געדיכטער זיפּ — פאַר זײ איז

דאָך פאַרבליבן אין ספאַרדס פּאָעזיע אַ שיכט פון שיינע, עכט־פּאָעטישע ווערטן. דער דיכטער האָט געוווּסט ווי אַזוי אונדז צו לאָזן הערן זיין אידעיִשן און אויך ריין־סוביעקטיוון, לירישן אָטעם. ביידע שטריכן — פּשטות און הומאַנע אידעען — האָבן האַרמאָניש דאָמינירט אין זיין דיכטונג און אויך עסייִסטיק ווי צוויי באַוווּסטזיניקע, שיינע שאַפערישע כּוחות.

איך האָב ליב געהאַט די אויפריכטיקייט און נישט־געהויבלטקייט פון זיין ליריש ליד. מען האָט געפילט דאָס רויִע צאַפּלען פון אַ צעבראָכן האַרץ, אָן אויסדרעסירטער, קאָמפּלאַזשער עצבות. כ׳האָב ליב געהאַט זיין עסיי און קריטיש וואָרט, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ ברייטן, לאַנגן אָטעם מיט אַ סך אַלמענטשלעך און אויך ייִדיש ליכט און תּמצית. די קריטישע מעדיטאַציעס און קריטישע עסייען האָבן זיך ביי אים באַוויזן וואָס אָפטער דעמאָלט, בעת ס׳האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז דער ברונעם פון זיין ליריק האָט אָנגעהויבן שוין אַרויסצווייזן דעם דנאָ. אָבער דאָס איז בלויז געווען אַן אויסדוכטעניש, וואָרעם דער קוואַל פון ליריק איז ביי דוד ספאַרד געווען דורך יאָרן בלויז אַ פאַרשטויסענער און פאַרשאָטענער. כ׳האָב ליב געהאַט זיך צוצוהערן צו זיין תּמיד אַ ביסל הייזעריקלעך קול, וואָס האָט אין מיינע אויערן אָפּגעציטערט מיטן טעמבער פון קאַזאַלעס׳ עלעגישע טשעלאָ־טענער. כ׳האָב ליב געהאַט זיינע פאַרזשמורעטע אויגן הינטער די אויגן־גלעזער, וואָס האָבן געקוקט תּמיד צו ווייטע, נישט־ערדישע האָריזאָנטן. וואָס אַזוינס האָבן זיי דעמאָלט געזען — די אומרויִקע אויגן העט־העט, שוין איבער די ערדישע גרענעצן? אפשר — די איינזאַמע, חרובע שטוב פון טאַטן דעם רב? אפשר דעם פּאַריזער לאַטיין־פערטל? אפשר די קברים אויפן פּאַריזער בית־עולם, ווו עס רוען די גרויסע, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט? און אפשר גאָר — די אויוונס פון אוישוויץ און דעם גורל פון זיין ייִדיש־פּוילן, וואָס ער האָט אַזוי וואָרעם און מיט ליבשאַפט געטראָגן אין זיין קראַנק האַרץ?

ער איז געווען, ווי אַ דיכטער, ערלעך און געטריי צום ייִדישן פּאָעטישן וואָרט. ער האָט נישט — ווי אַנדערע — בליץ־שנעל איבערגעמישט דעם פּאָעטישן מחזור און גענומען זינגען מיט נייע נאָטן. ער האָט געהאַט אַן

אינטימע, וואַרעמע באַציונג צום ריינעם, פּשוטן וואָרט. אין דעם פּרט איז דוד ספאַרד געווען אַ הויך־דיסציפּלינירטער שרייבער. וועגן דעם רופט זיך אָפּ, למשל, דער גרויסער יעקב גלאַטשטיין ע״ה מיט אַ סך פיעטעט, בעת ער שרייבט וועגן ספאַרדס נאַציאָנאַלן טאָן פון זיין ניי ליד: „דאָס כאַראַק־טעריסטישע פון ספאַרדס נייעם פּילטאַניקן בוך לידער (געמיינט „באַרוועסע טריט״) איז דער אומדערשראָקענער און אומפאַרלייקנטער וואַרעמער נאַ־ציאָנאַלער טאָן״. אָדער וועגן ספאַרדס באַציונג צום וואָרט גופא שרייבט י. גלאַטשטיין: „ער איז אַ דיכטער, וואָס איז שטאַרק פאַרנומען מיטן פּראָבלעם פון פּאָעטישן וואָרט... די מיסטעריע פון וואָרט אינטערעסירט דעם פּאָעט דוד ספאַרד. ...ער אַנאַליזירט זיין אייגענעם „אויסטערלישן גאַנג״ און זיין מיטגאַנג אין „קענגרייך פון וואָרט״. (ז״ז 179, 183 אין עסייען־בוך פון יעקב גלאַטשטיין „אין דער וועלט מיט יידיש״, נ.י. 1972).

איצט קאָן מען שוין דערציילן. עס דערמאָנט זיך:

אין אַ פּוילישן ווינטער־אָוונט, אין יאַנואַר 1951, ערב מיין פאַרלאָזן פּוילן, בין איך מיט מיין פרוי אָוועק זיך געזעגענען מיט דער משפּחה ספאַרד. אין זכּרון איז מיר פאַרבליבן: די גרויסע, עלעגאַנטע, רחבותדיקע וווינונג אויף איינער פון די צענטער־גאַסן אין וואַרשע. ביים אַריינקומען האָט אונדז תּיכף אַרומגענומען דאָס היימישע זוניקע ליכט פון דער שיינער פרוי ריווע ספאַרד. דוד ספאַרד האָט ביי אונדזער אָפּשייד געטראָגן אויף די הענט זיין דעמאָלט עטלעך־יעריק יינגעלע, לעאָן. שוין אויף דער שוועל האָט ער בלחש און הייזעריקלעך צו אונדז געפּליסטערט: „מיין גרעסטער חלום איז, אַז מיין יינגעלע זאָל דערצויגן ווערן ד אָ ר ט ן, אין ארץ ישראל״. די השגחה איז טאַקע נאָכגעקומען זיין תּפילה. זיין יינגעלע איז, אָבער פיל שפּעטער, נאָך שווערע יאָרן פון ביטערע נסיונות — אָנגעקומען קיין ישראל, אַ דערצויגענער נאָך ד אָ ר ט ן, כּדי אָנצוהייבן אויפסניי אַ נייע יידישע איבערדערציִונג אין אור־מקור פון באַנייטן יידישן היימלאַנד.

די יידישע ליטעראַטור וועט ספאַרדס יצירה פאַרגעדענקען. מיר וועלן אים אַלע געדענקען, ווי מיר געדענקען אַלע די, וואָס האָבן מיט אמונה און געראַנגל זיך אויפגעהויבן העכער איבער דער גרויזאַמער אַלטעגלעכ־קייט פון די ביטערע תּקופות. די בזיונות, שפלות און פאַרלווירענע חזיונות

האָבן זיי צוריקגעבראַכט אַהיים. צו דער דאָזיקער היים, וואָס איז געוואָרן — ווי דוד ספאַרד זינגט אין זיין לעצט־פאַרעפנטלעכט ליד „יידישער ערד".

אַז צווישן אַלע ווייטע, פרעמדע טיילן ערד
איז אויך פאַר מיר אַ נאָענטע און אייגענע באַשערט.

די באַשערטע ערד האָט געטריי אויפגענומען זיין יצירהדיקן צוריקקער — און אויך געטריי איצט אויפגענומען די רעשטלעך פון זיין אויסגע־לאָשענעם גוף. דער יידישער לייענער וועט אים אויך נישט פאַרגעסן, בעת דער דיכטער איז צוריקגעקומען שוין פון דאָרטן אַ קראַנקער און אַ פאַרשעמטער. דאָ, אין יידישן היימלאַנד, וועט די געטרייע יידישע ערד אים קיין מאָל נישט פאַרשעמען.

ישעיהו שפיגל

## ראַשעל וועפּרינסקי (1981—1895)

### פּאָעזיע פון געלייטערטער איינזאַמקייט

1

אַ שטח פון קנאַפּע פערציק יאָר ציט זיך צווישן דער ערשטער — און אויך ביז איצט איינציקער פאַרעפנטלעכטער — לידער־זאַמלונג פון דער דיכטערין ראַשל וועפּרינסקי, „דער רוף פון פויגל״, וואָס איז דער־שינען 1926 אין ניו־יאָרק — און דעם — איצט־דערשינענעם בוך לידער „די פּאַליטרע״, אַרויסגעגעבן פון י. ל. פּרץ־פאַרלאַג, 1964.

פערציק יאָר זענען אַפּגעפלאָסן ביז די דיכטערין האָט אונדז אויפסנייַ צוגעטראָגן איר צווייטע פּאָעטישע זאַמלונג — „אַן אָפּקלויב פון לידער געשריבענע צווישן די יאָרן 1919—1963״. מעגלעך, אַז אינעם איצטיקן בוך זענען אויך אַריין איינצלנע לידער פון דער ערשטער זאַמלונג — און דערפאַר די אַ צניעותדיקע באַמערקונג. דאָס אונטערשטרייכן די לאַנגע תקופה איז נישט סתם אַ דאַטע־פאַרצייכעניש זי רעדט צו אונדז איינצייטיק וועגן דיכטערישן גורל, הכנעה און באַשיידנקייט: וועגן גרויסן שטח פון צייט און וועגן אַ פאַרהעלטנישמעסיק שמאָלן שאַפערישן שטח. ווי ס׳זאָל נישט זיין: מיר האָבן פאַר זיך (ביז איצט) דעם פולדיקן גאַנג פון אַ יידישער דיכטערין, וואָס האָט אונדז צוגעטראָגן 107 לידער אין איר בוך „די פּאַליטרע״.

צווישן דער ערשטער און צווייטער דאַטע האָבן זיך פּאַוואָליע געצייטיקט, דורך פּאָעטישער מי און דערפאַרונג, די שאַפערישע כוחות פון דער דיכטערין. איר פּאָעטישע פּאַליטרע איז נישט איין מאָל מסתם בייגעקומען דעם נסיון פון פיל־פאַרביקייט, אָדער פילזאַגעוודיקייט — ביז זי איז געקומען צו דער פשטות און נזירישער ריינקייט פון פּאָעטישן

אויסדרוק. דער עיקר־ווערט פון ליטעראַטור — ווי פון יעדער קונסט בכלל — ליגט תּמיד אין איכות און קיין מאָל נישט אין כּמות. פאַראַן אַ סברה, אַז סיי ווי חזרט זיך דער שרייבער איבער מיט זיין קינסטלע־רישער אינטערפּרעטאַציע אין זיינע שפּעטערדיקע ביכער אין פאַרשידענע וואַריאַציעס. אין דעם פּרט שטעלט „די פּאַליטרע" מיט זיך פאָר אַן אָפּגעלאָשענע פּאָעטישע וועלט פון אַ גענוג גרויסער תּקופה, אַ מין בריק פון די ערשטע שאַפונגס־יאָרן, ביז כּמעט צום הייַנטיקן טאָג, בעת דער יידישער דיכטונג איז צוגעקומען אַ וואָגיקער, עכטער און ערלעכער אויסדרוק פון פּאָעטישער ליריק.

די לידער פון ראַשעל וועפּרינסקי פאַרמאָגן די איכותדיקע גוטע סגולות פון אַזאַ ליריק, וואָס איז פול מיט צימצום, מיט געפּרעסטן פּייזאַזש־געמעל, מיט צניעותדיקן פערז, וואָס איז גראַווירט דין־קרישטאַליק. זיין קלאַנג איז ווידווידיק געפּליסטער פון עכטן דיכטערישן זיפץ און טרער, אָן דעם ליטעראַרישן קאַמופלאַזש. איר פערז פירט אונדז אַריין אין אַ וועלט פון שטילקייטן, פון בייגעקומענעם יאוש, ווו ס'הערשט דער צידוק־הדין צווישן מענטש און גורל. דער טאָן איז קיין מאָל נישט קיין הויכער, וואָרעם אין זיין שטילקייט ליגט גענוג פאַרקלעמט געוואַלד. „כ'האָב מיטן פרילינג אָפּגעגרינט / און איצט בין איך שיכּורלעך מיטן האַרבסט". דאָס איז די קלוגע שיכּרות מיטן פּאָעטישן וואָרט, וואָס איז געוואָרן די לעצטע היים. „פרום האָט מיין מאַמע געבענטשט אירע ליכט / איך — צינד די קנויטן פון לידער". דער מאַמעס ליכט־בענטשן אַמאָל און דאָס צינדן לידער־קנויטן היינט — איז דאָ געוואָרן איינס. דאָס איז פּאָעטישע מאַנאַליטישקייט, וואָס פאַרקערפּערט ביי דער דיכטערין יידיש טראַכטן מיט מאָדערן־אינטעגרירטער שאַפערישקייט.

וואָס איז די טעמאַטיק פון ראַשעל וועפּרינסקיס לידער?

דאָס איז די אייביקע טעמאַטיק פון פּאָעזיע: דאָס פּאָעטישע האַרץ אין געראַנגל מיט דער וועלט. דאָס געהיימע אונטערהערן דעם סוד פון נאַטור און יצירה; דאָס פאַרקלעמט איינטים געוויין אַנטקעגן דער פאַר־גאַנגלעכקייט; דאָס זוכן אַ שטויבל גלייביקייט, אַ פונק פּאָעטישן בטחון אין צייטן פון יאוש — און דאָס אַלץ מיט דער הילף פון אַ וואָרט, פון אַ

אַ זילב, פון אַ חלומדיקער מחשבה, וואָס האָט אין זיך די גלייזיקע וויבראַציע פון דער פּאָעטישער אַטמאָספער „איך דאַנק דיר, גאָט, פאַר דעם / איך זע אַ וועג לבנה־ווייס און קלאָר / אַ שניי, וואָס פאַלט און פאַלט און רירט ניט אָן די ערד״ אַזאַ איז אויך די ליריק פון דער דיכטערין: אַ ניגון, וואָס פאַלט און פאַלט און רירט נישט אָן די ערד. זי זינגט אָן אייגנגעהאָרכטע אין די אייגענע פאַרשלאָסענע און פאַרלאָשענע וועלטן. דאָס מיינט נישט, אַז איר דיכטונג איז לגמרי אויסגעטון פון ערדישקייט. זי, די ערדישקייט מיט אירע אידעען, דריינגען אַדורך איר דיכטערישע גאַטור אַזוי ווי נעפּלען דרינגען אַדורך ביימער אין פעלד. זיי באַטויען איר יצירה מיט פרוכטיקייט, אָבער די פּאָעטישע פאַליטרע בלייבט ווי פאַרגליוערט אין איין קאָלירן־גאַמע און עס באַלעבט זי בלויז דער שאָטן פון חרובע וועלטן.

אין די לידער פון ראָשעל וועפּרינסקי דאָמינירט די שטילקייט פון מעלאַנכאָליע, דער קילער קאָלאָריט פון עקזאַלטירטער איינזאַמקייט, דער גלאַנץ פון אַ באַהאַלטענער טרער, די צערן און טרויערן, פאַרוועבטע „אין די וועלטן פון ניט־היי״. זי הערט איצט די קולות פון טאַטע־מאַמע. דאָס איז אָן איבערגרוף מיט פאַרלאָשענע דורות. זי טוט עס מיט אַ ווייבלעך־פּאָעטישער סובטעלקייט פון דער טרער, וואָס רירט אונדז אין איר נישט אויסגעוויינטקייט און מיט עלעגישער פאַרטראַכטקייט. כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדן ליד איז די אַטמאָספער פון שטילער סטאַטישקייט, וואָס רינגלט אַרום איר פערז. דאָס איז אין גוטער טראַדיציע פון דער יידישער דיכטונג. די דיכטערין איז ווייט פון מאָדערניסטישן טאָן. פון סימבאָליק אָדער איבערגעלאָדענער מעטאַפאָר. איר שפּראַך איז פרום, פשוט. שיין און פול מיט האָפענונג נאָך אַלע שטורעמס. פּאָעזיע איז אין איר מויל — דערפאַרונג, ווי ס׳האָט עס פאָרמולירט רילקע. איר פּאָעטישע און מענטש־לעכע דערפאַרונג — איז די דיכטערישע רייפקייט פון איר מחשבה, אויס־געדריקט אין פשטות און הכנעה: „ס׳ווערט אַ האַרץ אין טרויער שטיל און קלוג / און רופט נישט דאָס טעלערל פון הימל מער / און נישט די לעבעדיקע פרייד פון יעדן טאָג״. פון אַזעלכע שורות רעדט צו אונדז די אידעע פון סטענדהאַל, וואָס מאָנט פונעם שאַפער: „בלויז דעמאָלט מעג מען שרייבן, ווען מען האָט צו זאָגן עפּעס גרויסעס אָדער טיף־

שיינס. אָבער דעמאָלט דאַרף עס געזאָגט ווערן מיט דער גרעסטער פּשטות, ווי דער מענטש וואָלט בכּיוון זיך באַמיט, אַז עס זאָל נישט באַמערקט ווערן".

ס'איז כּדאַי זיך באַזונדער אָפּצושטעלן אויפן לידער־ציקל, וואָס טראָגט דעם נאָמען „געזאָנגען צו דיר". פֿאַר די וועמען ס'איז נישט פרעמד די יידישע פּאָעזיע, איז קלאָר צו וועמען די דיכטערין זינגט איר געזאַנג. דאָס איז אַן עפּיטאַפֿן־ציקל פון רייף־אויסגעטראָגענע עלעגיע־לידער צו איר מאַן, דעם גרויסן פּאָעט מאַני לייב. דאָס איז אָבער איינצייטיק אויך די פּאָעטישע ווידוי פון דער דיכטערין ראַשעל וועפּרינסקי גופא, אַ ווידוי, וואָס מאַכט פֿאַר אונדז נאָענטער איר פּאָעטישע אינטערפּרעטאַציע פון אַלץ, וואָס „רירט נישט אָן די ערד".

דאָס גרענעצלאָזע לאַנד פון גרויסער ליריק, וואָס האָט געהויזט מיט דער דיכטערין אונטער איין „פֿריינדלעכן דאַך", האָט אפשר אויפגעשטעלט פֿאַר איר אייגענער דיכטערישער נאַטור אַנזעעוודיקע גרענעצן. זיי, די גרענעצן, האָבן געהאַלטן אין קלעם איר שאַפערישן הונגער און געצוווּנגען צו שווייגן. יאָרן לאַנג איז זי אָבער, ווי אַ דיכטערין, געבליבן וואַך צום אייגענעם פּאָעטישן קוואַל, לעבנדיק אין אַטמאָספער פון זעלטענער יידישער ליריק. „כ'טראָג דיין ליד ווי ליכט, ווי פֿאָן" — וועט זי שפּעטער זינגען צום גרויסן פּאָעטס שאָטן. דאָס ליכט פון זעלטענער ליריק האָט אָבער נישט פֿאַרלאָשן דער דיכטערינס אייגן פּאָעטיש פעלד. ס'איז געוואָרן פֿאַרזייט מיט בליִענדיקן צוויט — און נישט מיט ביטערע בלעטער פון פּאָעטישער פּרוכטלאָזיקייט. איר דיכטערישע אינדיווידואַליטעט איז מיט גאָרנישט געמינערט געוואָרן דורך די לאַנגע יאָרן פון שווייגן. דער פֿאַרבאָרגענער כּוח פון דיכטונג האָט אויפגעהאַלטן אין איר אַלע יצירה־דיקע חלומות, וואָס נאָר אַ פּאָעטישע נאַטור איז מסוגל, נאָך לאַנגן שווייגן און גערანגל, אויפסניי פון זיך צו אַנטפּלעקן. „פֿאַר פרייד און פֿאַר צער / פֿאַר דעם שכל באַיאַרט / גיב מיר, גאָט, פון דיין מויל / אין מיין מויל דאָס וואָרט".

און דאָס וואָרט איז איר געגעבן געוואָרן דורך אַלע שטילקייטן און ראַנגלענישן. איר לירישער אָטעם איז געוואָרן פון אַ וואָרעם־ציטערדיקן

טעמבער. ס׳וואָרט איז אויסגעשײלט פון הוילקײט און פול מיט געפּרוווט־קײט ווי ס׳קאָן געפּרוווט זײַן אַ ייִדישע דיכטערין אין אונדזער בסיונותפולן דור: „איצט איז די צײַט ווען אין בלעטערפּאַל / ליגט דאָס בלוט און דאָס גאָלד פון טויטע קרוינען / איצט איז די צײַט ווען איך וויין — / איצט איז די צײַט ווען איך מעג וויינען״.

דאָס איז דיכטונג פון טראַגישער שײנקײט, וואָס קלאָגט. דאָס איז די ברכה פון רײנער ייִדישער ליריק, וואָס לײכט אַזוי פּשוט און טראַגיש־שײַן אַרויס פון ראַשעל וועפּרינסקיס דיכטערישער פּאַליטרע.

1965

.2

ראַשעל וועפּרינסקיס פּאָעטישער גאַנג און דערגרײכונג אין דער ייִדיש־דיכטונג האָבן ביז איצט געפונען זײער פאַרזיגלונג צווישן די טאָוולען פון צוויי לידער־אויסגאַבן: „דער רוף פון פויגל״ (1926) און „די פּאַליטרע״ (1964). איצט איז צוגעקומען אַ דריטע לידער־זאַמלונג — „צום אײנציקן שטערן״ (פרץ־פאַרלאַג, 1971), ווו די דיכטערין האָט אײַנגעזאַמלט אין משך פון די לעצטע יאָרן אירע פּאָעטישע רעאַקציעס, גאַרונגען און חלומות, און אויך אירע אינטימסטע רעיונות. פון די דרײַ לידער־זאַמלונגען באַקומט זיך אַ פאַרשײדנאַרטיקע און פאַרשײדנפאַרביקע פּאַנאָראַמע פון דער דיכטערינס עמאָציעס, ראַנגלענישן אויף אַ געניג ברײטן שטח פון פּראָבלעמען. דאָס איז אַ שײנער פעכער פון אידעען, אַרײַנגעגאָסן אין סובטעלע, דין־קרישטאָליקע ליד־פאָרמען, דאָס רוב געזאַנגען פון אינטימער, אינדיווידועלער ליריק. עס פעלן אויך נישט אידעען רײן־נאַציאָנאַלע. דאָס אַלץ וואַרפט אַ פול ליכט אויפן שווערן, אײנזאַמען גאַנג פון אַ ייִדישער דיכטערין אין משך פון אַ יובל יאָרן.

די מאָדערנע פרויען־דיכטונג אין ייִדיש־לשון האָט שוין אירע באַדײַטנדיקע פאַרשטײער, וואָס האָבן דורך זײער אינטים־ווײַבלעכער אינטערפּרעטאַציע און פאַרטיפטע וואַריאַציעס צוגעטראָגן דער פּאָעזיע אַ ספּעציפיש־פעמינאַלן קאָלאָריט און אַטמאָספער. צו דער־אָ פרויען־דיכטער־גרופּע געהערט אויך ראַשעל וועפּרינסקי. אויב פּאָעזיע בכלל שעפּט אירע דינסטע סודות און אַנטפּלעקונגען פון אײן אײנציקן ברונעם — פונעם

מענטשנס האַרץ — איז די פּרויען־פּאָעזיע נישט בלויז אין דער יידיש־ליטעראַטור, דער שענסטער ברונעם, נאָר מיט מער אָוטענטיקן כּישוף, מיט מער רייץ און סוד און אויך מיט מער ווייבלעך־דיכטערישע געפאַלנקייטן און הילפלאָזיקייטן. מיר דוכט זיך, אַז פּאָעזיע איז תּמיד אַן אויסדרוק פון דיכטערס מפּלה אין זיין קאָנפראָנטאַציע מיט דער וואָר און אכזריות פון גורל. זי איז תּמיד דאָס געשריי — גיכער, דאָס שטומע פליסטערן פון הילפלאָזן מענטש מיטן כּישוף פון זיין אינטים־איינזאַם וואָרט. אַלע וועלטן וואָס די פּאָעזיע וויל אונדז אויפבויען, קומען צו אונדז דורך: שוויגן, אַליינקייט, ליבשאַפט און פּחד פאַר די סודות פון אונדזער לעבן און טויט. די אייביקע לויערונג אויף דער ליכטיקער אַנטפּלעקונג פונעם וואָרט — איז פאַרן דיכטער אַ רפואה און אַ שם המפורש. וואָרט — איז תּמיד דער שענסטער מעדיום, דער לעצטער באַפרייערישער ברעג, וואָס גרענעצט אים אָפּ פון גרויל־מיראַזשן, סכּנות און ייִאוש.

אפשר דערפאַר הייבט זיך אָן דאָס נייע לידערבוך פון ר. וועפּרינסקי מיטן ליד „איך וואָרט״, ווו אין געצוימטע, נזירהשע ווערטער פליסט איר פּאָעטישער אני מאמין:

איך וואָרט —
דורך אַלע טריפנדיקע רגעס
פונעם טאָג,
דורך אַלע פאַרפּלאָנטערטע חלומות
פון דער נאַכט
וואַרט איך
אויפן וואָרט,
וואָס דאַרף צושווימען
צו דעם ברעג פון מיין ליפּ
פון ערגעץ ווייט —
פון יענער זייט וועלט —
פון אין־סוף —
און אויפריגלען די שטומקייטן מיינע
און מיך באַפרייען
פון אַנגסט,
פון טויט — — — —

דאָס דאָזיקע ליד איז דער טויער, וואָס פירט אונדז אַריין אין דער אָפּגעשלאָסענער און פאַרצוימטער וועלט פון דער דיכטערין און איר מענטשלעכן גורל. ביי ראָשעל וועפּרינסקי איז פּאָעזיע תמיד — גורל. פאַראַן אַ זיווג צווישן וואָרט און געפּרוווטקייט און באַשערטקייט. דאָס וואָרט איז מסוגל צו באַפרייען „פון אַנגסט, פון טויט", אָדער פירן אין כּף הקלע. די דיכטערין איז פול מיט יונגער גאַפונג פאַר אַלץ, וואָס איז רוי־ערד פאַר פּאָעזיע. און דאָס איז איינע פון די ברכהדיקסטע שטריכן פון איר דיכטערישער וויטאַליטעט. אין איר גאַפן איז זי געפאַנגען פון דער שיינקייט — „פאַר דער שיינקייט בלייב איך שטיין פאַרגאַפט" זינגט זי אין אַ ליד וועגן אַ פּשוטן טאָג, וואָס איז „באַצירט מיט ביימער, פייגל און מענטשן". אָדער: „אַז דער טאָג, וואָס גייט אַוועק / איז מיין טאָג, / וואָס כ'זע צום לעצטן מאָל, / באַליכטיקט מיט מיין אונטערגיין, — / און יעדן מאָל כ'רוף אויס: / ווי שיין!"

דאָס לידערבוך „צום איינציקן שטערן" איז געטיילט אין דריי אָפּטיילן: „פון אַנהייב", „ישראל־לאַנדשאַפט" און „טעג פון יענע טעג". די לידער זענען פאַרהויכט מיט אַלע סגולות פון ראָשעל וועפּרינסקיס לידער פון אירע פריערדיקע זאַמלונגען. גראָד ווי דאָרט איז אויך דאָ פאַראַן דאָס האַמאָגענע און אייגנטימלעכע פון דער דיכטערין. זי פּרוווט נישט קיין שום אַנדערע פּאָעטישע סצענאַריאָ (אַחוץ אינעם ציקל „ישראל לאַנדשאַפט", וואָס טיילט זיך אויס סיי מיט דער טעמאַטיק און סיי מיטן ספּעציפישן פּייסאַזש און אויסדרוק־מיטלען). אויך אין די לידער „צום איינציקן שטערן" דאָמינירט די שטילקייט, די מעלאַנכאָליע, דער קילער קאָלאָריט פון שטומקייט און אַליינקייט. איר פערז איז דין גראַווירט, זיין קלאַנג — אַ ווידווידיק פליסטערן פון עכטן פּאָעטישן זיפץ. אין דאָזיקן לידערבוך טרעט־אויף גאָר אָפט אין פאַרשיידענע וואַריאַציעס דער מאָטיוו פון איינזאַמקייט. אָבער דאָס וואָרט בלייבט דאָך די איינציקע רפואה אין אירע ד' אמות. אַ רפואה, וואָס שטילט, אָבער היילט נישט.

מיין פריינד איז איינגעשלאָפן,
ער וועט מער קיין מאָל נישט אויפוואַכן.
זיין וואָרט וועט נישט גרייכן מער
פון אים צו מיר.
ווי וועל איך אויסשווייגן יאָרן
פון איינזאַמקייט,
יעדע נאַכט אין שטומעניש
פאַרריגלען מיין טיר — —
אָדער — אַזעלכע באַלאַדיש־פאַרקלעמטע, עלעגישע שורות:
ס׳איז נאַכט און איך בין אָן חלומות
אין גאַנצן אַליין.
...מיין אויג איז בלינד
און די טרער טריפט
אויפן פאַרמעט פון מיין באַק
ווי אַ שריפט
און שרייבט:
דו און ער
וועלן מער
נישט
געשען.

אינעם לידער־ציקל „ישראל־לאַנדשאַפט״ האָט „די טרער (וואָס) טריפט אויפן פאַרמעט״ אַנגעהויבן צו לייכטן. אַ נייע אַנטפּלעקונג און באַגייס־טערונג שווימט אַדורך איר געזאַנג אין דאָזיקן ציקל. בערג, שטעט, ייִדישע גאַסן, ים און ייִדישער הימל — ווערן נייער ליים פאַר איר ליד. די גלות־דיכטערין ראַשעל וועפּרינסקי שטייט דאָ אין קאָנפראָנטאַציע מיטן נייעם ישראל־פּייסאַזש, וואָס וואָרצלט אין איר „פון וייטן בראשית ביסקל הייִנט״. ס׳איז דער דיכטערינס גילגול אין אַ נייער וועלט פון ייִדישע חלומות און באַשערטקייט. ערגעצווו איז שטאַרק באַהאַפטן דער דיכטערינס געמיט אינעם אַלט־ייִדישן חלום פון גאולה. זי זינגט: ״כ׳בין געקומען /

פון אַלע פינצטערע גלותן / אַהער אין ליכטיקן טאָל..." אָדער: „קלעטער איך אין די געבערג פון צפת / דאָ ערגעץ, מיין איך, וווינט גאָט... / איך רוף אים מיט מיין ייִדיש וואָרט / און ער ענטפערט אין ייִדיש..." ס'ווילט זיך ספּעציעל אונטערשטרייכן די דריי גאָר שיינע לידער, ווי זיפצנדיקע עפּיטאַפן, געווידמעט דער פאַרשטאָרבענער ירושלימער דיכטערין ריקודה פּאָטאַש. פון די לידער ווייעט ליבשאַפט און פאַרערונג פאַר אַ צווייטער ייִדיש־זינגערין, וועמענס דיכטערישע דאָליע איז געווען אַזוי ענלעך צו דער וועלט פון ראָשעל וועפּרינסקי.

מיט איר ביי לידערבוך האָט ראָשעל וועפּרינסקי אויפסניי אויסגעזונגען אירע אַלע געפּרווּוטקייטן ווי אַ מענטש און דיכטערין. איר פּאָעזיע איז נישט קיין שקיעה־געזאַנג פון ייִדיש וואָרט. להיפך. זי שפּאַנט אין איר ליד מיט אַ סך בטחון. בעת זי זינגט: „מיך ציט אין דער וועלט און איך גיי / זאָל מיר ביישטיין זכות אבות / ס'ערלעכע בלוט פון געאַכפּערטע באָבעס, / מיין מאַמעס פאַרדאַגהטע קנייטשן פון פּנים" — אָדער: „איר זאָלט נישט מורא האָבן, ייִדישע ווערטער / וואָרן דער, וואָס לעבט אייביק / האָט זיך צוגעהערט צו דעם קול פון אייער געוויין / ער וועט אויפקוואַלן פאַר אייך אַ קוואַל אין דער מדבר" — זענען דאָס שורות, וואָס פרישן אויך אָפּ איר ליד אין באַגייסטערונג מיט אַלט־דורותדיקער ייִדישער האָפענונג „אין דער מדבר". דאָס איז די דורותדיקע יחוס־קייט, וואָס צעפאַלט נישט. דאָס איז אויך געאַרבעטער נוסח פון אונדזער מסורה און ייִדישער געפּרווּוטקייט. דאָס איז פרומער, קרישטאָליקער גלויבן, וואָס האָט אויפגעוואַכט אין דער דיכטערינס געלייטערטער איינזאַמקייט.

1972

# ריקודה פּאָטאַש אַ דיכטערין פון פינעזיע און שלום
## (1906—1965)

### פון דער הקדמה צו ריקודה פּאָטאַש'ס בוך „לידער"

ריקודה פּאָטאַש (געבוירן סעפּטעמבער 1906 אין טשענסטאָכאָוו, גע־שטאָרבן 15טן מיי 1965 אין ירושלים) האָט ווי אַ דיכטערין געשטעלט אירע ערשטע שריט אין דער ליטעראַטור אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן אין לאָדזש. דאָרט איז אויך שפּעטער דערשינען איר ערשטע לידער־זאַמלונג „ווינט אויף קלאַווישן" (1934). דער נאַטור־פּייזאַזש פון אירע קינדער־און־יוגנט־יאָרן, די טראַדיציאָנעל־ייִדישע היים און אויך דאָס דער־וואָרבענע מאָדערן־וועלטלעך וויסן — האָבן אין משך פון יאָרן אויסגע־קלאָרט און געצייטיקט איר שורה מיט אַ ליריש, עמאָציאָנעל־ייִדיש געמיט און מיט אַ פּאָעטיש־ווייבלעכער סענסיביליטעט. אין 1934 קומט ריקודה פּאָטאַש קיין ירושלים. דאָ, נאָענט צו די ירושלימער בערג, שטעלט זי אויף איר שרייבעריש־איינזאַם געצעלט. אַלע יאָרן האָט די דיכטערין אַן אומגעשטילטן הונגער פאַר ייִדיש־יצירה און היט אָפּ אין זכרון מיט אַ זעלטענער פּיעטעט די פריינדשאַפט, וואָס בינדט זי מיט אַ צווייטער ירושלימער דיכטערין — עלזע לאַסקער־שילער. ביידע איינזאַמע ייִדישע פּרויען־דיכטערינס פאַרבינדט דאָס עטעריש־זעפירישע פון זייער ליד, דאָס סימבאָליש־עטישע פונעם ירושלימער פּייסאַזש און דאָס ייִדיש־טראַגישע פון זייער אייגן לעבן.

אחוץ „ווינט אויף קלאַווישן" דערשיינען בעתן לעבן פון דער דיכטערין נאָך צוויי לידער־זאַמלונגען: „פון קדרון־טאָל" (לאָנדאָן 1952) און „מולד איבער תמנע" (ירושלים 1960). איצט ליגט פאַר אונדז דאָס פּערטע לידער־

בוך — אַ זאַמלונג פון איר פּאָעטישער ירושה, צוגעגרייט און געבערענגט צום דרוק פון דיכטער אריה שמרי.

ריקודה פּאָטאַש לידער זענען אייגנאַרטיק אין זייער געבוי און דרייסט מיט זייערע פּאָעטישע אימאַזשן. איר פּערז איז בעיקר דער פרייער, מאָדערנער פּערז, ווייט פון טראַדיציאָנעלן נוסח, זאַפטיק מיט רעליעפער בילדלעכקייט און פאָלקס־תמימות; פאַרהויכט מיט עלעגישקייט און נאָסטאַלגיע. ווי אַ לירישע דיכטערין איז ריקודה פּאָטאַש געווען אונטער דער השפעה פון די סימבאָליסטן און ראָמאַנטיקערס — און פון זיי האָט זי געזויגן דאָס גוטע פייער פאַר איר אויסגעקלאָרטן, דיכטערישן חלום. פאַר דער דיכטערין איז איר יצירה געווען פיל מער ווי בלויז אַ ריין שאַפערישער אויסדרוק. ס'איז געווען די אידענטיטעט צווישן דיכטערישן געראַנגל און איר יחידיש־מענטשלעכן גורל. אין איר שאַפן האָט ריקודה פּאָטאַש זיך אויף ס'ניי אָפּגעפונען אַ גלייביקע און באַפרייטע.

די דערשינענע לידער־זאַמלונגען ביז צו דער דיכטערינס פּטירה — און אויך דאָס בוך, וואָס ליגט פאַר אונדז — שעפּן ווייט נישט אויס דעם שרייבערישן עזבון פון ריקודה פּאָטאַש. די לעצטע יאָרן האָט זי אונדז געגעבן בולטע סימנים, אַז איר שרייבערישע מי ווערט ברכהדיק־פולער אויך מיט דער קינסטלערישער פּראָזע־שורה. אירע גאָר אָריגינעלע שילדע־רונגען פון ירושלימער פּייזאַזש מיט די געשטאַלטן פון אַלט־און־ניי־ירושלים — זענען פאַר ריקודה פּאָטאַש געוואָרן אַ נייער זשאַנער אין איר דיכטערישער ביאָגראַפיע.

סיי אין די לידער און סיי אין דער פּראָזע ליגן פּאַרוועבט דער דיכטערינס הייסע יידישע ווערטער. ריקודה פּאָטאַש האָט מיט אירע לידער הייס תפילה געטאָן צו אַלץ, וואָס האָט זי אַרומגערינגלט: צו די בערג, צום מולד, צו די שטיינער, צו די ווינטן און פייגל און אויך צו די שאָטנס פוןביימער, וואָס האָבן געשראָקן איר לעבן. און ווי אין יעטוועדער תפילה זענען אויך אירע ווערטער געווען כוואַליעדיק און אומגעצוימט. איר פּאָעטישע תפילה איז אַרויסגעוואַקסן פון צווישן דער גראָער, שטייניקער איינזאַמקייט פון אַ יידישער דיכטערין. זי האָט געשאַפן — ווי זי זינגט אַליין — „דאָס גאָלדענע ליכט פון איינזאַמקייטן״.

אַרומגערינגלט מיט דעם אַ „גאָלדענעם ליכט פון איינזאַמקייטן”, האָט ריקודה פּאַטאַש, אַ שטאָלצע און מיט אַלט־דורותדיקן יִחוס געוועבט אין זיך איר נע־ונדע פּאָעטישע מחשבה. ווי אַ דיכטערין האָט ריקודה פּאַטאַש נאָך געהאַט אַ סך נישט אויסגעזונגענע חזיונות. זי איז געווען אַן אייגנ־אַרטיק צניעותדיקע פלאַנץ, געטריבן פון ווינט און שאָטן, וואָס איז אויפגעגאַנגען צווישן די האַלע־לאַנקעס אויף די פּוילישע בערג — און דאָ, צווישן די ירושלימער אייביקע פעלדזן, איז די דאָזיקע פלאַנץ אויף ס׳ניי אויפגעגאַנגען מיט טל און זון. זי האָט געשלאָגן ברכהדיק־שאַפערישע וואָרצלען אין דער ייִדישער ערד, וואָס זי האָט אַזוי הייס ליב געהאַט — און זי, די ערד פון ירושלימער באַרגפעלדז — האָט דער דיכטערין אָפּגעענטפערט מיט אייביקער ליבשאַפט.

פעברואַר, 1967

# צבי אליעזר (הערש לייזער) קרוי

## אַ פאַרגעסענער יידיש־שרייבער

## (1956—1900)

דאָס אַוועקגיין פון אַ שעפערישן מענטשן, די אויסלעשונג פון אַ לעבן, וואָס איז אַ צייט לאַנג געווען פאַרוועבט אין אַ באַשטימטער קולטור־און ליטעראַטור־ספערע — ברענגט תמיד צוריק אויפן זכרון יענע תקופה, פון וואַנען דאָס אויסגעלאָשענע האַרץ האָט אַמאָל געזויגן די זאַפטן פאַר דער געשטאַלטיקונג פון דער שעפערישער אינדיווידואַליטעט.

צבי קרויס אינדיווידואַליטעט הייבט זיך אָן מיט זיין אַריינטריט אין דער יידישער ליטעראַטור. וואָרעם, מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז צבי קרוי איז געקומען ווי אַ טאַלענטירטער עסייִסט, דיכטער און דערציילער, ווי אַ צוגעהעריקער צו דער דיכטער־גרופּע „יונג־יידיש״ אין לאָדזש, וואָס האָט מיט קנאַפּע פיר צענדליק יאָר צוריק געעפנט אַ ניי קולטור־בלאַט אין דער געשיכטע פון דער מאָדערנער יידישער דיכטונג אין פוילן.

עס איז באַקאַנט, אַז אין די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין פוילן געקומען צו אַן אויפבלי אין דער יידישער ליטעראַטור, בפרט אין דער יידישער פּאָעזיע. נאָך די שווערע גרויל־יאָרן פון מלחמה, הונגער, היימלאָזיקייט און רעוואָלוציעס ,איז פון די פאַרוואָרפנסטע קליינע שטעט־לעך, פון דער יידישער אָרעמקייט, געקומען די יונגע יידישע פאָלקס־אינטעליגענץ מיט באַנייטע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע חלומות. לאָדזש, די יידישע אַרבעטער־שטאָט, האָט זיך באַלד אַרויסגעהויבן מיט איר קולטור־און ליטעראַטור־שווונג. אַזעלכע דיכטערס ווי יצחק קאַצענעלסאָן און משה בראָדערזאָן האָבן פון זיך אויסגעשטראַלט די נייע ליטעראַטור־

ספּערע און עס איז גיך אויפגעשטאַנען אַ ליטעראַטור־צענטער, וואָס איז נישט געבליבן אָן השפּעה אויף דער אַנטוויקלונג פון אַ גאַנצער ריי שפּעטערדיקע יידישע דיכטערס, דערציילערס, ראָמאַניסטן, עסייאיסטן, — אַלע אָפּשטאַמיקע פון לאָדזש אָדער פון דער נאָענטער סביבה.

צבי קרוי איז אַריין אין ליטעראַטור־קרייז פון דער „יונג־יידיש"־גרופּע אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן. ער איז געבוירן אין לאָדזש, נישט אין באַלוט, ווי עס איז בטעות איבערגעגעבן געוואָרן בשעתו דורך ד"ר י. קרוק אין „דבר" — הגם אויך באַלוט, דער יידישער נויטקוואַרטאַל, איז דער צפון־טייל פון לאָדזש און פון דאָרט זענען אַריין אין דער ליטעראַטור פיל באַדייטנדיקע שרייבערס. דעמאָלט, אין די צוואַנציקער יאָרן, זענען שוין געווען שעפעריש טעטיק, אַחוץ י. קאַצענעלסאָן י. י. טרונק און מ. בראָדערזאָן, פיל יונגע שרייבערס, און צווישן זיי ה. ל. קרוי.

זיי אַלע האָבן זיך ס'רוב גרופּירט אַרום די ליטעראַרישע פּובליקאַציעס: „געזאַנגען", „ס'פעלד", „טריט", „שוועלן" א. א. אין די ערשטע אַרבעטן האָט ה. ל. קרוי זיך שוין אַרויסגעהויבן מיט זיין דינעם, מעלאַנכאָליש־לירישן טאָן. זיינע ליטעראַרישע עסייען, דערציילונגען און אויך לידער האָבן געוויזן אַ פּערמאַנענטע, קריסטאַליזירטע אַנטוויקלונג. זיין עסיי איבער ה. ד. נאָמבערג (געדרוקט אין „טריט", 1928. רעדאַקציע און אַרויסגעבער: מ. וויטנבערג) האָט געהאַט פיל גאָר אָריגינעלע קריטישע באַטראַכטונגען און געוויזן גרויס בקיאות אינעם שאַפונג־פּראָצעס פון ה. ד. נאָמבערג. שפּעטער האָט ה. ל. קרוי דער עיקר זיך באַגרענעצט צו פּובליציסטיק און עסייאיסטיק. אַלע זיינע פאַרעפנטלעכטע אַרבעטן — אַפילו די ריין־פּובליציסטישע — האָבן געהאַט אַ פיינעם טאָן פון ערלעכע, שרייבערישע עמפּינדונגען און עכטן דיכטערישן אויסקלאַנג.

צבי קרוי האָט זיינע פריסטע יוגנט־יאָרן פאַרבראַכט אין לאָדזש. איך האָב געקענט זיין שטוב. זיין פאָטער, — אַ שווער־באַברעמטער פאָלקסייד מיט אַ פּנים פון אַ משולח. ער איז געקומען פון אַ קליין שטעטל, דער פאָטער, און דוכט זיך, געהאַט אַ שייכות צו וואַלד־סוחרים, וואָס זענען פאַראַרעמט געוואָרן. פון דער שויס פון דער נאַטור איז די משפּחה קרוי אַריינגעפאַלן אינעם פאַרהוהאַטן סוחרישן לאָדזש. קרויס

פאַטער האָט דאָ מפרנס געווען די משפּחה פון אַ קליינטל מיט שרייב־געצייג.

פאַרשיידענע גורלות האָבן צעטראָגן די לאָדזשער שרייבער־גרופּע איבער דער גאָרער וועלט, מיטן אָנקומען פונעם היטלער־שטורעם. איך האָב אים ערשט אויפסניי באַגעגנט בעת מיין קומען פון פּוילן קיין ישראל אין 1951. ער איז שוין לאַנגע יאָרן געווען דער רעדאַקטאָר פון „שורות" — אַן אָפּיציעלער זשורנאַל פאַר מלוכה־באַאַמטע. צבי קרוי איז אויך פיל מאָל געווען רעדאַקטאָר פון יידישע צייטונגען אין די תּפוצות.

איך האָב זיך טייל מאָל געפרעגט: צי האָט דעם פאַרטרוימטן ה. ל. קרוי שוין פאַרלאָזט די שעפערישקייט אַלס שרייבער? מיין שאלה האָט אָבער באַלד באַקומען אַ פאַרענטפערונג ווי נאָר מיר איז אויסגעקומען צו לייענען זיינע עברית־אַרבעטן אין די „שורות" און אין אַנדערע פּובליקאַציעס. מיט זיין פיינער פּען האָט ער געגומען שטעלונג אין פּאָליטישע, נאַציאָנאַלע און קולטור־פראַגן, וואָס זענען נוגע דעם רענעסאַנס פון יידישן פאָלק אין מדינת ישראל.

ער איז געווען מיט לייב און לעבן פאַרבונדן מיט דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, מיט דער באַשיידנקייט און שטילקייט, וואָס איז געווען אייגנטימלעך זיין מסירות נפשדיקן כאַראַקטער. דוכט זיך — אַזאַ טרוקענער, פּראָפעסיאָנעלער זשורנאַל ווי „שורות" — אָבער טאָקע דאָרט, צווישן די אַרטיקלען וועגן פאַרשיידענע צייט־פּראָבלעמען, האָט תּמיד אַרויסגעבליצט צבי קרויס דיכטערישע אינוועניק, דער שרייבערישער, שעפערישער שווונג, דורך זיינע געפּרעסטע, עפּישע שורות.

בעת עס איז שוין באַקאַנט געוואָרן דער טראַגישער גורל פון די יידישע שרייבערס אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, האָט מען געקענט זען ווי טיף צבי קרוי לעבט־איבער ווי אַ שרייבער דאָס דאָזיקע אומגליק. שפּעטער האָט ער מיט אַ סך פרייד אויפגענומען די ידיעה, אַז עטלעכע שרייבערס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט, צווישן זיי — משה בראָדערזאָן. איז דאָך משה בראָדערזאָן געווען אַ מאָל דער גייסטיקער פּאַטראָן פון יענער יונגער שרייבער־גרופּע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, צו וועלכער אויך צבי קרוי האָט געהערט. עפּעס איז געווען אַ גורל־קרובהשאַפט צווישן די

צוויי פען־מענטשן אין געוויסע תקופות... אויך ער, משה בראַדערזאָן, האָט זיין גרויסן טאַלאַנט צעפּיצלט צווישן שורות אין אַ לאָדזשער טאָגצייטונג, ביי כראָניק און פּאָליטישע ידיעות. אויך בראַדערזאָן האָט זיין שווארצע צייטונג־אַרבעט דורכגעפלאָכטן מיט בליציקן עספּרי און הויכן פּאָעטישן שווונג.

צבי קרוי האָט ליב געהאַט אָפט צו דערציילן וועגן זיין קינדהייט און דער עיקר וועגן זיין פּאָטער, וואָס איז געקומען פון שטעטל און נישט אויפגעהערט צו בענקען נאָך וואַלד אוןביימער. אָט דערציילט ער למשל, ווי זיין פּאָטער פלעגט אַרויסלויפן גאָר אָפט פון לאָדזשער קראָם, בעת עס פלעגט פאַרבייפאָרן אַ פויעריש וועגעלע מיט צעזעגטע ביימער... ער פלעגט איבערלאָזן דאָס געוועלבל אויף הפקר און לאַנגע גאַסן נאָכגעגאַנגען דעם פויערישן וואָגן מיט די צעשניטענע ביימער...

דער דאָזיקער עפּיזאָד איז אין מיר פאַרבליבן ווי אַ טרויעריקער סימבאָל פון צבי קרויס לעבן. אפשר האָט ער דעם המשך פון זיין פּאָטערס גורל אויך געזען אין זיך, אין זיינע שרייבערישע בענקשאַפטן. ער איז זיכער נישט איין מאָל אַרויסגעלאָפן פון די „שורות", כדי צו שטילן די בענקענישן פון אַ דיכטער, וואָס לעכצט נאָך ריינער שעפערישקייט. ער האָט עס זיכער געטאָן בשתיקה און מיט געצווימטן ווייטיק, וואָס באַפאַלט נאָר יענע ערלעכע, שעפערישע נאַטורן, וואָס דאָס לעבן פאַרוויסט זייערע פאַרבאָרגנסטע חלומות.

בקרוב דאַרף דערשיינען אַן אָפּקלויב פון צבי קרויס עסייען און דערציילונגען. דאָס בוך וועט זיכער זיין די שענסטע מצבה, וואָס צבי קרוי האָט זיך אַליין אויפגעשטעלט בעת זיין פּיינפול לעבן.

# אַ וואָרט וועגן בנימין שלעווין

## (1913—1981)

אַ צוגעשיקטע באַגריסונג צו דער מסיבה אין הויז פון פּירע און י. צ. שאַרגעל לכבוד דעם גאַסט פון פּאַריז, שרייבער בנימין שלעווין און פרוי:

טייערער בנימין שלעווין, חשובע און ליבע פריינד,

וואָלט מיר מיין געזונט־צושטאַנד דערלויבט צו זיין צוזאַמען מיט אייך די עטלעכע שעה אויף דער מסיבה פאַר מיין ליבן פּען־חבר און פריינד בנימין שלעווין — וואָלט עס פאַר מיר געווען אַ גאַר גרויסע פרייד. בין איך אָבער געצוווּנגען דאָס צו טאָן בלויז מיט די פּאָר ווערטער — און וועל בעטן מיין גוטן חבר שאַרגעל זיי איבערצולייענען פאַר די פאַרזאַמלטע פריינד.

איך באַגריס גאָר האַרציק דעם זייער פרוכטבאַרן פּראָזאַיקער בנימין שלעווין מיט זיין פרוי — און אייך אַלע פאַרזאַמלטע, וואָס הערן זיך איצט צו צו די דאָזיקע ווערטער. אַז דער שרייבער בנימין שלעווין האָט זיין בכבודיק און אייגנאַרטיק אָרט אין דער יידיש־ליטעראַטור — איז אַלעמען וואויל באַקאַנט. ער געהערט, לדעתי, צו די בעלי־יצירה אין אונדזער ליטעראַטור, וואָס האָבן געירשנט די שענסטע טראַדיציעס פון אונדזער אַמאָליקער יידישער פּראָזע.

זיין עמפּינדלעכע פעדער פאַר סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען האָט מיט איר היסטאָרישן היקף געשאַפן אין דער ליטעראַטור אַ ספּעציפישן זשאַנער, אַ קאַפּיטל, וואָס דערציילט טריי און מיט טאַלאַנט וועגן די געראַנגלענישן פון דורות יידן ערב און נאָכן חורבן. אין דער שלעווינשער

שורה, וואָס איז פול מיט טעמפּעראַמענט און פולסירנדיק לעבן — הערט זיך דער עכאָ פון חלומות און מפּלות פון אַ דור, פון וואַנען מיר אַלע זענען אַרויסגעוואַקסן. בנימין שלעווין איז אין מיינע אויגן אַ באַשיידענער און גאָר פלייסיקער שרייבער, מיט פיל ליבשאַפט און האַרץ פאַרן פאָלקס־צער און זיינע גאָרונגען. ער געהערט צו די ווינציקע, פאַר וועמען ליטעראַטור איז נאָך אַ שליחות, אַ נאַציאָנעלע מיסיע.

וויל איך אים דאָ דריקן גאָר וואַרעם די האַנט, די דאַזיקע האַנט, וואָס האָט אונדז געגעבן אין דער ליטעראַטור שיינע קאַפּיטלען פון אונדזער עבר. זאָלן אים די יצירה־כּוחות דינען נאָך לאַנגע, לאַנגע יאָרן לטובת דעם פאָלקס־מענטשן, לטובת דער יידיש־ליטעראַטור און לטובת אַלע יידיש־מענטשן, פאַר וועמען דאָס שאַפערישע וואָרט איז תּמיד געווען און אויך פאַרבליבן אַ הייליקער יש.

## אין זיבעטן ליכט פון פּאָעטישער בדידות

**וועגן דעם מענטשן און פּאָעט הלל שאַרגעל — נאָכן דערשיינען פון זיין צווייט לידער־בוך „פון זיבעטן ליכט", פאַרלאַג „ישׂראל־בוך", 1983, ז.ז. 204, צו זיין ערשטער יאָרצייט.**

„אָ, גייסט, אויב דו ביסט דאָ, און
ווייל ס'איז פינצטער־חושך אויף דער וועלט,
העלף און באַווייז, אַז דו ביסט פאַראַן —
און דו שיינסט און לייכטסט פונעם אור הגנוז"

(ז. 9)

אויב איך האָב געבראַכט די אויביקע שורות פונעם אַריינפיר־ליד אינעם בוך „פון זיבעטן ליכט", איז עס דערפאַר, כדי שוין לכתחילה אַרויסצוהייבן דעם פּאָעטישן יצירה־אַקס, אַרום וועלכן עס וועלן אומרוּיִק וויברירן און קרייזן דעם דיכטערס זעונגען, חלומות, בענקענישן, זיינע אַלע גאַרענישן און אידעען, געבוירענע פון ליכטיקן גייסט און פינצטערן יִיאוּש. ער וועט זיי אַלע אויסטראָגן — ווי ער זאָגט אַליין — „מיטן פאַרצווייפלטן געבעט" (ז. 10) און מיט גרויס לעכצעניש צום „אייביקן ליד פון לעבן" (ז. 11).

מיר וועט נאָך דאָ אויסקומען צו ציטירן קורצע ליד־פראַגמענטן, איינצלנע סטראָפן, טיילמאָל בלויז אויסגעדריקט אין 2—3 שורות, כדי צו באַרעכטיקן מיין סניגוריה — און אפשר גאָר אַ שמץ אַפּאָלאָגעטיק — וועגן דעם מענטש־אָריגינאַל און פּאָעט הלל שאַרגעל. וואָרעם נאָכן איבערלייענען

דאָס דערמאָנטע בוך ווערט קלאָר, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ דיכטער מיט אַ זייער סענסיטיווער השתפכות הנפש, אָבער אייגנצייטיק — מיט אַ קנאַפּ אַנטוויקלטער קאָנסטרוקטיווער פּאָעטישער דיסציפּלין. די דאָזיקע שטריכן פאַרמינערן לחלוטין נישט (אין מיינע אויגן) זיין פּאָעזיע אין איר געקרוינטער דיכטערישער בדידות, בעת ס׳האָט אויסגעטראָגן אין זיך אַזוי, פיינפול דער פאַרשוויגענער פּאָעט הלל שאַרגעל. ער האָט תמיד שטום געניגונט, הייס אויסגעשעפּטשעט זיין ליד אין אַלע איינזאַמע תפילות: „תפילה צו אַ שטראַל״ (ז. 143), „תפילה פון לעבן״ (178), „געבעט אויף טוי״ (ז. 182), „תפילה אָן ווערטער״ (184) ביז ער זעט זיך אַליין אַ „הנני העני״-פייטן ווי, למשל, אינעם ליד „הנני העני״ (ז. 122) אין די פראַגמענטן-ציטאַטן:

...כאָטש גרוי בין איך ווי שטויב,
נאָר איך גלויב,
אַז אַ טאָג וועט באַך טאָגן...
...אויב עמעץ וועט מאָנען
דאָס זאַלץ און דעם שווייס פון מיין הויט...
...תפילה, תפילה, זאַמל-זיך-אָן,
מעשים האָב איך אַלץ נישט געטאָן,
געבעט אויף ליפּן נישט געזאָגט
און הנני העני
דאָס איז אַלץ וואָס איך פאַרמאָג.

די דאָזיקע אינוואָקאַציע-לידער-שפּליטערס זענען ס׳רוב כאַראַקטע-ריסטיש פאַר אַלע יענע שייגגייסטער, וואָס זינגען-אויס, אין באַגייסטערונג און טראַנס, זייערע ערלעכע דיכטערישע חזיונות.

איך האָב אויבן באַנוצט די ווערטער: אַפּאָלאָגעטיק און סניגוריה. מען קאָן זיך אפשר חידושן: אַפּאָלאָגעטיק פאַר הלל שאַרגעל? איך בין זיך מודה, אַז זינט מיין פען ווידמעט זיך אויף מיטן באַשרענקטן עסיי-אַנאַליז דער ייִדיש-יצירה — און ס׳רוב פון פאַרשטאָרבענע שאַפערס, האָב איך אַ ביטער געפיל, וואָס קומט פון פאַרשוועכונג און פאַרשווייגונג.

מיר דאַרפֿן זיך שלאָגן על־חטא וואָס מיר האָבן נישט אויפֿגענומען ביז איצט כּראוי, און אויך נישט דערזען, — צווישן אַנדערע — אויך איינעם פֿון די אויסבאַהאַלטנסטע, אומבאַהאַלפֿנסטע יונגע פּאָעזיע־שאַפֿערס, די וואָס לעבן תּמיד אויפֿן ראַנד, בנסתּרים, און שאַפֿן כּמעט אינקאָגניטאָ. די וואָס די יצירה טראָגט זיי פּאַרויס אין הייסן גאַלאָפּ — קוקן זעלטן, זעלטן הינטער זיך. מיר האָבן נישט געזען דעם פֿונקען־רייכן פֿלאַם פֿון אַן אמת פּאָעטיש פֿייער. די דאָזיקע ווייטיקלעכע קריוודע געשעט טאָקע אין אַלע ליטעראַטורן און אונדזער ייִדיש איז אין דעם פּרט נישט קיין אויסנאַם. מײַנע ווערטער וועלן דעריבער דאָ האָבן אַ מין סניגורישן אָטעם, בעיקר אין שייכות צו הלל שאַרגעלס לעצט־דערשינענעם בוך „פֿון זיבעטן ליכט", אַ בוך פֿון דאָזיקן אויסבאַהאַלטענעם דיכטער, וואָס האָט זיך נישט דערוואָרט, בעת זײַן פּאַרשטויסן פּאָעטיש לעבן צו זען זײַן צווייט בוך, ווו ס'איז צעגאָסן, אמת, נישט אומעטום, אַ שיינע פּאָעטישע ליכטיקייט, שאַפֿונגען, ווו ס'קומען דיר אַנטקעגן אַ סך סטראָפֿן מיט „לידער העל־צעלויכטן — און איבער זיי אַ קרוין" (ז. 11).

פֿאַראַן אין ליטעראַרישע קרייזן, אפֿשר, אַ באַרעכטיקטע מיינונג, אַז די לידער פֿון הלל שאַרגעל זענען ווייניק באַאַרבעט, ווינציק אַרומגעשליפֿן און קנאַפּ פֿאַרשלימותט. אויב דאָס איז טאָקע אַזוי, זע איך דעם דאָזיקן פֿאַקט ביי אים נישט ווי אַ חסרון, ביירערט דאָס באַווייזט אונדז אַ זעלטענעם בעל־חסד צו זײַן ערשטער פּאָעטישער השראה, וואָס מאָנט פֿון אים: גאָרנישט צוגעבן, גאָרנישט פֿאַרמינערן און אויך גאָרנישט שלייפֿן־בייטן. די ערשטע, אַנגעוואָרפֿענע עקזאַלטאַציע־וויזיע האָט שוין אין די שורות ביי אים אַלע הייליקע סודות און רעאַלע, אָדער אומרעאַלע קאַטעגאָריעס, פֿון אַ שלימותדיק געשאַפֿן ליד. הלל שאַרגעל איז געווען ווייט פֿון פּאָע־טישער טעכניק, וואָס סטעריליזירט די דיכטערישע עקזאַלטאַציע. ער איז אַרומגעגאַנגען תּמיד אין אַ הויכער יצירה־טעמפּעראַטור, מיט אַן אינסטינק־טיווער ספּאָנטאַנישקייט, וואָס אונטערליגן בלויז דעם פֿאַרשיכּורטן צויבער פֿון שאַפֿן. ער איז אַנטלאָפֿן פֿון קילער, שכל־הישרדיקער שלייפֿונג, פֿון ניכטערער ליד־באַאַרבעטונג, וואָרעם דאָס אַלץ איז שוין העט־ווייט פֿון דער ערשטער יצירה־עקזאַלטאַציע. אין זיינע אויגן איז עס אוודאי שוין

געווען לאַבאַראַטאָרישע באַלמעלאָכישקייט, מיט וועלכער עס באַדינען זיך אפילו פּראָמינענטע און גוטע פּאָעטן.

דאָס אויבן געזאָגטע מיינט נישט, אַז מיר זענען, חלילה, קעגן שלייפן, באַאַרבעטן, ענדערן די אָנגעוואָרפענע יצירה מיט דער כוונה צוצוקומען — ווי אונדז דוכט זיך — צו שלימות פון פאָרעם און אינהאַלט. (אגב איז דער באַגריף שלימות אין דער יצירה זייער אָן עפּעמירישער אינדיווידועלער באַגריף). דער ענין איז בכלל אַ פּראָבלעמאַטישער. יעט־וועדער ערלעכער בעל־יצירה, פון וועמענס הענט ס׳גייט־אַרויס אַ שאַפע־רישער אַקט, וועט מודה־זיין, אַז דעם ווערק פעלט דאָך די אַבסאָלוטע שלימות: דאָ און דאָרט וואָלט ער נאָך געדאַרפט אַראָפּנעמען, ענדערן אָדער צוגעבן. כ׳ווייס נישט, צי אין דער קונסט בכלל, און אין דער ליטעראַטור בפרט, איז פאַראַן אַזוינס, וואָס מ׳זאָל אָנרופן: אַבסאָלוטע שלימות. דעם דאָזיקן באַגריף קאָן מען, אפשר, גיכער באַנוצן צום וווּנדערלעכן, אומדערקלערלעכן באַשאַף פון דער אַלמאַכט צו יעדן מינדסטן גרעזל און ווערעמל — ביז צום ווייטסטן, קאָסמישן שטערן, אָבער בשום אופן נישט צו אַ ווערק, וואָס באַשטייט פון מענטשלעכע ווערטער, פאַרבן און קלאַנגען — ווי האַרמאָניש־שיין און איבער־נאַטירלעך־הויך דאָס דאָזיקע ווערק זאָל נישט זיין אינעם שאַפערס זעלבסט־אָפּשאַץ. פונדעס־וועגן האָבן די גרעסטע פּאָעטן אין אַלע ליטעראַטורן קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו פאַרשלימותן זייערע ווערק אין די שפּעטערדיקע עדיציעס.

מיר גייט אָבער דאָ צו באַרירן דאָס פּראָבלעם פון געבוירענע נאַטור־פּאָעטן, וואָס ווילן מיט גאָרנישט פאַרמינערן און פוגע־זיין די הייליקייט פון דער ערשטער אָנגעוואָרפענער יצירה־ראַם, ווי ס׳איז דאָ דער פאַל ביי הלל שאַרגעל. ער האָט מחמת זיין שאַרפער, דויערנדיקער עקזאַלטאַציע נישט געזוכט אונדז צו געבן אַ בעסערע לידער־פאָרעם. מעגלעך, אַז דאָס איז געשען ביי אים מחמת דעם, וואָס ער איז געווען גיכער אַ קנעכט פון זיין אינספּיראַציע, איידער דער באַלעבאָס איבער זיין הייס־געבוירענער סטראָפע. די קנעכטשאַפט צו זיין אינספּיראַציע האָט אָבער אויך גנאָדיק אים באַלוינט מיט אַ שטענדיקן, אינטעלעקטועל־שאַפערישן אָנשטרענג און אויך זיכער פאַרלייכטערט זיין פּאָעטישע אָפּגעצוימטקייט.

כדי דאָס אויביקע צו אילוסטרירן — דערלויבט מיר אַ קלענער ציטאַט פונעם ליד „אומזיסט" (ז. 140):

אומזיסט טראָג איך אַ משא רייד מיט מיר
און ווי,
כ׳גיי און גיי,
און מיט יעדן טריט
ווערט דאָס גיין מיר שווערער,
קיין זאַך ווערט נישט קלערער,
און די רייד, ווי פרעמדע, נישט אויסגערעדטע
שווערן ווי בליי אויף מיר.
— — —
עלעהיי איינער אַליין אין דער מדבר
און מ׳קאָן נישט וויסן צי שפּעט איז צי פרי...

הלל שאַרגעלס שטענדיק אומרויִקע סענסיביליטעט האָט סיי־ווי געבוירן דעם רויִען פּאָעטישן קוואַרץ־יאָדער, וואָס טראָגט אין זיך שוין פון בראשית דעם קאָסמישן סוד פון גייסט און חן. פאַראַן אין אַ סך לידער עכאָס פון פּראָמינענטע, ערנסטע בעלי־יצירה, ווי, למשל, פון יעקב פרידמאַנס מאַגישער דיכטונג, פון זיין אמונה און כפירה, פון פאַרנעפּלטע חלום־מיראַזשען ביז הייליקער מענטש־ליבשאַפט. הלל שאַרגעלס כלומרשט־צעטומלטע פּאָעטישע זיגזאַגן קומען, — צו באַנוצן זיין אייגן וואָרט — פון „אָראַטאָריע פון חלום". אין דער אַ אָראַטאָריע פון חלום שרייט צו אים אַזאַ שטילקייט, וואָס קומט פון שלאָפלאָזע פייער־נעכט, איבערפולטע מיט פּאָעזיע און מיט שטאַרק־מאָלערישע מיראַזשן. דעמאָלט שטאַמלט־ער־אויס, בלויז פאַר זיך, אין דער פינצטער, זיין עקסטאַטישע ליריק, די אומפאַרמיידלעכע מענטש־אימה פון שטאַרביקייט, באַגלייט מיט הימלישע גנאָדן צו אַלץ אַרום זיך. אין אַזעלכע שלאָפלאָזע פייער־נעכט בעת „די צייט האָט פאַרלוירן איר ריטעם" (ז. 23) האָט געשוועבט דער באַפליגלטער, קיינמאָל נישט ניכטערער, קראַנקער, פאַר־שעמטער און פאַרשטויסענער פּאָעט און מענטש הלל שאַרגעל.

ווער האָט געלייענט ביזן סוף זיינס אַ ליד, וואָס ער האָט אַזוי זעלטן געגעבן צום דרוק? כ'וואָלט געקענט ברענגען אומצאָליקע פּראַכטפולע שורות, וואָס האָבן מיך אָנגעצונדן מיטן בליץ און פייער פון אמתער פּאָעזיע. אַ סך שורות, און אפילו סטראָפן גאַנצע, דערמאָנען מיך אין דער זעלטענער דיכטונג פון אַזעלכע נישט־יידישע פּאָעטן, ווי למשל: טאָמאָס דילאָן, וויליאַם באַטלער יייטס, פון די פּוילישער לעכאָן און אפילו טווים, פון די ייִדישע: אבא שטאָלצנבערג, ראַבאָן, חיים קרול. — דער אומפאַרגלייכבאַרער גייסט פונעם גרויסן סוצקעווער וועט אַוודאי מיר מוחל זיין, וואָס איך וועל, אין אַ באַשטימט פּינטל פון זייער וועלטאַנשויונג, זיי ביידן צונויפפירן: דעם וועלט־באַרימטן ווילנער מיטן פּראָווינצער פּאָעט פון כעלעם — הלל שאַרגעל. ווען, למשל, (כ'ציטיר בלויז ליד־פראַגמענטן) סוצקעווער זינגט אין זיינע „לידער פון טאָגבוך" 1983 (געדרוקט: „די גאָלדענע קייט" בר. 110—111, זייט 239) וועגן „רשעים": „רשעים האָבן צו פיל כּוח"... „די שורה וועט לעבן אַזוי לאַנג ווי לאַנג רשעים וועלן לעבן"... „ווייל זייערע קרבנות האָבן שטאַרק אויף זיי רחמנות / איז דורכגעווייט די ערד און ס'וואַקסן טראָגנען פון סקעלעטן"... „רשעים האָבן צו פיל כּוח — אוי, וואַרהאַפטיק, זיי האָבן צו פיל כּוח" — דעמאָלט לייען איך אַזעלכע שורות ביי הלל שאַרגעל: „וואָרעם דאָס רשעות לעבט דאָך אייביק, אפילו מ'זאָל עס פאַרגראָבן אין פינצטערע היילן"... „די אונטערטעניקע ווערן אין ליים פאַרקנאָטן, אַראָפּגעשווענקט ווערן אין תהום פון טרערן... ווייל זייער הילפלאָזקייט איז ווי רויך וואָס דער ווינט צעטראָגט" (ליד: „די אונטערטעניקע גייען פאַרלוירן", ז. 75). אָדער: „לאָמיר אַליין, פאַרצוימען מיט אייזן דעם וועג פון רשעים" (ז. 104) און דער לעצטער ציטאַט: „די רשעים קומען ווי שפּאַרבערס, מיט נעגל און שנאָבלען אויסגעשאַרפטע... אַלע צדיקים גייען נאַקעט צום אייביקן אויף סטעזשקעס פון נויט" (ז. 121).

ווי יעדער פּאָעט האָט אויך ה. שאַרגעל געפירט אין זיך אַן אַן־סופיקע מלחמה, כּדי צו געבן אַן אויסדרוק זיינע דיכטערישע חלומות אינעם רעאַלן אויטענטיזם פון אַרומיקן לעבן און איינצייטיק — דער פאַנטאַס־טישער סימבאָליק, וואָס זאָל געבן אַן עכאָ פון דאָזיקן לעבן אויך אינעם

ליד, דורך זיין פאעטיש זען און פילן. צווישן די צוויי כוחות האט קיין איינער נישט געזיגט. הלל שארגעל איז פארבליבן א צעטיילטער: צווישן פאעזיע־לאזן אויטענטיזם און דיכטערישער סימבאליק, וואס עס פאדערט די ריינע דיכטונג.

דא און דארט שווימט אדורך אין ה. שארגעלס לידער די דאאיקייט פון גאט, אדער פון זיין אייביקן אטעם פון באשאף און צייט־אייביקייט. אפשר דערפאר פירט ער זיך ווי א מענטש און מאלער לויטן באקאנטן זאג פונעם פראנצויז מאריאק: „דאס עקלהאפטע, פארמאטערנדיקע לעבן לערנט אונדז די גרויסע פרייד צו זיין תמיד איינער אליין מיט גאט". שטעלט אוועק אויפן ארט פון ווארט „גאט" דאס ווארט "פאעזיע", און איר האט דאס כאראקטעריסטישע פונעם פאעט ה. שארגעל. אויב שוין דערמאנען גרויסע נעמען — איז כדאי דא צו ציטירן דעם זאץ פון גרויסן געטהע (אין די עקערמאן־געשפרעכן), ווו ער זאגט: „די גרעסטע קונסט איז זיך צו באשרענקען און זיך צו איזאלירן". בעת זיין זעלבסט־דיסציפלינירטער, אדער אפשר אויפגעצוווּנגענער איזאלאציע — האט ה. שארגעל זיכער געגלייבט, אז עס וועט קומען א צייט ווען דער גערעכטער שאצער וועט אויפזוכן די פארשעמטע און איזאלירטע און זיי אפגעבן דעם כבוד־שטול פון אמת און קינסטלערישן חסד.

ס'איז גענוג דאס לידער־בוך „פון זיבעטן ליכט", אז דער זכרון וועגן הלל שארגעל, דעם האלב־פארשטויסענעם פאעט זאל אין דער יידישער ליטעראטור נישט פארלוירן גיין. און דאס שוין בלויז דערפאר וואס מחמת זיין פארבליפטקייט און פארכישופטקייט פון דער פאעטישער באגייס־טערונג איז ער פארבליבן א פארחידושט דיכטעריש קינד, וואס איז תמיד קנעכטיש פארחידושט פון דער אייביקער מיסטעריע פון קינסטלערישן אויס־דרוק. פון זיין לעבן און ערב שטארבן האט ער גענומען פאר זיך דעם זיסן סם און די באלזאמירטע רפואה פון א ווארט, אדער סטראפע. ער האט אונדז געלאזט דאס זיבעטע ליכט פון זיין הייליקן שאפערישן אנשטרענג פאר א מער שלימותדיקער פאעזיע, און א ריינעם, קרישטאלענעם פאעטישן געוויסן, וואס ווארפט צוריק צו זיין נישט־ערדישן שאטן דאס זיבעטע ליכט פון אן אייגזאם־שאפערישן מענטשן.

# אצילותדיקע מאָנונג

## אַ וואָרט וועגן יעקב פיכמאַן ביים באַקומען

## די י. פיכמאַן־פּרעמיע אין יאָר 1975

דאָס צוטיילן היינט אַ ייִדיש־שאַפער דעם פּרייז אויפן נאָמען פונעם גרויסן העברעיִשן פּאָעט און קריטיקער־עסייִסט יעקב פיכמאַן, איז נישט בלויז אַ דערהויבנדיקער אַקט פון אָפּגעבן כבוד דער ייִדיש־יצירה, נייערט טראָגט אין זיך גופא אַזוינס וואָס איז ריינער סימבאָל און אויך — אַ גאָר וואָגיקער נאַציאָנאַלער יסוד פאַרן המשך פון אונדזערעביידע גרויסע ליטעראַטורן — פון דער העברעיִשער און פון דער ייִדישער.

דער איצטיקער פייערלעכער, שיינער אַקט זאָגט אונדז וועגן דער אַלט־דורותדיקער אומצעטיילבאַרקייט און וועגן דער איינמקורותדיקייט פונעם בשותפותדיקן גורל פון די ייִדישע אותיות און זייערע שאַפערס אין ביידע נאַציאָנאַלע לשונות.

בעת מיר קומען איצט צוריק צו די ווערק פון יעקב פיכמאַן און לייענען אויפסניי זיין ליריש, שלימותדיק ליד, אָדער זיין קרישטאָליקן קריטישן עסיי — שטייט פאַר אונדז אויף איינער פון די זעלטנסטע בויערס פון דער מאָדערנער העברעיִשער ליטעראַטור, אַ שרייבער, וועלכער האָט דערזען די אַ איין־מקורותדיקייט, דערזען די דורותדיקע אומצע־טיילבאַרקייט פון אונדזערע ייִדישע אותיות. פון זיינע אַלע יצירות גייט־אויף צו אונדז אַ הייליקע מאָנונג און איינצייטיק דער אצילותדיקער רוף צום נאַציאָנאַלן זכרון. יעקב פיכמאַן איז מיט אומצאָליקע פעדעם געווען פאַרבונדן, סיי אין זיין ליריק און סיי אין זיין עסיי, מיט אונדזער ייִדישן

עבר. ווארעם וואס אייגנטלעך איז דאס מיסטעריעזע ווארט, דער שאפע־רישער חלום, די פאעזיע און די פראזע — אויב נישט אויפצוהאלטן אין וואכזאמקייט דורכן שאפערישן געדעכעניש, דורך די אותיות, דעם זכרון פון פאלק? איך מיין אז ליטעראטור בכלל — און גרויסע ליטעראטור בפרט — איז תמיד גלייזקער זכרון; דער זכרון פון איינזאמען, יחידישן שאפער און גלייכצייטיק דער פארווארצלטער פאלקס־זכרון, וואס לעשט זיך קיין מאל נישט. דער דאזיקער זכרון טראגט אין זיך אלע שיינע דערהויבנקייטן, אבער אויך אלע ביטערע אבלותן, אלע חלומות, אבער אויך אלע מפלות פון אונדזער עבר און פון אונדזער היינט. די איצטיקע פייערונג איז א גרויסער קולטוראקט פארבונדן מיטן מענטש און פאעט יעקב פיכמאן, וואס רופט צו אונדזער זכרון. דאס איז די אצילותדיקע מאנונג פון א גרויסן שרייבער פאר העברעיש־יידישער באהעפטיקונג און פאר א גוטער בשותפותדיקער שאפערישער דאליע.

איך האב געהאט דעם זכות צו זיין נישט איין מאל אין דער מחיצה פון דאזיקן זעלטענעם מענטשן און גרויסן שרייבער. יעקב פיכמאן האט פון זיך גופא, און פון יעטוועדן שאפער, געמאנט די אומפשרהדיקע אידעען־קלארקייט, די שאטנלאזע ווארט־לויטערקייט און עטישע קינסט־לערישע שלימות. און שלימות ווערט דא געמיינט נישט בלויז פונעם שרייבערישן כלי־זין, נייערט די מאנונג פון אזא קינסטלערישער סובסטאנץ, וואס זאל ווערן באגלייט מיט די הויכע מידות און מסורהדיקע פייערן פון אונדזער נאציאנאלער באשערטקייט. פון אלע זיינע שורות קומט צו אונדז די א הייליקע מאנונג פאר שרייבערישער ריינקייט, פאר שאפערישן יושר און ערלעכער יצירה. מיט זיין לירישן און קלוגן קלאסיש־געשליפענעם עסיי האט ער דערהויבן די העברעיִשע ליטעראטור צו א הויכער מדרגה. די פיכמאנישע ווארט־פערפעקציע, דער קרישטאליקער צימצום פון דער קינסטלערישער מחשבה — זענען געווען דער גרונט־יסוד פון זיין יצירה און אייגנצייטיק — א גרויסער שאפערישער רוף צום פאעט און צום עפיקער. גראד ווי פון זיין שאפן איז אויך פון זיין פערזענלעכקייט געפלאסן א פאטערלעכע ווארעמקייט, א נאסטאלגישע יידישע היימישקייט,

אַ האַרציקע אינטימיטעט און ליכטיקייט, וואָס מאַכט יום־טובדיקער און שענער אונדזער שווער שאַפעריש לעבן.

די אַ פּאַטערלעכע וואַרעמקייט און דער אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט צום שאַפער איז אַמבולטסטן ביי יעקב פיכמאַן אין זיינע קריטיש־עסייִסטישע אָפּהאַנדלונגען, בעת ער שרייבט וועגן די, וואָס שאַפן סיי אין העברעיִש און סיי אין ייִדיש. די זעלביקע ליבשאַפט, די זעלביקע פּיעטעט, וואָס ער האָט צוגעטראָגן, למשל, צו שמואל יוסף עגנון, צו יוסף חיים ברענער, צו אשר באַראַש, צו דבורה באַראָן און צו פיל אַנדערע — האָט ער אויך צוגעטראָגן צו די ייִדיש־שרייבערס. יוד לאַמעד פּרץ, שלום אַש, הערש דוד נאָמבערג און אַנדערע. אין זיין עסיי „על הבקורת היוצרת" שרייבט יעקב פיכמאַן: „מעיד אני על עצמי כל מה שכתבתי בחיי במקצוע זה — און געמיינט איז דאָ זיין קריטישער עסיי — היה רק ביטוי של הודיה, ברכת־לב ליוצר". דערמאָנענדיק איצט די דאָזיקע ווערטער מוז מען זאָגן, אַז אינעם הייִנטיקן פייערלעכן אַקט, וואָס טראָגט זיין גרויסן נאָמען — זע איך אַ פּיעטעטפולע האַרץ־ברכה אויף פאַרן יידיש־שאַפער און אַן אויסדרוק פון יומטובדיקער דאַנקבאַרקייט פאַרן שרייבערס מי, פאַר זיין קינסטלערישן אַנשטרענג און יצירהדיקן יש. יעקב פיכמאַנס „ביטוי של הודיה" און „ברכת־לב ליוצר", וואָס איז געשאַפן און ווערט אַזוי מיט יראת הכבוד רעאַליזירט דורכן וועלטפאַרבאַנד פון בעסאַראַבער ייִדן, וועט שטאַרקן דעם שרייבערס דאַליע און אים פריידיק פירן צו העכערע און שענערע דערגרייכונגען.

אין די מאָטיוון פון דער זשורי איז דערמאָנט געוואָרן מיין בייטראָג צו דער חורבן־ליטעראַטור. דערלויבט מיר וועגן דעם צו זאָגן עטלעכע ווערטער.

יעטוועדער שרייבער קומט אין דער ליטעראַטור מיט זיין יחידישער באַשערטקייט, וואָס ציט זיך, בדרך כלל, דורך זיין גאַנץ שאַפעריש לעבן. מען קאָן אפשר זאָגן, אַז קיין שום בעל־יצירה האָט נישט די פרייע בחירה פאַר זיין טעמאַטיק. להיפך: זי, די טעמאַטיק, ווערט אַ טייל פונעם שרייבערס אינדיווידועלן גורל און פון זיין פערזענלעכקייט. זי, די טעמאַטיק, זוכט שוין אויף דעם שרייבער פאַר זיין שאַפערישער אַנטפּלעקונג. אוודאי

וואָלט איך געווען גליקלעכער, ווי אַ שרייבער, ווען דער גורל וואָלט מיר צוגעטיילט אַן אַנדער טעמאַטיק און נישט די עיקר־טעמאַטיק: דאָס גרויסע יידישע אומגליק בעת די אומקום־יאָרן. איך מוז זיך אָבער דאָ מתוודה־זיין, אַז צו מיין שרייבערישער פעדער זענען תמיד געווען אַממייסטן פאַרקנסט די געשלאָגענע, די פאַרשטויסענע, די פאַרשעמטע — אָבער קיין מאָל נישט די פאַרייאושטע. מן־הסתם גרונטעוועט די סיבה ערגעץ ווו אין די טונקעלע קאַמערן פון די ערשטע מיסטעריעזע וועלט־דערקענטעניש אין דער קינדהייט, דערקענטעניש, וואָס ווערן שפּעטער דער סטימול פאַרן שאַפערישן זכּרון. איך האָב פריִער שוין גערעדט וועגן דעם אַ שאַפערישן זכּרון — איז גוט צו דערמאָנען, אַז אונדזערע ביידע ליטעראַטורן, ווי אַ גרויסער נאַציאָנאַלער קנין האָט קיין מאָל נישט און טאָר אויך ווייטער נישט פאַרלירן דעם אַ זכּרון, דעם פאַדעם פון אונדזער עבר. מיר ווייסן, אַז דער ברונעם פון אונדזער יידישן גייסט און דער שאַפערישער חלום זענען אפילו בעתן חורבן נישט פאַרטרוקנט געוואָרן. און אויב מען רעדט וועגן ליטעראַטור איז זי דאָך תמיד געווען דער לעבעדיקסטער ברונעם, דער לעבעדיקסטער קוואַל, ווו עס קומען טרינקען די פאַרשמאַכטע, די פאַרצווייפלטע און אויך די גלייביקע. איך וואָלט נישט געווען גאַנץ מיט זיך ווי אַ שרייבער, נישט גאַנץ מיט מיין יידישער אָפּגעראַטעוועטער פעדער, נישט גאַנץ מיט מיין דורכגעטראָגן ביסל לעבן — ווען איך וואָלט נישט געטראָגן אין זיך, צוזאַמען מיט מיינע פאַרוווּנדיקטע און פאַרשוווּנדענע געשטאַלטן, אויך זייער הייליקע איינזאַמע יידישע טרער.

פאַראַן אַ קליין ליד ביי יעקב פיכמאַן, פון וואָס כ׳וועל ציטירן צוויי שורות:

נשארנו בודדים ומתי־מעט
ואיך נשיר ולמי?

גאַרנישט גיט אַזוי איבער דעם איצטיקן מצב פון דער יידיש־יצירה אין דער גאַרער וועלט ווי די דאָזיקע צוויי פשוטע, געציילטע שורות. און אויב איר האָט אויך מיך, ווי אַ יידיש־שרייבער, אַרויסגענומען פון צווישן די „בודדים ומתי־מעט" און מיך מזכּה געווען מיטן זייער אָנגעזעענעם פיכמאַן־פּרייז — סימבאַליזירט ער פאַר מיר קודם כּל אַ דערמאָנונג

פונעם שאַפערישן זכרון וועגן חורבן. און דאָס איז נישט עפּעס אַנדערש ווי בייגן אונדזערע קעפּ פאַר די אַלע פאַרפּייניקטע און טראַגישע געטאָ־געשטאַלטן. דאָס האָבן זיי, גייענדיק אויף קידוש־השם און קידוש העם, הויך געטראָגן די קרוין פון ייִדישקייט און פון גייסטיקער הערויִק אין זייער געבראָכנקייט. איך, וואָס דער גורל האָט מיך געפירט צווישן זיי, האָב בלויז געפּרוווט איבערגיסן אין מיינע פאַרהונגערטע ייִדישע אותיות אויך זייער תהומיקסטן הונגער, געפּרוווט אויפהאַלטן די פאַרצווימטע ייִדישע שטילקייט, די עפּאָקאַליפּטישע אימה און אויך זייער ייִדישן חלום. בלויז אין זכות פון זיי — אין זכות פון די טויטע און אין זכות פון אומפאַרלעשבאַרן זכרון — נעם איך פון אייער האַנט דעם פּרס־פּיכמאַן. איך טו עס מיט אַ געפיל פון עצבות — אָבער איינצייטיק מיט אַ געפיל פון שרייבערישער פרייידיקער געוווּנטוווּנג, אַז ס׳וועט נישט אויסגיין דאָס נאַציאָנאַלע געדעכעניש פון ייִדישן אומגליק. די גלאָריע פון די קרבנות און דער זכות פון די ייִדישע אותיות באַגלייטן אויפסניי דעם געראַנגל און דאָס שאַפערישע לעבן אין אונדזער שיין פאָטערלאַנד. אַ דאַנק אייך, חשובע שופטים פון זשורי, אַ דאַנק די פאַרשטייערס פון די שרייבער־פאַרבאַנדן: פּראָפ׳ הלל ברזל און ל. פּאָדריאַטשיק פאַר זייערע וואַרעמע ווערטער. און אַ דאַנק אויך אַלע דאָ פאַרזאַמלטע, ביי וועמען ס׳גליט דאָס גרויסע ליכט פון אונדזערע הייליקע ייִדישע אותיות. זאָל דאָס דאָזיקע גוטע ליכט אונדז אַלעמען שטאַרקן, זיין אַ טרייסט און אויך זיין אַ וואָפן אין אונדזער געראַנגל פאַר גרויסע, שאַפערישע מעשים אין ביידע לשונות.

# אַ וואָרט ביים באַקומען די מאַנגער-פּרעמיע

דריי זענען זיי געווען די אבות, וואָס האָבן אונדז געלאָזט בירושה דעם ליכטיקן מעדיום: יידיש. דריי זענען זיי געווען, וואָס האָבן געעפנט די פאַרכישופטע ברונעמס פון מקורותדיקער פאָלקס־יצירה. און אַלע דריי זענען אונדז געוואָרן אַ לייכטנדיקער פאַקל. צווישן זייערע יצירות איז פאַרמגילהט אונדזער נאַציאָנאַלער, וואַכער גייסט און פאָלקס־טימלעכע אינטימיטעט. און זיי האָבן עס געפאַרעמט, דורך התלהבות און מסורה, אונדזערע אַלע מענטשלעכע און יידישע מעשים. דריי זענען זיי געווען: מענדעלע, שלום עליכם און פּרץ. און אויך דריי זענען געווען, וואָס האָבן פון די אבות איבערגענומען אין דער פּאָעזיע זייער שאַפערישן חלום, צוזאַמען מיט דער ביטערער דאַליע פון גרויסע בעלי־יצירה. דאָס זענען די זינגער: ה. לייוויק — מיט זיין זילבערנעם עקדה־סצעפּטער, איציק מאַנגער — מיט זיין פאַרכישופטער און פאַרוווּנדיקטער פּאָוועפעדער און יעקב גלאַטשטיין מיט זיין איינגעלאַשענעם, פאַרשעמטן שבת־לייכטער. אַלע דריי האָבן געדינט מיט זייער חלום און געיאָמער צום לשון יידיש און צו גרויסער יידישקייט. און יידישקייט מיינט אויך אַלץ, וואָס איז פאַרהגליט אין די קרישטאָליקע שירי־ביאַליק, אינעם וויגנדיקן סיפּור פון ש׳ עגנון — דער פאַרפלאָגטער יידישער וואַכנטאָג און דער פאַרשעמטער שבת־חלום פון אונדזער אייגענעם דור און אַלע פאַרגאַנגענע דורות.

אָבער יידישקייט מיינט אויך: געטאָ־פּינצטערניש און געטאָ־מרידה, פּלמ״ח און כּפר עציון — אַלע נסיונות און הויכע מידות פון אַ שווער־געפּרוווטן שטאַם, וואָס האָט אַממייסטן צווישן די פעלקער געקליבן זיינע

טרערן אין לאַגל פון אבלות, פון געזאַנג און פון אומשטאַרביקן ייִדישן בטחון.

בעת איך דערמאָן געטאָ און געטאָ־מרידה שטייט אויף דער טיפסטער דנאָ פון פינצטערניש, יענע תּקופה, וואָס וואַרט נאָך אויפן גרויסן תּנ״כישן טרויער־עפּאָס. אימהדיק גרויס איז געווען אונדזער קרבן און אימהדיק־טיף דאַרף זיין אונדזער נאַציאָנאַלער זכּרון. נישט פאַרגעסן איז די העכסטע גנאָד פון אַ שאַפערישער נאַטור, אָבער איינצייטיק — דער האַרבסטער גזר־דין פאַרן שרייבער. וואָרעם — וואָס איז אייגנטלעך יצירה? פון די פאַרנעפּלטסטע אור־צייטן מיינט עס: פאַרקריצן אין שטיין, אין זאַמד, אין פאַרמעט די וועלט. נישט פאַרגעסן, נישט לאָזן פאַרגעסן, כּדי אַליין ווי אַ שאַפער נישט פאַרגעסן צו ווערן. ליטעראַטור איז נישט עפּעס אַנדערש ווי דער שענסטער אויסדרוק פון מענטשלעכן זכּרון, וואָס דאָס פאָלק טראָגט־איבער פון דור צו דור און וואָס שטאַרבט קיין מאָל נישט. די אותיות, וואָס זענען פאַרצערט געוואָרן אין פייער, געווען אַזוי שטויביק־קרוכלע — זענען דאָך פאַרבליבן פלאַמיק־איינציק און אומשטאַרביק.

גרויס און הייליק וועט מוזן זיין דער מזבח, וואָס מיר וועלן מוזן דאָ, אויף דער תּחיית־המתים־דיקער ייִדישער ערד, אויפשטעלן מיט אַלע קרבנות, מיט אַלע פאַרבלאָנדזשעטע און צוריקגעקומענע. מיט וואָס פאַר אַ טיפן גלויבן דאַרפן זיין געהילט אונדזערע טעגלעכע מעשים, אונדזער שאַפן און טראַכטן, כּדי צו פאַרטרייבן די פינצטערניש פון נעכטן און די זאָרג פון היינט, די אבלות פון נעכטן און דעם וויי פון היינט, וואָס פאַרקלעמט אַזוי שווער אונדזער אָפּגעראַטעוועט ייִדיש לעבן.

לסוף — דערלויבט מיר אויסצודריקן אַ דאַנק דעם קאָמיטעט פון מאַנגער־פּרייז, די חשובע שופטים פון זשורי, וואָס האָבן — היי־יאָר — נישט פאַרשעמט יענע ייִדישע אותיות וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין דער טיפסטער פינצטערניש. און אויב ס׳ווערט דאָ געאָכפּערט אַ ייִדישער שרייבער פון יענער אימהדיקער תּקופה, ווערט אויך דערמיט אָפּגעגעבן כּבוד צו מיינע אַלטע, אומגליקלעכע טאַטע־מאַמע, השם ינקום דמם, וואָס האָבן פאַרן גיין קיין אוישוויץ מיט זייערע האַלב־אָפּגעשטאָרבענע הענט פאַרגראָבן אין אַ געטאָ־קעלער מיינע בידנע ייִדישע שמות. אָבער אָפּ־

געבנדיק כבוד צו יידיש־שרייבער, גיט איר קודם כל אַפּ כבוד נישט בלויז זיי — נאָר דעם פענאָמען און מעדיום יידיש. איר טוט אָן אַ קרוין אונדזערע פאַריתומטע, הייליקע זילבן, אויף וועלכע ס׳האָט געזונגען אַזוי טרויעריק און שיין דער פאַווע־פויגל אין דער יידישער פאָעזיע — איציק מאַנגער. זאָל דאָס גוטע ליכט פון די פאַרוואָגלטע יידישע ווערטער, זייער חלום און געיאָמער, זייער הימל און ערד, ווערן פאַר אונדז אַ טרייסט און אויך אַ וואָפן אין אונדזער געראַנגל, דאָ, אין דער שיינער היים פון מדינת ישראל, כּדי דאָס ליכט, דער הימל און דער בטחון זאָלן אונדז שוין קיין מאָל נישט פאַרטונקלט ווערן. זאָל דער זכות פון די הייליקע יידישע אותיות אונדז אַלעמען ביישטיין.

# אין פייער פון זכרונות

אַלע הימלען אונדזערע זינגען שוין נאָכן שטורעם,
מיר זעגען שאָטנס בלאָע, בלאָנדזשען אינעם פייער פון זכרונות.
שוין ליגט איינגעפאַלן אינעם שטויב דער חורבן־טורעם,
נאָר יענער האַריזאָנט — הייליק־ראָזיק אויף זייער קאָפּ אַ קרוין איז.

דיין גרינער וועלדער־גורל, אויך מיין כּישופדיקער קעלער־אַלף,
זיין האָבן אונדז געהיים געהיטן — אַ שפּינען־בריק פאַר בײדן;
ס'איז געווען מסתּם אַ גוטער מלאך, אָן דעם ברוינעם חלף,
אונדזער שומר, מיר זאָלן מיט די רויזן בליען אין גן־עדן.

צו אַלע קלאָרע הימלען זיבן וועט אונדזער חלום תּמיד בענקען —
ווי צו די פאַרשימלטע כּתב־ידן מיינע און צו דיינע יונגע קושן.
אַלע הימלען פונעם שטורעם וועלן אונדזער שטאַרבן פאַרגעדענקען
און ס'וועט דער טויט דעם גורל־גאַנג קיינמאָל נישט פאַרווישן.

מיר זינגען ווידער שוין צו אַלע האַריזאָנטן שיינע, הויכע,
אין תּהום צעבראָכן ליגט — דער פייערדיקער, ברוינער טורעם;
נאָך פלאַקערן אין דיינע אויגן יענע שוואַרצע יידן־רויכן
און מיר וועבן שוין אויפסניי אַ רעגנבויגן אין זוניקע חדרים.

אוי, הימלען זיבן, אויסגעלייטערטע שוין פון שטורעם,
זיי זינגען מיר איבער קאָפּ, אין מיין שפּעטן זיקנה־גאַנג;
די סאָלאָווייען פוילנס כּליפּען תּהלים איבער וויסטע קברים,
ווי ס'זינגט אין פייער פון זכרונות מיין צעכליפּעטער געזאַנג.

## געטאָ-באַלאַדע פון די צוויי אין קעלער

צוויי — זיי זיצן נאָך אין קעלער,
איינער — פרעפלט תהלים, דרימלט.
און דער צווייטער — אָפן ס׳מויל נאָך,
לערנט משניות פאַרן הימל.

ביידע — האָבן זיך באַהאַלטן,
זאָל מען זיי צום טויט נישט שיקן ;
איינער — פרעפלט אַלץ נאָך תהלים,
כ׳קאָן נישט זען דעם צווייטנס בליקן.

ביידע — ווי סטאַטועס אַלטע,
לאַנג, שוין לאַנג פון טיפע גרונטן ;
און זיי ווילן איך זאָל אַלץ נאָך
הערן ווי זיי לערנען אונטן.

קלאַפּ איך אָן אין אַלטן קעלער :
„— טאַטעס, זיידעס, ליבע ברידער —
אַלע ביינער אין די טאָלן
לעבן שוין מיט בלוט און גלידער.

כ׳קום צו אייך פון לאַנד כּנען,
אין די הענט — אַ זילבער־לירע ;
אויפן פייער־זאַמד פון מדבר
שוועבט יחזקאלס אַלטע בשורה.״

און זיי הערן ביידע שטומע,
אויסגעהאַקטע ווי סטאַטועס ;
כ׳זע : פון זייערע בליקן קרומע,
כּהאָב געהאַט אַ כּישוף־טעות.

מתים צוויי — טיף אין קעלער,
איינער : פרעפלט תהלים, דרימלט.
און דער צווייטער — אָפן ס׳מויל נאָך
לערנט משניות שוין אין הימל.

## פאַרזיגל אין זכרון

פאַרזיגל אין זכרון:
יענע שעה צום געדענקען וועסט שוין מער נישט קאָנען,
נישט דעם קדיש־כליפּ פון רעדער אונטער אוישוויצער וואַגאָנען.

פאַרזיגל אין זכרון:
ווען ס'האָבן אין געהיים געקושט דיינע ליפּן סטראָפן הייסע —
האָט הינטער וואַנט אויך עמעצער געמוזט שוין קריעה רייסן.

פאַרזיגל אין זכרון:
אַלץ, וואָס ס'האָט דיין חלום שיין אַזוי געוועבט דיר —
איז בלויז געווען אַ נעסטעלע פון שוועלבעלעך געקלעפּטע.

פאַרזיגל אין זכרון:
דיין שאָטן איז אַ קרוג געוואָרן, איבערפול מיט טרערן־טויען,
און די שטערן שטאַרבן דאָרטן אין אַ שקיעהדיקן בלויען.

פאַרזיגל אין זכרון:
פון אַלץ, וואָס לאָזסט אויף אייביק דאָ, אייביק, אייביק צום געדענקען,
איז בלויז דאָס לעצטע שטילע וואָרט, וואָס וועסט אַליין זיך שענקען.

אַפּריל 1983

# אַ וואַלד מיט ווייסע ביינער

אין דרויסן — אַ מידבר מיט בערג
און פלאַמען פון גראַניטענע שטיינער.
יעדע נאַכט מיר זיי ליגן צוקאָפּנס —
אַ וואַלד מיט ווייסע ביינער.

וואָס ווילן די ביינער אין חלום ?
זיי שטייגן פון מיין יעדער ווונד.
כ׳וועל שאָטן, וואָס זוכט אין די טאָלן,
אַ שפּליטער אין קרייז פון דער זון.

דער מידבר און אויך אַלע שטיינער,
אויך דער חלום — ער ציט מיך אַוועק.
בלויז דו ביסט פאַרבליבן מיר איינער —
אין פירסט מיך צום ליכטיקסטן ברעג.

## דער שייטער

מיינע ליכטיקע הימלען — ווו זענען ?
כ׳בין איוב — אַ הירש אַ געטייטער.
אויך הבל — מיט צייכן פון טויט —
נאָך ברענט אויף מיין שטערן דער שייטער.

לעש־איין מיין אייביקן יאוש —
דו, גאָט, פון די טונקלסטע טויערן.
אַ סימן מיר גיב פון דיין רחמים,
כ׳זאָל טראָגן מיט גנאָד אַלע טרויערן.

צו דיינע רקיעות די רויטע
און ביז צום פאַרזיגלטן צייכן —
כ׳וועל זינגען צום סוד מיט די טויטע
ווי ווערבעס ביי באַכטיקע טייכן.

כ׳וועל זינגען און וואַרטן און וואַרטן
צום ליכט פון דיין איינציקן שטערן.
כ׳וועל קושן דיין שטיין דעם האַרטן
און טרינקען פון אים זיינע טרערן.

ביילינסאָן־שפּיטאָל, יולי 1979

# אַ רויז אויף דיין חלום

(געהייליקט די דערמאָרדעטע יידיש־שרייבערס — 12.8.52)

יעדע נאַכט זיי קומען מיר צו חלום.
זיי שטומען. בלויז אויסגעשטרעקט די הענט.
זיי גלעטן ווייך מיין פנים, מורמלען: שלום —
און כ'זע: לבנה־פלעקן ציטערן אויף ווענט.

דאָס זענען זיי — אָן גוף און אָן די גלידער,
בלויז כוואַליעס ליכט פון לבנה ציטערט.
דאָס ציטערן צו מיר אַזוי זייערע לידער,
געזונגענע אין ליכט, אויך פון פיין פאַרביטערט.

דאָס זענען זיי — די פאַעטן טויטע,
וואָס קומען יעדע נאַכט מיר צו גאַסט;
ווי נאָר די הימלען וועלן זיין צעבלויטע —
כוועל ווידער זוכן זייערע פנימער אין גאַס.

נאָר ווי מיר, ווי — נישטאָ פאָר זיי מער קיין אָרט
בלויז אין חלום־קיניגרייך פון שרייבנדיקע טויטע הענט.
איך הער: מיר האָבן אין די שורות שוין געזען דעם רויטן מאָרד,
אויך די שיינע פען, וואָס ליגט שוין לאַנג פאַרברענט.

דעריבער, ליבער אונדזער, מיר קומען צו דיר בלויז
שלום ביטן. שווייג אַריין מיט טרער אין דיינע שיימעס.
היט־אָפּ דיין טרערן־שורה ווי דיין צעפאַלן יידיש־הויז
און היט דיין וואָרט פון אַלע שוואַרצע אימות.

זאָלסט מער נישט שרעקן זיך ווען די נאַכט איז גרויס,
ווייל גרעסער איז די פינצטערניש פון אונדזער שווייגן.
היט־אָפּ דיין טרערן־שורה ווי דו היטסט דיין יידיש־הויז —
וועלן מיר קומען יעדע נאַכט, אַ רויז אויף דיין חלום לייגן.

# מיין לידער-גילאָטינע

כ׳פיר שוין נישט מלחמה מיט די גראַמען
און כ׳וויל זיי נישט אויף ווייסע פערזן בייטן;
כ׳הער פון זיי דאָס הייליק פּרעפּלען פון מיין מאַמען,
אויך פון אירע פריילינגדיקע כּלה־צייטן.

כ׳פיר שוין נישט מיינע ווילדע חלום־שטרייטן,
מיט די ווינטן, מיט די טויטע אין פאַרברענטע מילן;
פאַרלוירן כ׳האָב דעם שם־המפורש פון די צייטן
און וואַרט: זאָלן וויכערס קומען ס׳קראַנקע האַרץ איינצושטילן.

כ׳פיר שוין נישט מיט זיך קיין קידער־ווידער,
כ׳הער בלויז: אַלע שטובן־ווינקלען אין מיין חדר קלאָגן.
אפשר קלאָגן מיט זייער בת־קול אַלע יענע לידער,
ווען כ׳פלעג אין שוואַרצן געטאָ־קעלער תהלים זאָגן?

כ׳פיר שוין נישט קיין מלחמה מיט די טרערן,
זיי פירן מיך צום שרייבטיש — מיין לידער־גילאָטינע;
פון שוואַרצן טרערן־טינט — עס וועלן צעלן בלוט זיך מערן,
נאָר ס׳הימל־ליכט אין סטראָפן וועט דאָרט אייביק זיך געפינען.

# כ׳ווייס נישט

כ׳ווייס נישט צי די בייגעוודיקע ווערבעס
ווייַנען נאָך ביי פּוילנס טייכן.
נאָר דאָ — די קליינע אײלבערט־ביימלעך
זענען מייַנע ווערבעס — קלאָגן צו די הייכן.

איך האָב פאַרפלאַנצט אַ צווייַגל און אַ ביימל,
מיט ליכטיקייט די שורות פונעם חלום שייַנען.
דייַן קאָפּ רו־אָפּ, און שווייַג מיט יענעם שווייַגן
ווען ווערבעס שווייַגן און קאָנען מער נישט ווייַנען.

כ׳האָב אויפגעהיטן אונדזער קידוש־בעכער
מיט אַלע תּפילות און שבתדיקע טרערן.
שטייט ער אויף מייַן טיש, ווערט פון אַ באַרג אַלץ העכער
און אַלע תּפילות כ׳קאָן זיי ווידער הערן.

כ׳ווייס : צווישן פּוילנס שווייַגנדיקע ווערבעס
ברענען נאָך אַלע יענע שׂריפות.
אויך איך וועל מיט אײלבערט־ביימלעך שווייַגן,
שווייַגן ביז מייַן לעצטע סטראָפע רייַף איז.

כ׳ווייס נישט, כ׳ווייס נישט צי די ווערבעס פּוילנס
ווייַנען נאָך ביי אַלע אירע טייכן.
נאָר דאָ — די קליינע אײלבערט־ביימלעך
ווי די ווערבעס וואַקסן העכער צו די הייכן.

## צעבליטע כלות

האָסט דערציילט, דערציילט, דערציילט
פון ווונדער און טויט —
פון כּלות צעבליטע
ווי פּוילישע ליפּעס.

זיי האָבן געשמייכלט, געשמייכלט, געשמייכלט —
אין זייער גאַנג
צו די טויערן פון טויט —
ווי צו אייגענע חופּות.

האָסט דערציילט, דערציילט, דערציילט
ווי מ׳האָט זיי געציילט, געציילט, געציילט,
נישט הונדערט, נאָר טויזנט —
די שלאַנקע, געפאַלענע רויזן.

צי איז פון זיי אַלע,
פון יעטוועדער כּלה —
אַש בלויז געוואָרן ?

אָ, ניין, ניין, ניין,
פון אַש איז דער הימל,
פון אַש איז דער שטערן,
פון אַש איז ס׳לייב,
פון אַש — בליִען טרערן.

האָסט דערציילט, דערציילט, דערציילט —
און גאָר נישט געוויינט.
פֿאַרוואָס ?
ווייל געוויין — איז אַ שטיין,
ווייל געוויין — איז אַ בלאָט,
ווייל געוויין — איז אַ ביין,
וואָס האָט בלוטן געהאַט.

און אַלץ אין דיין מויל
איז מער נישט קיין גרויל.
און אַלץ אויף דיין האַנט
איז מער נישט פֿון בראַנד.

די בראַנדן פֿאַרשווינדן מיט בייזע חלומות,
בלויז כּישוף פֿון טויט פֿאַרבליבן אין דיר.
דו מיינסט : אַז אַלץ, וואָס געווען, בלויז אַ טרוים איז ?
די כּלות — זיי וויינען נאָך איצט ביי דיין טיר.

# אומעטיקעברידער

אוי, ברידער, ברידער,
אומעטיקע ברידער —
ווי שווער וועט מיר זיין
אָן אייערע לידער.

די צייט, די צייט —
ווערט שפּעט שוין און קלענער,
די לידער, די לידער —
אַלץ שיין נאָך, און שענער.

אַפילו ווען ס׳ליד איז נישט אַזוי שיין —
ווער שלוכצט עס מיט ריטמען און טראַכיי־געוויין ?

לידער פון אונדזערע מאַמעס פאַרפלאָגטע,
לידער פון תּפילות אַלץ נישט־דערזאָגטע,
לידער פון יידיקע, שטרויענע כאַטעס,
לידער פון פרומע, פאַרגאַזטע טאַטעס.

אוי, ברידער, ברידער,
אומעטיקע ברידער —
ווי שווער וועט מיר זיין
אָן אייערע לידער.

ווו איז דער חלום אונדזער פאַראַקערט ?
ווו איז די נאַכט מיט חזיון צעפלאַקערט ?
ווו איז די ערד נאָך איצטער אַ גרינע,
מיר זאָלן דאָרט אונדזער בטחון געפינען ?

אוי, ברידער, ברידער,
אומעטיקע ברידער —
ווי שווער וועט מיר זיין
אָן אייערע לידער.

און אפשר — ווער ווייסט —
גאָט וואַרט שוין מיט טרייסט,
כ׳זאָל ווידער זיי אַלע, אַלע דערהערן
דורך שניי, רעגן און הימלישע טרערן.

# אין יענער נאַכט

אין יענער נאַכט, ווען ס׳האָט געשאַלט דער ברענענדיקער פייער־האָרן,
האָב איך אין קעלער אַנגעוווירן מיין יידישן זכּרון.

כ׳האָב אים אויסבאַהאַלטן בלויז אין סטראָפן, אין אַ זילב אַ קליינער,
ער זאָל נישט אויסגיין אינעם קעלער מיט די קאַלטע ביינער.

כ׳האָב פאַרשיכּורט מיט די זילבן מיינע קעלער־רגעס,
ווען ס׳האָט די פינצטערניש געפלייצט איבער אַלע ברעגעס.

כ׳האָב אין זילבן זיך באַהאַלטן, כּדי זיך ראַטעווען פון קוימען,
און געתּפילהט : זאָל דאָס גרויסע ליכט דיינס צו מיין קעלער נישט פאַרזוימען.

איז אַ נס געשען. זינט דעמאָלט — כ׳קאָן אין נעכט שוין מער נישט שלאָפן,
פונעם קעלער קומען צו מיר די געראַטעוועטע סטראָפן.

און אין דרויסן שאַלט דער רייטער, כ׳וועל אים תּמיד הערן,
און ער היט אים, מיין זכּרון, ס׳זאָל אַ שטיין פון אים נישט ווערן.

און איך ווייס : פון אַלץ וואָס הייליק, איז מיר הייליקער פאַרבליבן
יענע סטראָפע אינעם קעלער, וואָס כ׳האָב קיין מאָל נישט פאַרשריבן.

## געזעגענונג מיט אַלטע סטראָפן

אַלע טויטע האָבן לאַנג שוין דיך פֿאַרגעסן,
דו אַליין קאָנסט זיי אַלע בישט פֿאַרלעשן אין זכרון;
אַזוי פֿיל טראַקטן וועט דיר אויסקומען איבערלויפֿן, אויסצומעסטן,
טראַקטן פֿון חלומות וויסטע, ווייסער ביין און טויטע יאָרן.

זייערע בליקן מאָנענדיקע — נעפּלען פֿאַלן אויף דיין פּנים,
דו אַליין — אַ ווינטערצווייג אין בלאָען פֿראָסט איינגעפֿרוירן.
פֿון דער פֿינצטערניש איך הער זיי: ווי אונדז, וואָרעם אָן אים —
האָבן מיר אונדזער ליכט אויף אייביק, אייביק שוין פֿאַרלוירן.

וויל איך אייך געזעגענען ווי מיט הייליק־אַלטע שיימעס,
ווייל איך ווייס: יעדעס אות פֿון מיינע סטראָפֿן ווי אַ טרער ריין איז.
און מיט טרערן פֿון די פֿייגל, פֿון די סאָלאָווייען זיסע —
וועלן פֿאַלן אויף מיין מויל סטראָפֿן אין דער שעה פֿון גסיסה.

און ווען איך וועל, גראָד ווי איר, לאַנג, שוין לאַנג זיין פֿאַרשוווּנדן —
וועלן נאָך אין האַלבע סטראָפֿן זינגען אַלע מיינע ווונדן.
און פֿון אַלע סטראָפֿן מיינע מיטנעמען כ׳וועל בלויז איינע, איינע —
פֿאַר כּביכול — זאָל ער אויכעט מיט מיינע אַלטע סטראָפֿן וויינען.

# מיינע לעפל

דאָס האָט זי, די האַנט געהיימע מיר געגעבן תמיד פאַרן שלאָפן,
די רפואה — אַ גרויסן לעפל מיט אַלטע, אַלטע סטראָפן.

כ׳טרינק פון יענע לעפל נאָך פאַרחלומט און אַ דולער —
און די לעפל יעדע נאַכט ווערן פולער, פולער, פולער.

פון די אַלע לעפל־סטראָפן מיט זייער הימלישער רפואה
הענגט שוין איצט אַ טרערן־לאָגל אויף מיין אַלטער וויע.

דאָס האָט פאַרן שלאָף פאַרשריבן מיר יענע האַנט די געהיימע —
ס׳זאָל אין טראָפן קומען צו מיר די גענעזונג פון דער אימה.

סטראָפן האַרבע, מילד־באַהאַרצטע, סטראָפן נישט געזאָגטע, שטילע —
די רפואה פון די לעפל, צווישן שורות אויך אַ תפילה,

כ׳זאָל די לעפל נישט באַדאַרפן מער שוין קיינמאָל פאַרן שלאָפן
און די שטערן זאָלן אויפגיין צווישן מיינע אַלטע סטראָפן.

אַזוי איז דאָס געווען — ווען איך בין דורך פינצטערניש געלאָפן —
ביז גענעזן האָבן מיך אַלע לעפל, פולע מיט די אַלטע סטראָפן.

# דער געטאָ-בעכער

יענער קעלער, יענער קעלער
פול מיט שפינען, מייז און שימל —
ווערט מיר איצט אַלץ העלער, העלער,
ווערט מיר איצט דער שענסטער הימל.

איבער מיר — אַ דיל מיט שפּאַלטן,
אונטן — בלויז אַ קליינע לייטער.
דאָ כ'האָב סטראָפן אויסבאַהאַלטן
ברענען זאָלן נישט אויף שייטער.

כ'בין געלעגן אין דער נאָרע
קיינער זאָל נישט זען מיך, הערן —
ביז פון סטראָפן ס'איז געוואָרן
אַ געטאָ־בעכער פול מיט טרערן.

כ'האָב געזופט, געזופט פּאַוואָליע,
ליב פאַרנומען אַלע שטראָפן.
ווייל דער בעכער האָט מיין דאָליע
אויפגעהיטן אין די סטראָפן.

איצטער זע איך: ס'ליגט אויף דעכער
לאַנג שוין טויט די לבנה.
אויף מיין טיש נאָך שטייט דער בעכער
ווי גאָטס הייליקסטע מתּנה.

## צוריק צו מיין מאָגילניצער מאַמען

ווי לאַנג וועט ער נאָך שפּרייזן
פאַר מיר, הינטער מיר —
מיין אייגענער שאָטן ?

ווי לאַנג וועט ער נאָך וואַקסן
פאַר מיר, הינטער מיר —
ווי אַ בוים מיט אַן אָפּגעהאַקטער קרוין
און אַן וואָרצלען ?

די וואָרצלען זענען דאָך אין מיר
און אַלע זיי קלאַמערן
מיינע האַרצקאַמערן
אין שטענדיקן גאַנג —
צווישן ערד און פאַרנעפּלטן מילכוועג.

איך אַליין טראָג נאָך דעם שאָטנס
אָפּגעהאַקטע קרוין — אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג
ווי עס פליסט
צווישן ערד און פאַרנעפּלטן מילכוועג
מיין שוועבנדיקער גאַנג.

און וואָס וועט זיין מיט אים —
ווען כ׳וועל זיך אומקערן אַהיים
מיט אַלע מיינע וואָרצלען
פון ערד און פאַרנעפּלטן מילכוועג ?

ער וועט שוין דעמאָלט זיין :
היימלאָז, ערדלאָז, אָן רעגן, אָן ווינט,
אָן הימלישע פלאַמען —
דעמאָלט וועל איך צוזאַמען מיט אים
צווישן ערד און פאַרנעפּלטן מילכוועג
ווידער רוען
אויף די ווייכע, וואַרעמע הענט
פון מיין קליינער, מאָגילניצער מאַמען.

## צום הייליקן שאָטן פון ה. לייוויק

ס'קאָן זיין אַז גראָד ווי אויף וועגן סיבירער,
האָט לייוויק געשפּאַנט אין געטאָ פאַרפּייניקט.
האָט אפשר אין קעלערס פון געטאָ אין פּוילן
מיין טוכלער כּכת־יד מיט זיין גוף זיך פאַראייניקט.

האָט לייוויק געקליבן מיר אות נאָך אַן אות —
און איך האָב געקליבן פון ברויט בלויז די הויט ;
ס'האָט קיינער געזען ווי מיר טרינקען דעם כּוס
פון אייביקן לעבן — און נישט פונעם טויט.

אין געסלעך פון געטאָ, אויף ביידעמער, קעלערס,
ס'קאָן ווער דאָרט אַ בלאַט פון מיין כּתב נאָך געפינען ;
איך האָב אים געבוירן ביים ליכט פון די שטערן,
איך זאָל נישט פון הונגער אַראָפּ פונעם זינען.

אָ, ניין, זיי האָבן געגנערט מיך, אַפילו געזעטיקט
ווי ווייצענער ברויט פון פּוילישע לאַנען ;
און כ'האָב נישט דעם טויט אין אוישוויץ פאַרשפּעטיקט,
און אויך נישט דאָס ליכט, וואָס אין שטערן פאַראַן איז.

## פון אַלע קרוינען

פון אַלע קרוינען אויף דיין גראָען קאָפּ
דו טראָגסט בלויז אין דער האַנט אָן אַלטן סצעפּטער.
אינעם וועלקן פאַלן די גירלאַנדעס אָפּ
און דאָס שיינע ליכט ווערט אַלץ אויסגעוועפּטער.

פון אַלע זילבערטאַצן, פון זייער גאָלד און מעש,
פאַרבאָרגן אויפן לייב דו טראָגסט אָן אַלטע טאָרבע.
די זון האָט קיינמאָל נישט באַפוילן: גיי פאַרלעש
דעם גרויסן בראַנד פון די, וואָס זענען שוין געשטאָרבן.

און דו האָסט זיך געשפּיגלט אינעם שירה־קוואַל,
נאַרציזיק דיין געשטאַלט צו שטראָמען איינגעבויגן.
האָסט נישט געוווּסט, אַז שווערער פון ניאַגאַראַ־פאַל
וועט זיין די קלענסטע טרער פון צעאַשטע אויגן.

דאָס פייער האָט די קרוינען אויף דיין קאָפּ געלאָשן,
איצט טראָגסטו אויפן לייב אָן אַלטע, גראָע טאָרבע.
איצט ווייסטו שוין: דער סצעפּטער היילט נישט מער דיין שירה־לשון
געפאַנגען ביסט פון אַלע, וואָס זענען שוין געשטאָרבן.

## כ׳האָב פאַרלוירן אַלע שליסלען

כ׳האָב פאַרלוירן אַלע שליסלען —
איינער איז מיר בלויז פאַרבליבן:
צו דעם מאַרגנווינט פאַר שחרית,
צו דעם געלן גראָז אין שקיעה,
וואָס כ׳וועל תּמיד, תּמיד ליבן.

כ׳האָב פאַרלוירן אַלע שליסלען —
איינער בלויז איז מיר פאַרבליבן;
היט איך אים ווי אויגס שוואַרצאַפּל:
צו דעם מאַרגנווינט פאַר שחרית,
צו דעם געלן גראָז אין שקיעה,
צום ווערעמל, דער קליינער בריאה,
וואָס כ׳וועל תּמיד, תּמיד ליבן.

כ׳האָב פאַרלוירן אַלע שליסלען —
איינער איז מיר בלויז פאַרבליבן.
וואַרט איך ס׳זאָל דער שומר שוין
מיר עפענען די הימלען זיבן.

כ׳האַלט דעם שליסל גרייט אין האַנט,
אפשר קומט ער היינט, צי מאָרגן.
כ׳וואַנדער שוין אין קיינעמס לאַנד
מיטן שליסל הייס־פאַרבאָרגן.

אַז ר׳וועט קומען, ווײ, כ׳בין זיכער,
ווי ס׳איז קלאָר מיין לעצטע שורה.
כ׳בין געווען אַ מילב אין וויכער,
כ׳הער דעם שומרס הימל־בשורה.

ישעיהו שפיגל

## אַלע ווינקלען

אַלע ווינקלען פון מיין קליינער, טריבער שטוב,
געבויט פון שפּינוועב, שטיין און ליים,
קושן איצט בלאָע שאָטנס פון די ווענט
און סטראָפן וועקן דעם זכרון סודותדיק־געהיים.

אַלע גרילן גאָטס פּאַרמויערטע אין שווייגן.
דער פרומער תהלים־ניגון — אין דער קעל דערוואָרגן.
ווו זענען קברים כ׳זאָל דעם קאָפּ דאָרט לייגן,
צי וועט די זון נאָך אויפגיין אינעם שוואַלבן־מאָרגן ?

פאַרבלוטיקט האָט אונדז סדום מיט אַלטע זשאַווער־קייטן,
אונדזער פוס געשטרויכלט, עקדות — ווייסע הענט.
צי אמת איז, אַז ס׳וועלן שוין נישט בלייען קווייטן,
אַז דער פייערקוימען אין פאַרלאָשנקייט נאָך ברענט ?

מיך יאָגט אַ דולן דער שיינער סטראָפן־חלום
און כ׳קוש דאָס וואָרט פון אַלטע, אַלטע קוואַלן.
צי ווייסטו נישט : מיט פינצטערניש פאַר יעדן אות וועסט צאָלן ?
דיין אלף־בית וועט תמיד שאָטענען מיט טויטן אַש פון שטראַלן ?

מיין תפילה רופט צו דיר פון חשכות און פון צווייפל,
אומזיסט זיי וויינען — די מלאכים אויף די פייער־הענט פון גאָט.
דאָס לעבן אונדזערס האָסט מיט אור־געשפּענסט געכפּלט —
צי וועסט שיקן נייע לוחות, נייעם חלום און אַ ניי געבאָט ?

מיר וועלן שוין מסתם תמיד אַזוי שטאַרבן, אויסגיין ווי דער בלי פון גראָזן,
וואָס זייגן זייער מילך־טוי ווי איך ס׳געוויין פון סטראָפן און פון גראַמען.
נאָר ס׳וועט דער חלום פון דיין אלף־בית מיך קיינמאָל נישט פאַרלאָזן,
וואָרעם זייער טרערן־טוי איך בין און דער רויטער פונק פון אַלע פלאַמען.

# ס׳האָט אַ קוואַל

ס׳האָט אַ קוואַל אויפסנײ אין מיר זיך בלאָ געעפנט,
געוועזן איז ער שוין יאָרן מאָכיק, שטייניק.
גײ איך ווידער טרינקען פון אים שלוק נאָך שלוק
און ווער אַן אָוונט־פלאַטערל, זינג אייביק און אַלײניק.

אַלײניק ? אָ ניין, דו געוועזן ביסט בלויז מיט מיר דאָרט תּמיד,
אַפילו ווען כ׳בין טיף געזונקען אין דער פינצטער.
דאָס קלענסטע ווערעמל געזונגען האָט, מיר זיס געזשומעט —
און זינגט אויפסנײ אין יעדער זילב דער מינדסטער.

יעדער קוואַל, דו זאָגסט, מוז טרוקענען, מוז אויסגיין,
בלויז אַרום דעם מיינעם — זאַמדן ווערן גרינער, ווייכער.
און דאָס וואָס בלייבט — וועט זיין דער שענסטער ניגון
און דאַרשטיקן ער וועט צו אַלע הימלענס הייכן.

ווי יעדער קוואַל אויך איך — איך בין צו דיר געגאַנגען,
געהערט : אין האַרץ שמעטערלינגען פון מיין יינגלשאַפט נאָך ווימלען.
פון דיין קוואַל דעם אייביקן פליסן מיינע סטראָפן און געזאַנגען
און מיטן בעש״ט איך שיק מיין תּפילה צו דיינע שקיעהדיקע הימלען.

# טויטע פּאָעטן

איך גיי און גיי
שוין אויך צווישן זיי,
געלענט אויף מיין שטעקן.

דער שטעקן — אַ צווייג
פון אַ געשטאָרבענעם דעמב,
דאָרטן זינגען נאָך קוקאָווקעס געפרוווירענע —
די שטילע פּאָעטן —
פאַרקלעמט און פאַרשעמט,
ווילן קיינעם נישט וועקן.

ווי קומען קוקאָווקעס געפרוווירענע,
אַפילו נאָך נישט געבוירענע
צו טויטע פּאָעטן ?

ווייל אַלע — זיי האָבן די פּענעס פאַרלוירן,
ווייל אַלע — געקריינטע מיט גילדענע טרויערן,
ווייל אַלע — די שטערן אויף חרובע מויערן,
זיי אַלע, זיי אַלע כ'וועל אייביק באַדויערן.

איך גיי און גיי
שוין אויך צווישן זיי,
געלענט אויף מיין שטעקן.

הער איך :
די קוקאָווקע זינגט
צווישן פיר ווענט,
און גייט מיך פאַרבעטן
מיט אַלע פּענעס
פון טויטע פּאָעטן.

1981

# שטיינער

איר האָט
געוואָרפן אין אים
שטיינער —
פון דער קינדשאַפט־גאַס
ביז צום זיקנה־טויער.
שטיינער האַרטע,
שפּיציקע —
פון יעדן פעלדז אַ שפּליטער.
איר האָט
די שטיינער אויפגעקליבן
פאַר זיין יעדן וועג אַ דאָרן —
ווו נאָר ער וועט אַ טריט טאָן.
ביז —
ער איז געוואָרן
פון אַלע שטיינער
זייער שטייניק־טויטער היטער.
איצט
ליגט ער אַ פאַרשעמטער
מיט זיינע קילע ביינער
אונטער שטיינער.
איר האָט געוואַרט,
געוואַרט —
ביז ער וועט פאַלן —
דער פאַרגאַפּטער
און דער חלומדיקער ריטער.
איצט

ליגט ער שוין געפֿאַנגען
אונטער לעצטן שטיין
מיטן גוף פֿון אויסגעהויכטע לידער.
און —
ווידער
לייגט איר שטיינדעלעך
קליינע,
שפּיציקע
פֿון בית־הקבֿרות־פֿעלד —
פֿון יעדן פֿעלדז אַ שפּליטער —
אויפֿן שוואַרצן מירמל־שטיין,
באַטריבטע —
און מיט צאָרן,
וואָס מער וועט איר זיין לייב
נישט האָבן
צו וואַרפֿן אים אייער שטיין
און דעם פֿאַרסמטן דאָרן.
נאָר ער —
ער איז פֿאַרבליבן ריין —
די קלאָרסטע טרער פֿון אַלע טרערן־טייכן.
און איר —
איר טראָגט נאָך אַלץ
דעם רויטן קין־צייכן.

# צוריק

דער בראַצלאַווער לערנט: שמאָל־קליין ווי אַ בריק
איז אונדזער וועלט־גאַנג אַהער און צוריק.

דער עיקר: זאָלסט קיינמאָל נישט האָבן קיין מורא,
ווען ס׳רופט דיך צוריק דער מלאך פון בורא.

און איך זאָג: די בריק איז פון לידער און רינגען,
וואָס קלאָגן, טרוימען און טיילמאָל זיי זינגען.

אויך דעמאָלט די בריק וועט נאָך שטיין, נישט פאַרגיין,
ווען ס׳וועט שוין אפילו מיין רינג דאָ נישט זיין.

אין טיפקייט כ׳וועל הערן פון בריקל די טריט —
ווי כ׳הער אין דער פינצטער, אין חלום אַ ליד.

שוין לייכט זי ביי נאַכט מיר — פון רינגען די בריק,
ווען ס׳רופט מיך דער מלאך אויף אייביק צוריק.

# כ׳בין פאַר אַלץ שוין צוגעגרייט

כ׳בין פאַר אַלץ שוין צוגעגרייט,
ס׳שלייפט שוין ווער די הספד־רייד.

כ׳האָב געקלערט אין חלומות —
און פון העכסטן באַרג — אַ תהום איז.

בלויז אַ תהום מיט שוואַרצע שטראָמען —
דאָרטן שווימט אַרום מיין נאָמען.

וואָהין וויל ער דערגרייכן ?
פון די תהומען צו די הייכן ?

שלאָפט מיין טעכטערל אין געטאָ
צוגעדעקט מיט ליפּע־בלעטער.

ווייל איך האָב פאַר איר געלאָזן
בינטעלעך סטראָפן צווישן גראָזן,

וואַרטן זיי אויף רעגן, שנייען —
ס׳וועט איר לייכטער זיין אין צווייען.

מער נישט ווייגען, מער נישט האָפן,
כ׳הער : אין ליפּעס ווייגען סטראָפן.

## דער גראַמענפלעכטער

ער איז צוגאַסט געקומען.
גערעדט בלחש, קוים, קוים —
ווי ער וואָלט געשלאָפן
און געפּליסטערט אינעם טרוים:

„זאָל מען זאָגן גראַמען־פלעכטער —
נאָר צום האַרצן כ׳בין גערעכטער.

כ׳קאָן אויך בויען כּישוף־שלעסער,
פון אימאַזשן זיין אַ טעסער.

וואָסזשע קומט אַרויס פון שפּענער —
ווען די גראַמען זענען שענער?

כ׳שעם זיך נישט מיט אַלטע גראַמען,
ווי מען שעמט זיך נישט מיט מאַמען.

ווייל — פון האַרצן אירס דעם פּראָסטן
כ׳האָב די גראַמען אויסגעמאָסטן.

גראַם צו שנייען, גראַם צום פייער —
אַלץ איז נאָך מיר ליב און טייער.

כ׳קאָן פון גראַם זיך נישט אָפּזאָגן,
זיסער ווייַנט דאָס האַרץ ביים קלאָגן.

קענסט דעם שענסטן גראַם פון אַלע?
— שאַגאַלס פּלי פון חתן־כּלה״.

— — — — — — — — — — — —

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, געזאָגט „אַדיע״,
אין צווייען זיך טיף געבויגן.
און איך? איך האָב געזען שאַגאַלס חתן־כּלה־פּלי
אין זיינע מידע, דרעמלענדיקע אויגן.

## ווען אַלע פֿייגל

ווען אַלע פֿייגל מאַנגערס זעגען
פֿונעם בוים זיך צעלאָפֿן —
האָט די פּאַווע בלויז געוויינט
אין זיינע אַלע שיינע סטראָפֿן.

און כּדי זיי זאָלן נישט, די פֿייגל
פֿונעם פֿראָסט און שניי פֿאַרפֿירן —
האָט זי די שיינקייט אויך געשענקט
צו מיינע הייליקע פּאַפּירן.

אַזוי אַ שענקט אַן עופֿעלע
זיין ערשטע ליבשאַפֿט צו דער מאַמען,
ביז די פֿייגל זיצן ווידער
אַלע אויפֿן בוים צוזאַמען.

נאָר בלויז ער — דער טרובאַדור,
דער שניידעריונג פֿון שיינעם יאָס,
וואַגלט אַלץ נאָך דאָ אַרום —
אויף די מערק און יעדער גאַס.

זינגען מיט אים אַלע פֿייגל,
וואָס זיי זענען זיך צעלאָפֿן —
ביז ער ווערט פֿון אַ פֿייל
אינעם האַרצן שווער געטראָפֿן.

פֿון דער זיסער פֿייל אויך איך
בין פֿאַרווונדיקט און געפֿאַלן —
קלאָגט די פּאַווע אויך אין מיר,
יעדע סטראָפֿע פֿול מיט שטראַלן.

כ׳זוך נאָך אַלץ דעם אַלטן בוים
מיט די גרינע צווייגן, שיינע —
זאָל מיין ווונדיק האַרץ דאָרט אויסגיין
און מיט מאַנגער־פּאַווע וויינען.

## אויטאָביאָגראַפיש

כ׳בין געבוירן ווינטערצייט
פון הייַנטיקן יאָרהונדערט,
זינט דעמאָלט: כ׳לעב ווי אַן אָדלער
תמיד, תמיד אָפּגעזונדערט.

וויל איך אָנהייבן צו פליִען
ווי אין שניי־שטורעם אַ שליטן —
זע איך: עמעץ האָט מיר ביידע פליגל
שאַרף און בלוטיק איינגעשניטן.

גאָט מיין גרויסער, גאָט פון חסד,
הלמאי דער גזר דער האַרבער?
פליט נישט אונטער דיינע הימלען
אויך אַ טויב, אַ שוואַלב, אַ שפּאַרבער?

טו מיך אויך מיט גרויסע גנאָדן
פון דיין חסד איינמאָל זאַלבן —
כ׳זאָל דיר קאָנען שירה זינגען
אין פרימאָרגן מיט די שוואַלבן.

הער איך: „וועסט שוין פליִען, דו, מיין ליבער,
אין מרחקים ווייטע, זיסע,
מיט די פליגל איינגעשניטן
זיין אַן אָדלער אין דער תפיסה.״

שיק איך ווידער מיינע תפילות
צו דעם הימלס גרויסן קעניג —
הער איך רוגזהדיק זיין שטים:
„ווייל דו ביסט מיר ווידערשפעניק,

כ'וועל אַ מלאך אויך דיר שיקן
פון מיין הימלישן גן־עדן,
און ער וועט דיין ווייכן האַלדז
מיט זיין חלף איבערשניידן״.

— — — — — — — — — —

בין איך איצט געשטראָפט שוין טאָפּלט:
איינגעשניטן פליגל ביידע,
און דער חלף וועט שוין קיינמאָל
אויך מיין האַלדז נישט פאַרמיידן.

# טרייסט און פרייד

פון קינדשאַפט אָן געצאַפּלט אין מיר האָט אַ סטרונע,
כ׳זאָל זינגען מיט יעטוועדן שיינעם פויגל־פליגל;
איצט בליקט צו מיר מיין יעדע שורה — אַ שוואַרצע טרונע
און כ׳קאָן מער נישט מיין פּנים דערקענען אינעם שפּיגל.

זיינע פאַלדן — כוואַליעס מיט פאַרזונקענע חלומות,
מיט יעדן שטילסטן ווינט ציטערן די הענט און גלידער;
פון אַלע זונען־שוועלן — געבליבן בלויז אַ תהום איז
און כ׳בער זיך אַלץ נאָך מיט געזאַנג פון די שענסטע לידער.

נישט וואַרפט צו מיר אין מיין אַליינקייט ווערטער־שטיינער,
ווייל גראָד ווי איר איך בין פון אַ שטיין נישט געבוירן;
פאַרזיווגט האָט דער הימל מיך מיט אַלע טויטע ביינער
און גאָט גרייט צו די טרער ווען אַלע פלאַמען לויערן.

און וויפל ס׳זאָל פון יעדן אות די טרייסט נישט ברענען,
אוי, ווי שווער וועט זיין מיר מיט יעדן אות זיך שיידן;
אפשר וועלן מיר אַמאָל זיך נאָך צעקושן און דערקענען —
נאָר וואָס וועט זיין שוין אין גיהנום, אָדער אין גן־עדן.

דעריבער — הייס קוש מיט מיר דעם חלום פונעם טרויער־אות —
מיט דער ליבשאַפט פון אַ מלאך, וואָס ווייסט שוין זיין באַשייד;
זאָל קיינמאָל נישט דיין יידן־טרער פאַלן אויפן טויטן גראָז —
ווייל גאָט אַליין שענקט אונדז זיין טרער, פאַרגליט מיט טרייסט און פרייד.

# ד. געטאָ־משלים

די משלים, געשריבענע אין געטאָ,
(1943—1941) ווערן דאָס ערשטע
מאָל פאַרעפנטלעכט אין בוך־פאָרעם.

## דער ווינט און דער פלוימענבוים

אַ צוים —
אַזאַ מין פלויט,
געפאַרבט אויף טיציאַן־רויט
און פון מיאוסן האָלץ און דראָט —
געשטאַנען איז אַרום אַ סאַד.

אינעווייניק,
צווישןביימער פול מיט פלוימען —
ס'איז אַרומגעגאַנגען
פונעם פלויט געפאַנגען —
אַ ווינט,
אַ קונדס פון קונדסים,
און נישט אויפגעהערט ער האָט
אין סאַד
מיט זיינע דינע ווינטן־לונגען
שקציש, שטיפעריש צו זינגען.

אַן אַלטער פלוימענבוים
ביים צוים
רעדט רחמנותדיק צום ווינט:
— מיין קינד,
אַ שאָד דיין טירחה און דיין מי,
דיין זינגען איז אַ תליה־ליד,

ווייל פון דאַנען —
איז קיין וועג אַרויס שוין נישט פאַראַנען...
אַ שאָד, אַ שאָד
דיין זינגען. כאָטש אין דעם סאָד,
ווו כ׳וווין
מיט שטאָם און קרוין,
איינגעוואָרצלט אין דער ערד —
(אַ ברכה א י ם, וואָס דאָס מיר באַשערט !)
איז וווּיל מיר, אַ נחת גוט,
בעסער ווי ק ע ג נ א י ב ע ר דאָרטן —
כ׳לעב מיר ווי ביים טאַטן אינעם וויינגאָרטן.
זיי היטן מיך פון בייז און שלעכטס,
ווי עפּעס רעכטס,
ביי טאָג — אַרומגענומען מיט אַ צוים ;
ביי נאַכט — צווישן ביימער —
אויך אַ שומר...
נו, אַ נחת אויף דער וועלט, נישט אמת ?״
— אמת ויציב
ווי מיין טאַטע איז אַ קצב —
האָט דער קונדס, דער ווינט
געענטפערט שקציש־געשווינד —
דער צוים האָט דיר, איך זע,
פאַרשטעלט
די וועלט.
דעריבער,
ליבער —
זיי וויסן, אַז פאַרצוימען
מען קאָן נאָר בלויז — אַ בוים מיט פלוימען...
און איך, ווי קוקסט מיך אָן,
איך לאַך פון דיינע פלויטן צוימען —

און קיינער קאָן מיר דאָ זינגען נישט פאַרווערן !"

— שאַ, שטיל, ס'קאָן נאָך דער פלויט
חס ושלום אונדז דערהערן —
האָט פלוימענבוים
געפליסטערט קוים,
שיר נישט גיסנדיק מיט טרערן ;
נאָר איידער וואָס־ווען
דער ווינט, דער קונדס פון קונדסים,
איז מער אין סאָד שוין נישט געווען — — —
אין דרויסן, הינטער פלויט,
געפאַרבט אויף טיציאַן־רויט,
געזען כ'האָב אים
יאָגן זיך און וויגן,
ווו אויף אַ פלייטעלע ער האָט
שוין אויסגעשפילט אַ נייעם ניגון.

## דער קייסער און די בין

אַ קייסער —
אַ געזאַלבעטער חכם, אַן אַלץ־ווייסער,
פון דור־דורות קיניגלעכע זין —
אַרויסגעפאָרן איז אַמאָל אויף פּאַראַד
אין זיין פּאַרמאַכטן שוואַרצן עקיפּאַזש,
(אויף ווייכע קישעלעך פון זיידנס און בראָקאַט!)
כּדי דאָס פאָלק צו זען און זיין יובלדיקן חיל. —
אַ בין —
אויך פון קיניגלעכן מין,
די גרויס —
כמעט אַ פויסט,
זי האָט געקלאַפּט מיט פליגל גילדענע אין שויב,
אינעווייניק פונעם עקיפּאַזש,
און נישט געקענט אַרויס —

אומזיסט זי קלאַפּט און קלאַפּט
און קומט נישט צו קיין טאָלק.
לסוף זי זאָגט הכנעה׳דיק, פאַרשמאַכט
צום חכם דעם געזאַלבטן פונעם פאָלק:
— אָ, האַר! הער אויס:
ביסט טאַקע גרויס,
נאָר איך — כ׳בין אויך פון יענעם מין,
וואָס ווייסט,
וואָס הייסט
רעגירן.
נאָר פירן
אַזוי ווי דו אַן עקיפּאַזש,
פאַרהעמערט און פאַרשלאָסן,
אַז ס׳זאָל חלילה.

אפילו
אַ טראָפּן לופט נישט אַריין
איז דאָס פאַר מיר — תּפיסה,
כּמעט גסיסה.
אָ, זע : אין דרויסן יובלט דאָך דאָס פאָלק פון שׂמחה !
און אַלע מאַכן דרויסן, אונדז אַ וואָרע —
טאַ עפן כאָטש אַ שפּאַרע !
פון לופט־דערשטיקעניש באַשירעם !...

— נאַרעלע,
קליין האַרעלע, —
פאַרנייגט האָט זיך דער מענטשן־מלך
פאַר דער בינען־מלכּה —
די קיניגסט איבער פליגן
און איך — איבער מענטשן.
וואָס קענען זיי, די אונטערטאַנען דיינע, אַ חוץ פליען ?
גאַרנישט, נעבעך, גאַרנישט.
צי ווייסן זיי, די קליינע קריכער, די באַפליגלטע,
וואָס, למשל, סאיז אַזוינס... אַ תּליה ?
נישט איינער פון אונדזערע בכּבודיקע לייט, —
כ׳מיין די מלכים, די געזאַלבטע, —
איז בעתן פאַרן,
טאַקע אינמיטן פון זיין פאָלקס גרעסטער פרייד,
דרויסן אויף דער לופט — דערשטיקט געוואָרן...
און זאָגנדיק אָט דאָס —
ער האָט די בין,
פאַר איר חוצפּה׳דיקער שאלה
(ס׳זאָל זיין אַ וואָרעניש פאַר אַלע !...)
דערשטיקט
מיט גרויס קוראַזש
אין פאַרמאַכטן, שוואַרצן עקיפּאַזש.

# די בייטש

אָן אָקס
מיט קאַפּיטעס,
וואָס יעדע מעלה־גרה האָט עס,
פון פּריצישן און אַלטן אָקסן־יחוס,
פון לויטער אַנזעעוודיקע אָקסן־לייט —
האָט אַ מאָל,
בעת ס׳איז צום אַקערן געשטאַנען גרייט,
געזאָגט צום פּויער:
„— העי, חמור!
דו מיינסט אַוודאי, אַז פאַר דיינעטוועגן,
אין ווינט, אין שניי, און רעגן,
כ׳לאָז זיך שפּאַנען?
אַז פאַר דיר איך שלעפּ אין שוויס און מאַטער —
דעם אַקעראייזן און די בראָנע?
אויב מיינסט אַזוי,
האָסטו, במחילה,
אַ גרויסן טעות —
און דאַרפסט, ווי יעדע כשרע בהמה,
עסן שטרוי —
און גראָז...
באַר וויסן זיי —
אין שפּאַן דערפאַר איך גיי,
כדי

די וועלט, די אָרעמע, זאָל האָבן — ע ס ן . . .
ווער קאָן אַזוי ווי א י ך
די וועלט באַגליקן ? —
און טאָמער, באַלעבעסל, ביסטו זיך משער,
אַז כ׳גיי אין יאָך
דערפאַר,
וואָס כ׳קאָן נישט בריקן —
איז אַ שאָד וואָס טראָגסט דעם נאָמען „פויער״ —
דו, חמור !...

— געהערט אַ חוצפּהניק, אַ חזיר —
געשטשירעט בייז די ציין ס׳האָט דער אַקעראייזן,
וואָס האָט זיין חכמה אויך געוואָלט באַווייזן —
געזען אַן עזות פּנים ?
ווער ס׳וואָלט אים נישט געקענט,
וואָלט באמת שוין געמיינט,
אַז אָן אים —
האָט די וועלט טאַקע נישט קיין קיום.
ווער באַך ווי דו אַליין —
דער ערשטער פון דער קאָרעטע דו פרעסט —
צו אַלדי פעסט !
אַ, קוקט נאָר אָן זיין קאָרק,
זיין אַקסיש פעל !
מען דאַרף דאָך זיין פּאַראָקסעט, אומפאַרשעמט
צו שטרייטן
און טרומייטן :
„אָן מיר ווערט די ערד אַ תל !״

ווי ביידע האָבן זיך אַזוי געקריגט, —
דער אַקעראייזן מיטן אָקס, —

האָט אונדזער פויערל, בייגנדיק די פּלייצעס,
אַ צי־געטאָן די לייצעס,
און: האָפּ! האָפּ! —
אַ שמיץ געטאָן דעם אָקס איבערן קאָפּ.

— היתכן, סטייטש? —
דער אָקס צעבייזערט זיך
און הייבט פּאַוואָליע אָן צו שפּרייזן —
נאָר דער אַקעראייזן
האָט אויף זיין קרעכצנדיקן „סטייטש"
געמורמלט שטיל:
— מען זעט, רבותי, אַז אויף דער גאָרער, גאָרער וועלט
דער עיקר איז נאָך אַלץ — די ב י י ט ש...

## די סטאַדע און דער שטעקן

אַ פּאַסטעך,
וואָס נאָר ער פֿילדערט תּמיד און ער כּעסט זיך,
געלעגן איז אַ מאָל
אין טאָל —
אין ווייכן גראָזן־ראָוו
מיט זיין סטאַדע שאָף,
געגאַפּט צו שווימענדיקע וואָלקנס אינעם הימל —
ביז
ער איז
(צוזאַמען מיט זיין לאַנגן שטעקן!)
אַריינגעפאַלן אין דרימל.
די סטאַדע —
פון הונדערט שעפּסעלעך אוודאי —
ווי נאָר זי זעט אים פרידלעך כראָפּען, שלאָפן,
באַשליסט
אַנטקעגן פּאַסטעך־ריז
גאַנץ אָפן
זיך בונטעווען
און פון אַלע סטאַדעס מידע
מאַכן אַ מרידה...
— „גענוג געלאָזן
זיך אין קאַשע בלאָזן!
אַן עק
צו דער שרעק!
מיר — מיר זענען דאָך אַ סטאַדע,
פון אפשר הונדערט, —
און ער, אייניקער און אָפּגעזונדערט!

ס'איז דאָך אַ חרפּה פאַר אַלע סטאַדע־קינדער,
וואָס היטן די גאָלדענע קייט פון יחוסדיקע רינדער,
ס'איז אַ חרפּה און אַ שאַנדע
תּמיד גיין אונטער קאָמאַנדע!״...
און ס'איז צעלאָפן זיך
גיכער ווי גיך
די סטאַדע —
פון הונדערט שעפּסעלעך אַוודאי,
כּדי
פריי
צו זיין
פון דעם פאַסטעך, דעם טיראַן.

דער פעלד־ווינט,
(דער, וואָס ווייסט באַשיימפערלעך דעם סוד פון
יעדער זעל, —
פון מינדסטן גרעזל ביזן גוף אין שעפּסן־פעל)
האָט שטיל
די גאַנצע צייט
זיך צוגעהערט צו זייערע רייד
און זאָגט לסוף אַזוי:
— „פּוסטע רייד, ווי פּוסט עס איז אַ שטרוי!
און ס'טוט מיר, באמת, לייד
אויף הוילע קעפּ אַזוינע.
זיי האָבן נאָר,
די בידנע שאָף,
אַ קליינינקייט פאַרגעסן,
אַז נישט דער שלאָפנדיקער פאַסטעך איז זייער שונא...
וואָרעם:
ווי נאָר ער וועט אויפסניי זיך איבערוועקן
בלייבט ווידער אין דער האַנט ביי אים — דער שטעקן.

## דאָס ליכט און דער שפּיגל

אין אַן אָבל־טאָג,
בעתן טויט פון באַלעבאָס,
עס האָט די באַלעבאָסטע יאָמערדיק, האַלב־פאַרשמאַכט
מיט פאַרטרערטע אויגן,
פאַרצויגן —
(נישט דאָ געדאַכט!)
מיט לאַנגער, שוואַרצער קרעפּ
פונעם וואַנט־שפּיגל דאָס לייכטנדיקע גלאָז.

דער קלײנער שפּיגל פון דער וואַנט,
(אַ שטיקל פּראַנט),
גלעט זיך בנעימותדיק די האַנט
און זאָגט:
— „ווי שיין, ווי שיין מיר איז,
פון קאָפּ ביז פיס,
אין מיין שוואַרצן לבוש.
דאָס שענסטע שמחה־קלייד
זי האָט מיר אויפגעניית,
אַז כ׳וואָלט אַליין געגעבן זיך אַ קוש!..
ס׳איז אַ יום־טוב היינט,
אַ יום־טוב אין מיין לעבן.
דער בעסטער סימן —
געסט וועלן קומען
און פאַר מיר, פאַר מיר ספּעציעל —

די ליכטער ברענען העל.
נאָר כ׳קאָן, אַ, כ׳לעבן, נישט פאַרשטיין,
וואָס דווקא זי, די באַלעבאָסטע אַליין,
איז פול אַזוי מיט יאָמער און מיט טרערן.
פאַרוואָס טוט זי די שׂמחה מיר פאַרשטערן?״.

אַ ליכט —
צוקאָפּנס פונעם בר־מינן —
האָט צאַנקענדיק,
און בלאַנקענדיק,
צום שפּיגל־גלאָז פון וואַנט
אויפגעבליצט —
און מיט כּוחות לעצטע זיינע ציין געקריצט:

— „די וועלט, אַ, ליבע לייט,
איז נאָך ווייט
פון פרייד —
ווי די ערד פון שטערן.
נישט איינער צירט זיך אינעם זייד
און פראַוועט יום־טובקייט —
פון יענעמס טרערן״.

## דאָס פּאַס, די האַק און דער טשוואָק

אַ ליידיק פּאַס
געוואָרן איז אין כּעס,
בעת ס׳האָט דער באַלעבאָס, דער שענקער,
פון אַלע זייטן אים אַרומגעטאַפּט
און לסוף —
מיט אַ ברייטער רייף אַרומגעקלאַפּט.

— „ווי געפעלט אייך דאָס —
רופט זיך אָפּ אין כּעס
דאָס ליידיק פּאַס
צום באַלעבאָס
און פון ווייטיק ס׳האָט זיך אַזש צעהוסט —
דו דריקסט דאָך מיר דאָס האַרץ, די ברוסט,
די לונגען,
אַזש ס׳פעלט דער אָטעם אויס,
און כ׳וועל אין מיין הוילקייט
מער נישט קאָנען זינגען...
מיט יעדן שטויס
דאָס חיות גייט מיר אויס!
צום משפט רוף איך דיך אַצינד,
צום בורר, —
און זאָל די וועלט,
און יעדעס מינדסטע קינד,
דיך משפטן —
פאַר פייניקן דעם גרעסטן זינגער און משורר!״

— „פאַר פעסער
און פאַר זינגער
איז בעסער

און גרינגער,

אַז אַ רייף האַלט זיי צוזאַמען —

האָט די האַק —

אַ פּראָסטאַק —

זיך אַריינגעמישט,

זעענדיק ווי ס׳פּאַס

האָט בלאָס

די אויגן פול מיט טרערן אָפּגעשוווישט —

ס׳וועט איצטער זיין אַ פאַרגעניגן

צו הערן

ממש מיט טרערן,

דיינס אַ ניגון...

ער טוט דאָס אַלץ, אונדזער באַלעבאָס, פאַר דיין נשמה וועגן,

זאָלסט קאָנען זינגען שירה,

און דאַרפסט דעריבער מיט די ציין נישט קריצן,

ווייל — וואָס ער טוט —

איז בלויז דיין געזאַנג דאָס לויטערע צו שיצן!...״

דערויף האָט אַ טשוואַק —

אַ שפּיציקער,

אַ וויציקער,

צעשריען זיך ווי אַ גלאָק:

— „אַ פּראָסטאַק, אַ האַק, אַ האַמער

בלייבט אַ חמור.

כ׳האָב פיינט דעם פּילפּול פון געמיינעם פאָלק,

וואָס ברענגט נישט צו קיין טאָלק.

פאַר מיר איז קלאָר

און אויף אַלע אייביקייטן וואָר,

(און ס׳קאָן אויך גאָרנישט אַנדערש זיין!)

אַז דער עיקר, טייערער פאַס,

איז די רייף — פאַרן ו ו י י ן!״

## די שפין און די פליג

אַ שפין —
אין ראַזיקן באַגין,
ווי נאָר זי איז אַרויס
פון מאַמעס שויס —
האָט אָנגעהויבן
לויבן,
פרום
און שטום,
ד ע ם, וואָס איז איבער אַלע אויבן...
געהאָנגען איז זי,
די שפין,
באַלד באַגין
צווישן דער מזוזה
און פושקע פון מאיר בעל הנס.
אין איר שפינען־פרומקייט
האָט זי די נעץ
פון הייליק־דאַרע הענטעלעך אַרויס
געוועבט תפילהדיק,
תהילימדיק —
אין טיר־ווינקל פון געטאָ־קלויז.

זי גיט אַ בליק —
אַ פליג!
אַ יינגעטשקע, אַ צנועה,

מיט זילבער־פליגעלעך אַ בריאה,
קוים, קוים
אויף שוואַכע פיס און הענט —
זי קריכט אויף די ווענט.

און מיטן ניגון פון אַ משנה —
די שפין רופט אָפּ זיך כּהאי לישנא:
— אַ טרייסט און לויב דעם אייבערשטן,
דעם האַר פון אַלע וועלטן,
דעם בורא עולם, דעם באַשעפער
פון אַלע הייליקע געצעלטן!
אַ חסד דיר, מיין פליגעלע, אַ גנאַד,
וואָס נאָר ע ר — ע ר האָט,
(זיין ליבן נאָמען צו פאַרדאַנקען בלויז!)
געפירט דיך דאָ אין געטאָ־קלויז.
סאיז אַ גן־עדן, צווישן לויטער ייִדן,
וואָרעם — ס'איז פון ספרים הייליקע אַן עובדא —
צי קאָן איין ייִד דעם צווייטן טאָן אַ קריוודע?
וועסט לעבן דאָ
צווישן
פּרושים,
בעלי תורה.
פאַר זיי האָט ער, ברוך הוא, דער בורא,
געגרייט אויף אַלע אייביקייטן
הימלען הויכע,
אַ גן־עדן, וואָס נישט יעדער איז אים זוכה...
אויך פאַר דיר, מיין פליגעלע,
וואָס גייסט דאָס ערשטע מאָל אַדורך די שוועל,
איז אָנגעגרייט כּל טוב פאַר דיין זעל —
(די הייליקע מזוזה וועט דיך שיצן!)

און וועסט,
אִם ירצה השם, עסן אייביק קעסט
און תּמיד לעבן, לויבן דאָ זיין נאָמען...
זאָג: אמן!..."

די פליג — אַ יונגע בריאה,
דערצו אַ שטיקל צנועה,
אויסגעהערט ביזן סוף די פרומע רייד,
די פליגעלעך זי שפּרייט
און, גרייטנדיק צום פלי אַרויס
פון קלויז,
זי זאָגט:
„— אַ שאָד די טרחה, שפּינעשי, אַ שאָד די רייד,
נישט געטראָפן ס'אַרט
פון לייט.
די מעשה דיינע האָט שוין לאַנג אַ באָרד.
אַפילו פליגן
אין די וויגן
ווייסן שוין,
אַז ס'איז דיין דרשענען — בלויז צביעות
און אַ פרומער ליגן.
דו ביסט פון די, וואָס הינטער אַ מזוזה
— אַפילו אין גאָטס הויז
(און געטאָ־קלויז)
אָן נעמען צינדז
פון אונדז —
אַ מעסטל בלוט מיט אַ פרומען קוש...
דו היט זיך בעסער, שפּינעשי,
פאַרן בעזעם און פאַרן פלעדערוויש!"

# דער אָדלער און די טויב

אַן אָדלער —
פון אמתדיקן אָדלער־שטאַם,
נישט אַ פויגל סתם,
וואָס מ׳זעט טאָג־איין, טאָג־אויס,
נאָר טאָקע עפּעס רעכטס
און משונה גרויס —
האָט מיט אַן אויפגעכאַפּטער טויב אין זיינע נעגל
געלאָזט זיך גלייך
איבער באַרג, בוים און טייך
צו זיין פעלדזן־נעסט, אונטער שווימענדיקע וואָלקנס,
ערגעץ אונטער הויכע הימל־שלאַכן —
כּדי פון דער טויב אַ מאָלצייט זיך צו מאַכן.
נאָר פון טשיקאַוועסקייט —
און אפשר פון אכזריות —
האָט ר׳ אָדלער,
אַ קיצל געבנדיק דער טויב אין גווידער,
אַזוי צו איר געפּלוידערט:
„— אַ חידוש מיר פון אייביק אַן געווען
אויף אייך, טויבן
ס׳איז נישט צו גלויבן:
דוכט זיך — קלוגע לייט, סטאַטעטשנע באַלעבאַטים,
פּאַרנונפטיקע, ווי זעלטן ס׳איז צו זען.
נאָר כ׳קען ביז היינט נאָך נישט פאַרשטיין,

(איך שווער דיר, ביי מיין מאַמען!)
פאַרוואָס, למשל, איר, טויבן,
האַלט תמיד זיך צוזאַמען.
אַז פליִען — פליִען אַלע.
קיינמאָל נישט ביחידות, זעלטן ווען אַליין,
און טאָמער, חס ושלום, ס'איז אַ טויב אַליין —
זי זוכט זיך שוין איר פּאָר...
אַט, נעם אַ משל אָפּ פון אונדז:
תמיד איינזאַם, תמיד אונטער כמאַרעס,
צווישן פעלדזן, וואָלקנס, ווינטן,
און נישט — א ו נ ט ן...
דו דאַרפסט עס וויסן: בלויז אין זכות פון אונדז,
די איינזאַמע, די גרויסע,
בלויז אין זכות פון א ו י ב ן —
ווימלען א י ן ד ע ר נ י ד ע ר טויבן...
אָדלער־קעניגן, די גרויסע,
די אויבערשטע פון שטייסל,
ווי ס'איז מיט מיר דער פאַל —
(ס'האָט דערווייל ביי טויב דער גאַנצער גוף געטרייסלט)
האָבן פיינט בתכלית שנאה
די חיונה
אינעם כּלל.
אַ מאַלצייט פון ביינדעלעך און פון רויטן וויין
אמבעסטן שמעקט, מיין טייבעלע, צו פראַוועו נאָר אַליין."
— „דו ביסט גערעכט!" — אין טויטער שרעק,
מיט אַן אויג, אַ האַלב־פאַרגלייזטן,
אין גסיסה ס'האָט אַרויסגערעדט די טויב —
נאָר איך — כ'בין מוחל דיר דיין תורה פון גאָר אויבן,
וואָס דו פאַרשפּרייטסט אויף יעדן וועג און שטעגל,
ס'איז נישט פאַר אונדז דיין תורה —

פון בלוט און נעגל.
מוחל דיר דעם טאַראַראַם און די ירידים
פון די משיחים און די נאַבעלע מגידים.
צווישן אונדז — אַ תּהום אַ גרויסער,
און דער אונטערשיד איז, הער,
אויך דער:
בעת מיר, אונטן, האָבן ליב אין שלום, שלווה און אין מי
די חיונה צו געניסן — די האָבערלעך און קערנער
פונעם גוטן מענטשנס האַנט —
גייסטו און דיין שטאַם, צו דיין וויסטער שאַנד —
(און צו אונדזער טויבן־מין אַ לויב!)
אַן איינזאַמער תּמיד נאָר — אויף ר ו י ב".

— — — — — — — — —

קוים אַרויסגעזאָגט צווישן אָדלער־נעגל ס׳לעצטע וואָרט —
די טויב איז טויט געבליבן אויפן אָרט.

## דאָס שקעטעלע און די שוועבעלעך

אין אויוון־ווינקעלע,
אָווגט־צייט,
געלעגן איז אַ שקעטעלע מיט שוועבעלעך
צום פייער־מאַכן אָנגעגרייט.
געלעגן איז עס שטיל,
בנעימותדיק —
און אַזוי ווי ס׳איז שוין שפּעט געווען,
ס׳פייער אינעם אויוון אויסגעברענט,
האָט ר׳ שקעטעלע
מיט ביידע הענט
דעם קאָפּ אונטערגעלענט
און, אויסציִענדיק די פּיס,
מעשה ריז,
געגרייט זיך שלאָפן.

נאָר פּלוצעם, —
(ביז איצט ס׳האָט נאָך קיין מאָל נישט געטראָפן)
ר׳ שקעטל קאָן קיין אויג נישט שליסן
און אַנשטאָט כראָפּן, חלומען —
עס הערט זיך זידל־ווערטער מיאוסע,
אַ קריגעריי, אַ צאַנקעניש,
אַ שילטן מיט די ערגסטע קללות,
ווי פון באַלעגאָלעס.

ס׳שקעטל שפּיצט די אויערן אויף,
תּחילת ס׳ערשטע, דערנאָך ס׳צווייטע
און זעצט זיך אויף אַ זייט.
און תּיכף ומיד
עס הערט, ווי דאָס קריגערײ
קומט טאַקע אַרויס פון אים, —
אַז דער שטרײַט
קומט טאַקע פון זיין איינגעווייד.
אויפן סאַמע דנאָ,
גאָר אונטן,
געלעגן זענען צוויי שוועבעלעך באַנאַנד,
צוגעדעקט מיט אַנדערע פון אויבן.
און אַט פון די צוויי
איז טאַקע אין מיטן נאַכט
געקומען דאָס געשריי.

„— דו חצופה, דו נבלה, דו אַלטער, גראָער צאַפּ —
האָט אַ שוועבעלע מיט אַ פלאַטשיק נעזל,
אַ ייִנגעטשקע מיט לאַכנדיקע אויגן,
מיט אַ פרום שטערן־באַנד אויפן קאָפּ,
אויף אַלע זייטן זיך פאַרבויגן
און געשריִען
צו דער צווייטער מיט גראָען אויסגעגאָלטן קאָפּ —
צי מיינסטו ס׳וועט דאָס אַלץ געשענקט דיר ווערן ?
געזען אַ חוצפּה : די גאַנצע וועלט וויל דאָס פאַרכאַפּן,
ווייניק איר דאָס בעסטע אָרט צום שלאָפן און צום כראָפּן,
ווער ביסטו דען, ווער איז דיין משפּחה ?
בלויז — געסראַכע...
און פאַר מיר, דו געמיינער שרץ,
דאַרפסט האָבן דרך ארץ...
מיין זיידע איז געווען אַ רב,

אַ בעל מקובל,
געפאַסט תעניתים גאַנצע וואָכן,
פון דור דורות — לויטער גוטע ייִדן,
הייליקע צדיקים, בעלי מופתים,
געלעבט אין פרידן,
און פון קהל, פאַר פירן דאָס רבנות,
געהאַט שכירות
איבער ק'ן רובל.
נאָך איצט איז אין אונדזער משפחה־טשעמאָדאַן
פאַראַן
צירונג און בריליאַנטן.
מען קאָן אפילו דאָרט געפינען
שמאַראַגדן, רובינען,
האַלדז־בענד און בראַנסלעטן,
גאָלדענע פרוכתן — —
פאַרשטאַנען ? טאָ האַלט דאָס מויל, דו חצופה,
ווען וואָלסט געוווּסט, וואָס הייסט אַזוינס יחוס,
וואָלסטו מיר דעם פלאַץ אָפּגעטרעטן.
נאָר גיי פאַרטייטש,
אַ גלוח, אַ דייטש,
אַז דו ווייסט נישט אפילו
וואָס אַזוינס עס איז ביי ייִדן — טבילה...

„— קוואַטש — האָט דערויף
אָפּגעענטפערט דאָס צווייטע שוועבעלע,
אַ רונדיקע מיט אַ גלאַטן אויסגעגאָלטן קאָפּ —
געהערט אַ יחוס ? — קוואַטש, קוואַטש און דריי מאָל קוואַטש,
און דווקא מיטן טראַף, אַ שאַד דיין וואַרפן זיך, דו צוציק,
מיך האַלט מען דאָ פון לאַנג, און ווען נישט טאָקע איך,
די וועלט זי וואָלט קיין קיום נישט געהאַט, קיין ליכט,
קיין פייער...

מיין טאַטע איז געווען שאַצמייסטער אין קיניגלעכן הויף
און אַלע מיניסטאָרן, פּריצים און באַנקירן
האָבן אָפּגעקלאַפּט אין אונדזער הויף די טירן.
און ווייסטו גאָר פאַרוואָס? — געדענק זשע דיר:
דערפאַר, וואָס אין אַלע צייטן מען האָט ביי אונדז
געגעבן גאָלד און געלט אויף צינדז...
אַן עשירות דאָרט געווען,
שידוכים — מיט אויסלענדישע באַנקירן,
געפאָרן יעדעס יאָר צום ים.
גערעדט אפילו פראַנצויזיש,
נישט חסידיש,
ייִדיש —
„פּאַרלע ווו פראַנסע, מאַדאַם?"

און, צוהערנדיק דאָס קריגן זיך פוןביידע,
האָט אונדזער שקעטעלע זיך אויפגעשטעלט,
דאָס פּנים איז געווען פאַרשלאָפן, מיד —
און נאָר די הענט,
זיי זענען שוואַרץ געווען ווי קויל.
ער האָט אַ זיפץ געטאָן, פאַרקרומט דאָס מויל
און אויסגעקרעקט:
— אַן עק!
איר ביידע האָט מסתּם פאַרגעסן,
אַז אין מיינע שוואַרצע הענט —
איר זענט
נאָר דרענגלעך —
און נאַראָנים.
ווען נישט די שוואַרצקייט פון מיינע ביידע הענט
וואָלט געווען פינצטער צו אייער פּנים.
און איר,
איר פּרוווט נאָר יעדערער פון אייך

צו מאַכן כאַטשבי פייער אָן מיר...
ווי וועט איר אויסזען, הא ? געבוג פאַר אייך אַ ציטער,
איך זאָל זיך שטעלן אויף מיינע פיס —
ביידע זאָלט איר ליגן שטומע ווי צעשלאָגן,
ווייל וואָס, משטיינס געזאָגט, זענט איר ?
בלויז דרענגער, וואָס זיי וואַרטן אויפן פייער"
און זאָגנדיק אַט דאָס,
האָט זיך ר' שקעטל אָפּגעווישט די נאָז
און אַ שריי געטאָן פון צאָרן,
אַז ביידע שוועבעלעך זענען אינעווייניק
פון טויטער אימה שטום געוואָרן.

## דער רעגנטראָפּן און די כמאַרע

אַ זילבער־רעגן,
ווי אַ שפּרודלדיקער טייך,
האָט אַ מאָל
אָפּגעריסן זיך פון דער הייך —
פון אַ כמאַרע.
געווען איז אים באַשערט
צעפּצופּאַלן אונטן, אויף דער ערד,
און בלייבן הענגען דאָרט
אין זילבער־טראָפּנס,
צוקאָפּנס
פון יונגע ביימעלעך
און חויכע זאַנגען תבואה.
געגלאַנצט די טראָפּנס האָבן אונטן
ווי שאַפירן
מיט טויזנט חנ׳ען און קאָלירן
און יעדער טראָפּן
האָט ביי זיך אין האַרץ געגלייבט,
אַז ער איז סאַמע פּערל, סאַמע צירונג.
און פּלוצעם —
אַ שוואַרצע רעגן־כמאַרע
פאַרבייגעשווומען איז
מיט אַ טומל
אויבן, אויפן הימל.
די טראָפּנס אויף די ביימעלעך און אויף דער תבואה

האָבן זיך צעשריִען,
און, וואַרפנדיק די הענט אַרויף,
געשאָלטן מיט די קללות :
,,— ווי געפעלט אייך דאָס פאַרזועניש, די פאַקראַקע,
די וואַסער־כמאַרע, טאַקע ?
מען וואָלט געדאַרפט פאַרווערן,
אַז ס׳זאָל אַזאַ באַשעפעניש,
אַזאַ מנוּוול —
פאַרפינצטערן די שיינע וועלט
מיט אירע שטיוול !״
— ,,און איך אַליין
— אויסגערופן האָט אַ רעגן־טראָפּן ווי אַן אַרבעס קליין —
וועל נאָך היינט
צוזאַמען מיט אַלע מיינע פריינד
אָפּשיקן אַ פּראָטעסט
אין דער וועלט אַריין, —
געענוג הפקרות שוין !
צו אַלדי פעסט !
,,— האַלט ס׳מויל !״ —
האָט מיט גרויל
אַ שמיץ געטאָן
דעם יונגן שנעק
די כמאַרע מיט איר שוואַרצן עק —
אַ פּנים דו פאַרגעסט,
אַז דיין פּראָטעסט
וועט בלויז בזיון דיר פאַרשאַפן.
כ׳בין טאַקע שוואַרץ, פון וואַסער־דאַמף און רויך,
און דו, דו דאַרפסט עס נישט פאַרגעסן,
און איר, איר אַלע אויף די ביימלעך אויך,
אַז שטאַמען, שטאַמט איר אַלע — פון מיין שוואַרצן בויך !״

## דער רעגנבויגן און די זון

אין אַ טריבן בין־השמשות,
בעת אַ רעגן איז געגאַנגען —
האָט אַ געטאַ־רעגנבויגן,
אָנגעבונדן אויף אַ וואָלקן
ווי מיט שנירן —
געגרייסט זיך,
העזה׳דיק
און תקיפדיק
מיט אַלע זיינע זיבן־פאַרביקע קאָלירן
און מיט אַלטע פריצישע מאַנירן.

אָנגעבלאָזן,
גאווהדיק —
ס׳האָט דער געטאָ־רעגנבוין
פאַר דער זון גערימט זיך,
גדלותדיק,
פאַרריסן,
כדי אונטן אַלעמען צו לאָזן וויסן:
נישט פאַראַן אין דער וועלט אַ זאַך,
וואָס זאָל אַזוי באַשיינען
און דעם הימל דאָ באַקריינען —
ווי איך.
זעט: סאַמע גינגאָלד, פערלשנירן

פון אַלערליי קאָלירן —
מיינע פּיאַטעס
און די שיך.

ווער קאָן צו מיר זיך גלייכן
און געהערן ?
אפילו נישט לבנה,
נישט די הויכע, ווייטע שטערן.
די פרייע זון,
איך מיין,
מיט איר פּראַכט, מ׳שטיינס געזאָגט, און שיין,
איז בלויז פאַר נאַראָנים.
נישט אומזיסט
דו ביסט
פאַרמיאוסט —
אַז מ׳קאָן אפילו נישט
קוקן אין דיין פנים !
— — — — — — — — — —

די זון
איז שמייכלענדיק
פאַרגאַנגען אינעם פרייען מערב־רויט.
און ער — דער געטאָ־רעגנבויגן —
אַנגעבונדן אויפן וואָלקן ווי מיט שנירן,
געבליבן הענגען איז —
אויסגעלאָשן־טויט.

# פון די אויסגעגראָבענע געטאָ-לידער

## א. געשטאָרבענע רייד

ס'איז שווערער, אַ ברודער, צו זינגען געשטאָרבענע רייד,
ס'איז לייכטער צו זיצן און טרינקען בראָנפן אין שענק;
בישט יעדער קאָן אין וואַלד פון גסיסה געצוימטער
טראָגן די טויטע רייד מיט תפילות פאַרבענקט.

ס'איז שווערער, ס'איז שווערער. נאָר וואָס קאָן איך טאָן
אַז ס'האָט מיך אַ שוואַרצע טויט-נעץ פאַרשפינט;
איך הער פון די פעלדער, פון ערד און פון גראָז
געפליסטער פון רייד, פאַרשטאָרבן אין ווינט.

פאַרשטאָרבענע רייד. קיינער הערט נישט זייער סוד,
קיינער הערט נישט ווי עמעצער וויינט הינטער אים;
וואָס קאָן איך טאָן אַז ס'האָט מיר דער פאָדעם פון גאָט
געוועבט מיין לעבן מיט שוואַרצן, בלוטיקן דרים.

ס'איז שווערער, אַ, ברודער, צו זינגען געשטאָרבענע רייד,
ס'איז לייכטער צו זיצן און טרינקען בראָנפן אין שענק;
נישט יעדער קאָן אין וואַלד פון געשטאָרבענע רייד
גיין מיט תפילות פאַרצוימטע, הייליק פאַרבענקט.

1943

### ב. פרילינג הינטערן צוים

ביי נאַכט בליט פאַרן צוים די פוילישע טאָפּאָליע,
זילבערדיק הענגט דאָרט די ראָסע — מיין יידישע טרער;
ווינטן זינגען אין וועלדער פון אונדזער וואָגל און דאָליע
און ווי גיריק זי דורשטיקט נאָך בלוט — די פוילישע ערד.

אונדזער קלויז פאַרברענט שטייט אין יידישן געסל,
די שיימעס — באַשפריצטע מיט קינדערשן מוח;
צי וועל איך אַמאָל דעם טויט דאָ פאַרגעסן,
פאַרגעסן די הימלען, וואָס בליִען מיט רויך?

כ׳טראָג כישוף פון וואָרט, פון פרילינג אויף הענט,
דיר אנטקעגן, מיין ברודער, פון ליכטיקן טאָל;
קום זע: דיין היים איז אויף קויל שוין פאַרברענט,
קום הער: דער ווינט רופט פון טויטע דאָס קול.

1942

### ג. ווינציקער

ס׳איז אַ מענטש דאָ ווינציקער,
ווינציקער פון גראָז —
ווינציקער פון שטיין, פון ערד —
און טיילמאָל אויך נישט דאָס.

ס׳איז דאָ אַ מענטש אַ פאַרגענגלעכער
פון אַן אוונט־פליג —
פאַרגענגלעכער, פאַרגענגלעכער
פון אַן אויגנבליק.

זיצט אַ מענטש אין זיין נאַכט,
זיצט און שווייגט אַזוי:

פאַרגעגנגלעכער, פאַרגעגנגלעכער
פון נעפּל, ווינט און בלוי.
ס'איז אַ מענטש דאָ ווינציקער,
ווינציקער פון גראָז —
ווינציקער פון שטיין, פון ערד —
און טיילמאָל אויך נישט דאָס.

1942

## ד. כ'וועל פאַרגיין

כ'וועל פאַרגיין, כ'וועל פאַרגיין מיטן ווינט צווישן צוים —
ווי די לעצטע טרער אין דיין לעצטן בליק;
כ'וועל פאַרגיין, כ'וועל פאַרגיין מיטן בלאָען שטראָם,
וואָס קושט דעם וואָלקן אונטער דער בריק.

כ'וועל פאַרגיין, כ'וועל פאַרגיין מיטן לעצטן גלעט
פון שמעטערלינג־פלי אויף דער געטאָ־בלום;
כ'וועל פאַרגיין, כ'וועל פאַרגיין מיט חלום און סוד,
וואָס הילן מיין לעבן מיט שׂרפות אַרום.

כ'וועל פאַרגיין, כ'וועל פאַרגיין. און ווען כ'וועל פאַרגיין —
נאָך ברענען וועט ס'ליכט אין קאַלטן צפון;
אַ שטערן וועט פאַלן און ווערן אַ שטיין —
און איך מיטן שטיין וועלן שלאָפן, שלאָפן.

1943

## ה. פופציק

ס'האָבן צוגעפעלט פופציק קליינע קינדער —
זענען די וואָגנס צום שפּיטאָל צוגעפאָרן.
די יונגע מענטשן אויבן אויפן וואָגן
זענען אין איין רגע גראָ געוואָרן.

אויף ייִדן־הענט מ׳האָט זיי אַרויסגעטראָגן —
פּופּציק עופּהלעך, וואָס האָבן צוגעפּעלט.
שטייט איינער מיט אַ בייטש, איינער מיט אַ רימען
און איינער מיט אַ מעסער: ציילט און ציילט.

מיר טראָגן מיט אונדזערע אייגענע הענט
פּופּציק עופּהלעך, צום חלף און צום שניט.
אויף אַלע דורות וועט שוין בלייבן אונדז די שאַנד
פון פּופּציק עופּהלעך, פון קינדער־בלוט, וואָס זידט.

ל. געטאָ 1942

## ו. מ׳האָט אונדז געפירט

מ׳האָט אונדז געפירט ביי נאַכט איבער פעלדער,
מיט פיצעלעך קינד, מיט באָרוועסע פיס;
שינעלן, באַגנעטן, מיט שמיץ איבער רוקנס,
דאָס פעלד איז געלעגן פאַרשניטן און וויסט.

מ׳האָט אונדז געפירט — זקנים און זקנות
ביי נאַכט אין דער פינצטער, ווער ווייסט וואָהין?
און ס׳זענען די זיידעס, די טאַטעס געפאַלן,
ס׳זאָל כאָטש פאַר די שוואַכע זיך עמעצער מיִען?

ס׳האָט קיינער געמיט זיך. נאָר נאַכט און באַגנעטן.
און שמיץ איבער רוקנס, די הוימען פאַרוויסט.
מ׳האָט אונדז געפירט ביי נאַכט איבער פעלדער,
געוואָרפן דעם גוף מיט שפּעגער אויף מיסט.

מ׳האָט אונדז געפירט מיט שמיץ און באַגנעטן,
דער וואונט אויף פעלד האָט מילד נאָך געבלויט;
מיר האָבן געלאָזט אין די ליידיקע שייערס
די קינדער, וואָס זענען פאַרפרוירן אויף טויט.

ל. געטאָ 1942

## ז. אונדזער אלף־בית

ווי יעדן יידיש קינד דער אלף־בית
איז אונדז באַװאָנט דער חלף און דער טויט.
מיר ווייסן שוין: ער קומט פאַר טאָג צוגיין —
און האַלדז בלייבט שטיין דאָס טרוקן ברעקל ברויט.

מיר ווייסן שוין, מיר ווייסן, אַז נישט לאַנג
מיר וועלן זיין דאָ איינגעצוימט.
שוין נייען מיר די רוקזעק אויפן וועג —
שוין עפנט זיך פאַר אונדזער פוס דער תהום.

מיר שטרעקן שוין די העלדזער אויס אַליין
און ס'בלוט וועט פליסן פון אונדז וואַרעם, רויט.
ווי יעדן יידיש קינד דער אלף־בית
איז אונדז באַוואָנט דער חלף און דער טויט.

ל. געטאָ 1943

## ח. נעבן קעלנער דאָם

נעבן קעלנער דאָם,
היינטערן קעלנער דאָם
דריי שאָטנס פליסטערן;
אַז מען הערט זיי קוים.

נעבן קעלנער דאָם,
היינטערן קעלנער דאָם
דריי שאָטנס פליסטערן:
— „פּאָגראָם, פּאָגראָם, פּאָגראָם!".

נעבן קעלנער דאָם,
הינטערן קעלנער דאָם
אין אַלטן בירקעלער
רינט און זידט דער שוים.

— „דער יוד, דער יוד, דער יוד —
אַ מעסער אים, אַ תהום!"
די זון — זי הענגט בלוט־רויט
איבערן קעלנער דאָם.

נעבן קעלנער דאָם,
הינטערן קעלנער דאָם
דריי שאָטנס פליסטערן:
— „פּאָגראָם, פּאָגראָם, פּאָגראָם!".

ל. געטאָ 1943

## ט. באַראַק נומער זעכצן

בלאָס איז געהאַנגען דער שניי ביים באַראַק נומער זעכצן,
דריי הונדערט קינדער — פאַרשפּאַרט דאָ דעם דריטן מעת־לעת.
וואָס העלפט זיי דאָס קלאָגן, דאָס בעטן, דאָס קרעכצן —
פאַרן טיר שטייט גרייט שוין די שוואַרצע עס־עס.

זיי פלאַטערן נאָך ווי עופות געשאָכטן,
ס׳וועט אפשר אַ נס צערייסן די צוימען.
פאַרן טיר — מיט דראָטן די שטעקנס געפלאָכטן —
באַלד פירט מען אַוועק זיי: צום גאַז? צום קוימען?

און אַז מען האָט זיי געפירט, אוי, אַקסלעך ווי שמאָל,
דריי הונדערט קינדער פון באַראַק נומער זעכצן —
האָט קיינער אויף וועג נישט געזאָגט „שמע ישראל" —
ווייל טויט געוועזן שוין זייער כליפּ און דאָס קרעכצן.

ל. געטאָ 1942

# אינהאַלט

## ד. געטאָ־משלים 303

# דערשינענע ביכער פון ישעיהו שפיגל

יידיש:

**מיטן פנים צו דער זון**
לידער
פאַרלאַג „אַלפאַ", לאָדזש, 1930

**מלכות געטאָ**
נאָוועלן
פאַרלאַג „דאָס נייע לעבן", לאָדזש, 1947

**שטערן איבערן געטאָ**
נאָוועלן
פאַרלאַג „יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק" ביי דער אָרגאַניזאַציע
פון די פוילישע יידן אין פראַנקרייך, 1948

**מענטשן אין תהום**
נאָוועלן
פאַרלאַג „איקוף", בוענאָס־איירעס, 1949

**און געוואָרן איז ליכט**
לידער
פאַרלאַג „יידיש־בוך", וואַרשע־לאָדזש, 1949

**ליכט פונעם אָפּגרונט**
נאָוועלן
פאַרלאַג „ל. מ. שטיין פאָלקס־ביבליאָטעק" ביים אַלוועלטלעכן
יידישן קולטור־קאָנגרעס פאַראייניקט מיט „ציקאָ", 1952

**ווינט און וואָרצלען**
נאָוועלן, „ציקאָ", 1955

**די בריק**
נאָוועלן
פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, 1963

**פלאַמען פון דער ערד**
ראָמאַן
פאַרלאַג „ישראל־בוך", תל־אביב, 1966

**שטיגן צום הימל**
ראָמאַן
פאַרלאַג „י. ל. פּרץ", תל־אביב, 1966

**געשטאַלטן און פּראָפילן**
ליטעראַרישע עסייען — ערשטער בוך
פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב, 1971

**די קרוין**
דערציילונגען
פאַרלאַג „ישראל־בוך", תל־אביב, 1973

**שטערן לייכטן אין תהום**
געזאַמלטע דערציילונגען — צווייטער בענד
פאַרלאַג „ישראל־בוך", תל־אביב, 1976

**צווישן תוו און אַלף**
לידער
פאַרלאַג „ישראל־בוך", תל־אביב, 1978

## לאורעאַט פון באַקומענע פרעמיעס:

1. קעסל־פרייז, מעקסיקע, 1952 (פאַרן בוך „ליכט פונעם אַפּגרונט).
2. בימקאָ־פרעמיע, 1953 (פאַר דער נאָוועלע „דער פלייענדיקער הירש" — גאָלדענע קייט, נר. 18).
3. פרעמיע פון אַלוו. ייד. קולטור־קאָנגרעס אין פראַנקרייך, 1955 (פאַרן בוך „ווינט און וואָרצלען").
4. פרעמיע פון ייד. פּ. ע. ן. ־ צענטער, ניו־יאָרק, 1966 (פאַרן ראָמאַן „שטיגן צום הימל").
5. געניע־לעווי־פרעמיע, תל־אביב, 1968 (פאַרן בוך „פלאַמען פון דער ערד").
6. איציק מאַנגער־פרעמיע, 1972 (פאַר זיין כוללדיק שאַפן אַלס פראַזאַיקער, דיכטער און עסייִסט־קריטיקער).
7. יעקב פיכמאַן־פרעמיע, 1975 (פאַר זיין כוללדיק שאַפן).
8. יעקב גלאַטשטיין פרעמיע (1977).
9. ראש־הממשלה פרעמיע (1979).
10. ערן־פרעמיע פון ייד. שרייבער־פאַריין (1981).
11. פרייז פון סוכנות (דולצין) והציונות העולמית (1982).

